רפאל פּאָזנער

# אַמענטש אין וועג

איקוף איקוף פאַרלאַג

ניו־יאָרק, נ. י.

REFOEL POSNER

# A MENTSH IN WEG

דאָס בוך איז רעדאַגירט דורך
יעקב מעסטל

Published by
YIDDISHER KULTUR FARBAND (YKUF)
189 Second Avenue, New York 3, N. Y.

1954



Printed in U.S.A. by
Aber Press, Inc., 37 East 18th Street, New York, N. Y.

**צום אייביקן אָנדענק**

פון מיין מוטער

**פּערל־יהודית**

מיינע שוועסטער

**טויבע־גיטל, ריוושע און איידל**

און זייערע מענער און קינדער

מיין ברודער

**משה׳לע**

און זיין פרוי און קינדער

פאַרפּייניקט אין פּוילן און פּאַריז
דורך די נאַצים ימ״ש.

# אינהאַלט



I



II

## III

## בילדער:

## אַריינפיר

דאָס בוך „אַ מענטש אין וועג" נעמט אַריין זכרונות פון קינדער־יאָרן, רייזע־איינדרוקן און איבערלעבונגען פונעם מחבר, ווי אַ וואַנדערנדיקער אַרבעטער, ווי אויך דעם פאַר־צייכנטן רעפּאָרטאַזש, בעת זיין באַזוך אין אייראָפּע נאָך די בלוטיקע געשעענישן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פונעם יידישן חורבן.

„איך האָב אָנגעהויבן מיינע פאַרצייכענונגען, ווי אַ טאָג־בוך — דערציילט דער מחבר — נאָך אין יאָר 1923. אָבער אין מיינע וואַנדער־טעג איז מיר דאָס פאַרשריבענע פאַרלוירן־געגאַנגען, און איך האָב געמוזט שפּעטער אָנהויבן אויפסניי פאַרצייכענען אַלץ פון זכרון. איך פּרעטענדיר ניט דעריבער אויף היסטאָרישער פּינקטלעכקייט און מייד אַפילו אוים אָנ־צוגעבן דאַטעס. — —

„אין קיין אוניווערסיטעטן בין איך ניט געגאַנגען. דאָס ביסל קענטעניש, וואָס איך האָב זיך דערוואָרבן, איז דורך מיין אייגענער מי, — אַדאַנק דעם פּראָגרעסיוון קרייז, פון וועלכן איך בין אַ טייל, און וואו מען האָט מיך געלערנט שטרעבן צו וויסן, צו שיינקייט און צו ריינקייט פון מענטש־לעכע טאַטן. איך קאָן דעריבער אויך ניט פּרעטענדירן אויף אַ ליטעראַרישן סטיל".

דווקא אין דעם באַשטייט דער ווערט פון רפאל פּאָזנערס בוך. מיר זיינען געוואוינט צו לייענען דערינערונגען פון באַ־קאַנטע פּערזענלעכקייטן. יעדער שטריך פון זייער לעבן מאַכט פאַר אונדז קלאָרער זייער טעטיקייט. אָבער וואָס גרעסער די פּערזענלעכקייט, אַלץ מער זיינען די זכרונות

באהאפטן מיט אינדיווידועלע אייגנארטיקייטן, וואס זיינען מייסטנס ניט גאנץ כאראקטעריסטיש פאר זייער סביבה. בעת דער פאלקסמענטש, וואס דערציילט „ווי די צונג איז אים געוואקסן", אן צוגעטראכטע ליטעראַרישע פליטערלעך, מוז אפט, ווי די פלאסטינקע, איבערקאפירן דאס דורכגעלעבטע, וואס איז געוויינלעך יא כאראקטעריסטיש פאר זיין גאנצן מיליע. אזוי ארום באקומען מיר פון דעם איבערדערציילטן דעם אלגעמיינעם קאלאריט פון א סביבה.

אויך רעפארטאזש האט ענלעכע אייגנשאפטן. דער פראפעסיאנעלער רעפארטער קומט מיט דער כוונה עפעס „אויסצופארשן". ער מוז דעריבער אפקלייבן פאסיקע איינצלהייטן, וואס זאלן דינען אויסשליסלעך זיין באשטימטן צוועק, און ווערט מיט דעם, נישטווילנדיק, איינזייטיק אין זיין „דערזען" און אויסטייטש. דער „פראפאן" ווייסט נישט פון אט-די פראפעסיאנעלע וועגן. ער דערציילט אונדז, אויב ער איז ערלעך, וואס ער האט געזען און געהערט, — אן זייטיקע פניות. זיינע איבערדערציילטע איינדרוקן ווערן אויף דעם אופן פיל אביעקטיווער.

אזא איינדרוק בלייבט, ווען מען לייענט דורך רפאל פאזנערס „א מענטש אין וועג". אפילו זיינע פערזענלעכע באמערקונגען נאך א דורכגעלעבטן געשעעניש, אדער נאך א נאכדערציילטן עפיזאד, שטאמען נישט פון א באצוועקטער כוונה, נאר פון ריין-מענטשלעכן רעאגירן אויף זאכן.

דאס בוך, געשריבן מיט א סך פשטות, ווייזט אבער אויך בפירושע סימנים פון ר. פאזנערס שרייבערישע פעאיקייטן. באזונדערס זעען מיר דאס אין די קאפיטלעך, וואס שילדערן די טעג פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, און נאך מער אין זיינע נאטור-באשרייבונגען. ווען פאזנער וואלט זיין א מאלער, וואלט ער זיכער געווען א פייסאזשיסט. ניט וויניקער האט ער ליב בעלי-חיים, וועלכע ער שרייבט אפט צו מענטשלעכע מידות.

פון נאַטור, ווייזט־אויס, אַ גוטמוטיקער, ווערט ער אָבער דערצאָרנט, ווען ער זעט אוממענטשלעכקייט ביי מענטשן. בפרט קאָן ער נישט פאַרטראָגן סאָציאַלע מחיצות צווישן ראַסן, און ווערט באַזונדערס אָן אויפגעקאָכטער ביים אָנבליק פון סאָציאַלע דיפערענצירונגען צווישן רייך און אָרעם. דאָ רעדט שוין דער פראָטעסט פונעם פּראָגרעסיוון אַרבעטערקלאַס.

צוליב דערזעלבער סיבה האָט אויך פאַזנער ליב דאָס אַרבעטער־ליד. מיר הערן עס אים זינגען ביי יעדער גע־לעגנהייט. נאָך אַ חדר־יינגל, האָט ער די לידער געהערט פון די וועבער־געזעלן ביי זיין טאַטן אין וואַרשטאַט, און שפּעטער אויך אויף „זאַבאַסטאָווקעס״. ער האָט, אַפנים, בכלל ליב אַ ליד. דאָס זעט מען פון דער צאָל קינדער־לידער, וואָס ער האָט איבערגענומען אין זיין זכרון. די מערסטע פון זיי זיינען באַקאַנטע לידער, וואָס די פאָלקלאָריסטן האָבן שוין מסתם אויפגענומען אין זייער רעגיסטער. אָבער איי־ניקע וואַריאַנטן ווייזן־אויס צו זיין ניי, און מיט דעם האָבן זיי אויך אַ ווערט פאַרן יידישן פאָלקלאָר.

ענלעכס קאָן געזאָגט ווערן וועגן די פּאַטאַס, וואָס זיינען אַריין אין דעם בוך. אַ טייל פון זיי זיינען ספּעציעלע אויפנאַמעס און האָבן אַ געוויסן דאָקומענטאַלן ווערט.

הגם דער מחבר האָט שוין פריער געהאַט געדרוקט אין דער פּרעסע סקיצן און דערציילונגען פון זיינע רייזעס און קינדער־יאָרן, דאַרף אָבער זיין בוך באַטראַכט ווערן, ווי אַן ערשטלינג אויפן שרייבערשן געביט. די רעדאַקציע האָט זיך דערינבער באַמיט — אויף ווי ווייט מעגלעך — אָנצו־האַלטן דעם מחברס אייגענעם סטיל, מיט דער גאַנץ אָפטער סקיצנהאַפטיקייט און געוויסע טעכנישע בלויזן, אַפילו מיט אַלע שפּראַכלעכע קנייטשן פון זיינע לאָקאַליזמען און שטיי־גער.

ר. פאַזנער האָט, ווי ער גיט איבער, געלייענט פריער זיין מאַנוסקריפּט פאַר פריינט און עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע יידישע שרייבער, וועלכע האָבן געשאַפן אַ קאָמיסיע אויף „אָפּצושאַצן דעם ווערט" פון דאָזיקן מאַנוסקריפּט. ערשט אויף זייער עצה, און דער עיקר נאָך דער דערמוטיקונג פונעם דיכטער ז. וויינפּער, איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט, וואָס האָט איבערגעגעבן דעם מאַנוסקריפּט צום דרוק אין פאַרלאַג „איקוף".

„ביי מיר איז עס געוועזן אַ חלום — שרייבט מיר רפאל פאַזנער — און איך האָב אָפט געצווייפלט צי דער חלום וועט פאַרווירקלעכט ווערן. דעריבער מיין אויפריכטיקן, הארציקן דאַנק צו די אַלע, וואָס האָבן מיר מיט ראָט און טאָט געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם חלום".

אָבער אַ שרייבערס חלום ווערט פאַרווירקלעכט ערשט, ווען דער לייענער געניסט פון זיין מי. ס'איז צו האָפן, אַז דער ברייטער יידישער פאָלקס־לייענער וועט אָנערקענען דעם ווערט פון דעם מחברס באַשטרעבן.

יעקב מעסטל

ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1954.

# I

## דאָס שטעטל

דאָס שטעטל ליטאָמירסק — אַ פּופּצן וויאָרסט פון לאָדזש — איז געווען גרויס ווי דער מאַרק, דער מאַרק — גרויס ווי די מקוה, און די מקוה איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט אַריינגענומען יעדן פרייטיק אַלע יידן פון שטעטל, שוין אַריינגערעכנט די דאָרפסגייער, וואָס פלעגן אַהיימקומען יעדן ערב שבת צו ווייב און קינדער. אין דער מקוה איז געשטאַנען אַ טוץ היל־צערנע, גרויסע, מגושמדיקע וואַנעס, וואָס האָבן אַריינגענומען עט־לעכע לאַנגע און קורצע יידן, און צווישן זיי האָבן זיך נאָך אַריינ־געפּלאָנטערט אַ פּאָר קינדער. כדי אַריבערצושפּאַנען די וואַנעס, האָט מען באַדאַרפט האָבן לאַנגע פיס. קליינע ייִנגלעך האָט מען געמוזט אונטערהייבן, און אַבי זיי זיינען שוין געזעסן אויפן ראַנד, האָבן זיי זיך שוין ווי־עס־איז אַריינגעקאָלערט אויף עמיצנס קני און גענומען זיך פּליעסקען אין וואַסער.

עס זיינען אויך געווען קלענערע וואַנעס, וואו נאָר צוויי מענטשן האָבן זיך געקאָנט באַזעצן, און אַפילו וואַנעס בלויז פאַר איין מענטש. אָבער אָט־די וואַנעס זיינען געשטאַנען אין באַזונדערע חדרים און יעדע וואַנע האָט געהאַט אַן אייגן שעפּעלע. דאָס איז געווען פאַר די נגידים פון שטעטל. ווען איינער פון באַזונדערן חדר האָט אַ געשריי געטאָן „אַ שעפּעלע וואַסער״, איז באַלד אויס־געוואַקסן דער בעדער מיט אַ שעפּעלע קאָכיק וואַסער אין האַנט.

דער מאַרק איז געווען ברוקירט מיט שפּיציקע שטיינער, נאָר אָרעמע קינדער און שפּרה נאָר האָבן געקאָנט לויפן איבערן מאַרק

באָרוועס, מחמת זייערע פּיס־פּלאַכן זיינען געווען האַרט, ווי פּאַ־
דעשוועס.

יידן האָבן געוואוינט אין מאַרק, און אַלע יידן האָבן געלעבט
פון מאַרק. יעדעס יאָר איז פאָרגעקומען אַ יאָר־מאַרק, צו וועלכן
מען האָט זיך געגרייט אַ גאַנץ יאָר. צו דעם יריד פלעגן קומען
יידן אויף בוידן און פורן אַפילו פון לאָדזש און שכנישע שטעט־
לעך.

קיין סך האָט דאָס שטעטל ניט באַדאַרפט, ווייל דער גאַנצער
בטחון איז געווען פריער אין רבונו של עולם, דערנאָך אין דער
„פּראָפּינציע״. וואָס האָט אַ ייד דען געדאַרפט? אַביסל ציגענע
מילך? ציגן האָבן אַלעמאָל אַרומגעבלאָנקעט אין מאַרק, און אַלע
האָבן געהאַט אַין פּנים; אָבער ווען עס איז געקומען צום מעלקן,
האָט זיך יעדער געפונען זיינס... קאַרטאָפליעס מיט קרויט, אַביסל
מייערן און זיסע ריבן האָבן זיך אַלעמאָל געפונען אין קעלער. אַ סך
יידן האָבן אַפילו געהאַט אַ שטיקל פעלד, האָט מען דערפון גענומען
וואָס גאָט האָט געגעבן. אין שטעטל האָבן זיך געפונען אַביסל
באַלמעלאָכעס — שניידער, קאַמאַשן־שטעפּער, היטל־מאַכער, ביי־
טאָרערינס און עטלעכע וועבער. די באַלמעלאָכעס האָבן געהאָלפן
דערהאַלטן דאָס שטעטל ביים לעבן, סיי דורך בייטן זיך מיט די
פּויערים פאַר עסנוואַרג און סיי פאַר אַביסל מזומן, וואָס האָט זייער
ווינציק צירקולירט צווישן יידן פון אַ גאַנץ יאָר. דאָס ביסל געלט,
וואָס האָט זיך יאָ געפונען אין שטעטל, איז געלעגן ביי די „ראָט־
שילדס״ פון דער „פּראָפּינאַציע״, וואָס האָט געהערט צו אַ פּריץ
און ר׳ משה האָט זי געהאַלטן אין אַרענדע. אַנשטאָט צו פאַרקויפן
בלויז שפּירט, האָט ר׳ משה דאָרט פאַרקויפט נאָך עפּעס... אַזוי,
אַז נאָך אַ פּאָר יידן האָבן זיך מפרנס געווען.

קיין קליידער האָט מען אויך נישט באַדאַרפט, — אַחוץ אַ ניי
כאַלאַט אויף פּסח, אָדער אַ פּאָר שטיוועלעך איין מאָל אין אַ יובל;
ווייל צוואַנציק יאָר נאָך דער חתונה זיינען נאָך אַלץ געווען די
קליידער ווי ניי... די איינציקע, וואָס האָבן זיך מלביש־ערומים
געווען, איז געווען דער גביר, און דאָס אויך נאָר איין מאָל אין אַ
שמיטה. ווייל מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַ נגידים האָט דאָס
שטעטל פאַרמאָגט? אַז דער שענסטער ייד האָט ניט געהאַט קיין
דריי הונדערט רובל צו סילוקן נדן. די עטלעכע הייזקעס, וואָס

האָבן געהאַט אַ פֿאַדלאָגע, זיינען געשטאַנען אָנגעגרייט פֿאַר די ליעטניקעס, וואָס פֿלעגן יעדן זומער קומען פֿון לאָדזש אויף דאַטשע. דעמאָלט איז געוואָרן פֿריילעך און לעבעדיק; דאָס אָכצן און זיפּצן האָט אַביסל אויפֿגעהערט, ווייל דאָס שטעטל האָט געקראָגן פּרנסה.

אַ שול איז אין שטעטל געווען אַ גרויסע, אַ שיינע, געבויט מיט ציגל און האָלץ, אַחוץ אַ פּאָר „חברהס" און „שטיבלעך". ווען דער שמש האָט געררופֿן „אין שול אַריין", האָט ער געגעבן דריי קלעפּ אין יעדן הויז. ווען ער האָט געגעבן בלויז צוויי קלעפּ, איז געווען אַ סימן, אַז אַ ייד אין שטעטל איז נפטר געוואָרן.

„דער רויטער וועג" — פֿאַרוואָס מען רופֿט אים אַזוי, האָט קיינער ניט געוואוסט — האָט געפֿירט צו די „פּיאַסקעס" און צום טייך, וואָס (ווי מען האָט געזאָגט) פֿליסט אַריין אַזש אין דער וואַרטאַ, און פֿון דאָרט אין דער ווייסל. דאָס טייכל, דורכזיכטיק, ווי קרישטאָל, האָט זיך געצויגן לענג־אויס הינטערן שטעטל, פֿאַרשטעלט פֿוןביידע זייטן מיטביימער און קוסטעס. געפֿלאָסן איז עס רואיק, געמיטלעך, אָן רעש, אָן פּרעטענציעס. קיין גרויסער געברויכער איז עס ניט געווען, — עס האָט זיך באַנוגנט איין מאָל אַ יאָר מיט אַ הונט. יעדן זומער, איידער די ליעטניקעס זיינען געקומען, איז פֿאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן די פֿריילעכע בשורה, אַז דאָס טייכל האָט שוין „אירס געהאַט" — אַ כלב איז דערטרונקען געוואָרן...

די ליעטניקעס, דאָס רוב פֿרויען, זיינען געגאַנגען די האָר פֿאַרקעמט מיט אַ „קאָקס" אין סאַמע מיטן שפּיץ קאָפּ, געטראָגן געבלימלטע קליידער מיט עלעגאַנטע פֿאַנטאָפֿלעך און האָבן אָנגעפֿילט דאָס שטעטל מיט יום־טובדיקייט און פֿריילעכקייט. דאָס האָט געפֿירט צו וויכוחים אין שטיבל צווישן די חסידים און אין פּאָליש צווישן די פּראָסטע באַלמעלאָכעס...

אין די הייסע תמוז־טעג פֿלעגן די ליעטניקעס אַוועק צום טייכל. אַרונטערגעוואָרפֿן די קליידער, זיינען זיי פֿאַר אַ רגע געבליבן שטיין מוטער־נאַקעט, זיך געלאָזט גלעטן פֿון מילדן ווינטל; אָבער באַלד אַרויפֿגעצויגן ווייסע, לאַנגע העמדער, די האָר אַרומגעבונדן מיט קאָלירטע סטענגעס, און מיט אַ „בו־רר" איינגעטונקען די ווייסע פֿיס אין קאַלטן וואַסער. אַ יונגע פֿרוי האָט, מעשה בריה, אַ שווים

געטאָן אין קרישטאָל־קלאָרן טייכל. אונטערן דורכזיכטיקן וואַסער האָט זי אויסגעזען ווי אַ שוועבנדיקער מלאך. פּלוצלינג האָט זי אַ הילכיקן קוויטש געטאָן! אַ קאָפּ פון אַ וואוילן־יונג האָט פון אַ קוסט אַרויסגעשטעקט און ווילד מיט הנאה געלאַכט...

⁂

אַז מען האָט באַדאַרפט חתונה מאַכן אַן אָרעמע מויד פון שטעטל, האָט מען זיך געווענדט צו דער פּראָפּינאַציע און אַנדערע נגידים. דערביי האָט דער עולם אויך געהאַט זיין שפּאַס. ווען שפרה נאַר איז מיט מזל אַ כלה געוואָרן פאַר אברעמעלע וואַסער־טרעגער און מען האָט אים אַריינגעפירט זען זיין באַשערטע, האָט שפרה פּונקט געהאַלטן אין אויסקנעטן טייג פאַר חלה. אַ טשיפּעליאַוועו איז זי געווען, האָט זי געזאָגט צו די געסט: „איידע קעיטע, איידע וואַגע, איידע קאָקע די לאָקע, דעווא הוזשטע זשעצע אַפּע קעטשע" (איידער קנעטן, איידער וואַלגערן, איידער קאָכן די לאָקשן, זאָל זיך דערוויל דער חתן זעצן אויפן קלעצל).

שפרה מיט אַברעמלען האָבן שפּעטער געהאַט אַ ייִנגל, האָט מען אים גערופן לייבעלע בענקאַרט. ער איז געווען אַ געראָטע־נער, אַ בלאָנדער מיט בלויע אויגן, און פלעגט ער אַריינקומען צו אונדז אין שטוב, האָט מען זיך געשושקעט...

געשעעענישן פון דער וועלט און נייעס פון לאַנד פלעגט אי־בערגעבן קלוטשינסקי דער באַראַבאַנטשיק. איין מאָל אַ וואָך פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אינמיטן מאַרק מיט אַ גרויסער פּויק, גע־נומען באַראַבאַנעווען, און ווען דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך פאַר־זאַמלט, האָט ער דערציילט וועגן יידישע גזירות, וואָס דער צאַר האָט אַרויסגעגעבן און וועגן פּאָדאַטקעס. מיט אים איז מיטגע־גאַנגען אַ שרייבער מיט לאַנגע וואָנצעס און קורצע שטיוועלעך. יעדנס נאָמען האָט ער, ווי מיט געבייזער אַרויסגעלייענט פון אַ פּאַפּיר. צומאַרגנס זיינען יידן געלאָפן צום שרייבער און האָבן פאַר עטלעכע גילדן זיך פאַרלייכטערט דעם קייסערס גזירות...

דער פּויקער האָט געהאַט נאָך אַן אַרבעט. יעדן אָוונט ניין אַזייגער איז ער אַוועק אין מאַרק און מיט אַ גרויסן גראַגער ניין מאָל געגראָגערט. צען אַזייגער האָט ער געגראַגערט צען מאָל, עלף

אַזייגער — עלף מאָל, און אַזוי אַרום האָט דאָס גאַנצע שטעטל גע־וואוסט ווי שפּעט ס׳איז.

קיין פליייש האָט דאָס שטעטל ניט געגעסן אַ גאַנצע וואָך. ערב שבת האָט מען געשאָכטן אַ קעלבל, איז געווען גענוג פאַר אַלע „געמיינע לייט". די נגידים האָבן געשאָכטן עופות. ערב יום־טוב האָט דאָס שטעטל געקוילעט אַ בהמה, וואָס איז אויך איינגעטיילט געוואָרן לויטן יחוס און פאַרמעגן. דער קצב האָט שוין געוואוסט וועמען צו באַהאַלטן דעם בעסטן חלק...

וואַסער האָט מען גענומען פון ברונעם, וואָס האָט זיך געפונען אויף יענער זייט מאַרק. איינמאָל, אַן ערב יום טוב, האָט חיה די גבאיטע געשיקט די דינסט נאָך וואַסער. די מויד האָט גענומען אַרויפציען דעם עמער, וואָס איז געווען צוגעפעסטיקט צו אַ שווע־רער פאַרזשאַווערטער קייט. די נאַכט איז צוגעפאַלן און גליטשיק איז געווען, האָט די מויד זיך אויסגעגליטשט און אַריינגעפאַלן אין ברונעם...

צומאָרגנס איז דאָס גאַנצע שטעטל געשטאַנען ביים ברונעם און זיך אַ נדר געגעבן, אַז פון היינט־אָן און ווייטער וועט יעדע באַלעבאָסטע צאָלן פינף קאָפּעקעס אַ וואָך און אברעמל וועט באַ־זאָרגן אַלעמען מיט וואַסער. פון דעמאָלט־אָן האָט שוין אברעמל זיך ניט באַדאַרפט זאָרגן וועגן פּרנסה. פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג האָט ער געשפּאַנט איבערן מאַרק מיט צוויי פולע קאַנען, — דאָס שטעטל האָט אים געגעבן פּרנסה.

לאַנג נאָכדעם, ווי מ׳האָט די מויד אַרויסגעצויגן פון ברונעם, האָט מען אין די אָוונטן ניט געטאָרט אויסגיסן קיין אומריין וואַ־סער אויפן הויף, אָדער אין גאַס. און האָט מען עס יאָ געטאָן, האָט מען געמוזט זאָגן דריי מאָל: „גייט אַוועק, גייט אַוועק, גייט אַוועק". ביינאַכט האָט יעדע פרוי געמוזט טראָגן אַ פאַרטוך. אין יעדן הויז האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ גלאָז וואַסער אויפן פענצ־טער, — פאַר דער מוידס טויטער נשמה, זי זאָל זיך קאָנען טובלען.

איידער דער שמש האָט איינדערפרי געעפנט די טיר פון בית־מדרש, האָט ער דריי מאָל אָנגעקלאַפּט, כדי די נשמות זאָלן צוריק אַרויף אין הימל. אין די אָוונטן זיינען די קינדער די שול ניט פאַרבייגעגאַנגען, כדי ניט צו שטערן דאָס דאַווענען פון די מתים...

אַ צאָן אָן אַ צאָן פלעגט מיר קלאַפּן, ווען איך האָב געהערט דער־ציילן די מעשות...

****

ס'איז שבת בין־השמשות. די מאַמע איז שטענדיק געווען אַ זאָגערין אין שול. אַרום איר זיינען אַלעמאָל געזעסן ווייבער, יונגע און אַלטע, ווען זי האָט געדאַוונט, געלייענט דעם טייטש־חומש, אָדער אַריינגעקוקט אין „צאנה וראינה". די מאַמע האָט געזאָגט,



פּערל־יהודית פּאָזנאַנסקי

(ר. פּאָזנערס מוטער, אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ)

און די ווייבער האָבן געהאָלפן וויינען... איצט, אָפּגעזאָגט „גאָט פון אברהם״, זיצט די מאַמע אין פראָנט פון הויז, די קינדער אַרום איר, און וואַרט, אַז דער טאַטע זאָל קומען פון שול מאַכן הבדלה. דערוויל דערציילט זי אונדז מעשהלעך און זינגט אַ לידל:*)

„שפּיץ בוידעם אָן דער ערד,
אַלע שטיבעלעך אויסגעקערט,
אַלע בעטעלעך אויפגעבעט,
אַלע מיידעלעך אויסגעגלעט.

קומט אַריין די מימע
מיט דער שיינער בלימע,
קומט אַריין דער פעטער
מיט די גרינע בלעטער.

קריכט אַריין די באָבע
מיט דער לאַנגער שאָבע,
דערזעט זי דעם זיידע,
טאַנצן אַלע ביידע״.

די קינדער בעטן נאָך, און די מאַמע זינגט מיט איר ווייך, סאַמעטן קול:

„איינס, צוויי, דריי,
די קאָליע פאָרט פאַרביי;
איידער ס׳מיידל טוט זיך אָן
איז שוין האַלב דריי״.

דער טאַטע איז געקומען אַביסל שפּעטלעך. ער האָט באַלד געמאַכט „הבדלה״, אויסגעגאָסן אויפן טיש אַביסל בראָנפן, איינגע־

*) דאָס דאָזיקע ליד, ווי אַלע ווייטערדיקע קינדער־לידער, פאָלקס־ און פורים־לידער, און אויך די געהערטע רעוואָלוציאָנערע לידער, גיב איך איבער, ווי זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיין זכרון. עס עקזיסטירן מסתּם נאָך אַנדערע ווערסיעס פון זיי; און מעגלעך, אַז אין משך פון יאָרן האָבן זיי אויך שטעלנ־וויין אין מיין זכרון אָנגענומען געענדערטע וואַריאַציעס. — דער מחבר.

טונקען די הבדלה און די שפּיץ־פינגער, אַריינגעשטעקט די הענט אין די קעשענעס, און דערביי אונטערגעברומט „המבדיל בין קודש לחול״...

פלוצלינג איז געוואָרן אַ טומל. דער הימל איז רויט געוואָרן — ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ פייער אין שטעטל! די פייער־לעשער זיינען געלאָפן מיט אַ וועגעלע, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַ גרויס, הילצערן פאַס. קאַזשמיר איז געווען איינגעשפּאַנט אין וועגעלע, ווי אַ פערד, להבדיל. דאָס שטעטל איז געגאַנגען כאָדאָראָם. בהמות האָבן געבריוועט, ציגן האָבן גענומען לויפן, פערד האָבן געהיר־זשעט.

די קינדער האָבן גאָר אַנגעקוואָלן...

# משנה מקום, משנה מזל

אין מיין מעטריקע איז פאַרשריבן, אַז איך בין געבוירן געוואָרן דעם צוואַנציקסטן פעברואַר 1898. עס קאָן זיין, אַז עס איז אַזוי... איך בין געווען דאָס פינפטע קינד ביי מיין מאַמע, פערל יהודית, שמואל-לייב קלויסקעס טאָכטער. און יעדע צוויי יאָר איז געבוירן געוואָרן פרישע זאָרג פאַרן טאַטן און דער מאַמען... ניין קינדער זיינען מיר געווען, — פיר ייִנגלעך און פינף מוידן. דעמאָלט איז מיין מאַמע נאָך קיין פערציק יאָר ניט אַלט געווען.

דער טאַטע איז געווען דאַר און הויך, מיט אַ שיטער, געל בערדל און אויסגעלאָשענע אויגן. די קינדער אין גאַס האָבן געזאָגט: „דיין טאַטע האָט די געלע זעכט". ער איז געווען אַ שטרענגער טאַטע, און פאַנאַטיש פרום. שבת האָט מען אין הויז ניט געטאָרט זיך וואַשן מיט זייף, ניט פוצן קיין שיך, זיך נישט קעמען די האָר און נישט רעדן קיין פוליש. שבת ביים טיש פלעגט ער זינגען זמירות אָן התפּעלות. אַמאָל האָב איך אים געהערט זאָגן: „ויתן לך, קיין געלט איז נישטאָ" — און פאַרענדיקט האָט ער מיט אַ זיפץ...

דער טאַטע איז קיינמאָל צום רבין ניט געפאָרן, — צי דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל ער איז ניט געווען קיין חסיד, אָדער מחמת ער האָט ניט געהאַט צו געבן דעם פּדיון פאַר אַ קוויטל...? און קוויטלעך האָט דער טאַטע, נעבעך, געדאַרפט האָבן עטלעכע: פאַר פּרנסה, שלום-בית, געזונט, און אַנדערע קלייניקייטן, וואָס אַ מענטש קאָן זיך אָן דעם ניט באַגיין...

אַז עס איז צוגעקומען נאָך אַ „פּרעסער", איז די שטוב געוואָרן קלענער און די נויטן גרעסער. אַפּנים, אַז אין שטעטל איז אויך געוואָרן ענגער. אַ סימן — דער טאַטע, יחיאל-יצחק פּאַז-

נאָנסקי, אַ לויִך־וועבער, האָט גענומען טראַכטן זיך צו באַזעצן אין לאָדזש. דאָרט האָט געוואוינט די משפחה פון טאָטנס צד. אָבער אַזוי לייכט צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל איז ניט אָנגעקומען. שווער געווען צו באַשליסן.

דער זיידע, אַ שניידער, אַ לאַטוטניק, אַ דאָרפסגייער, האָט ניט געוואָלט, אַז די טאָכטער זאָל אַוועק פון שטעטל. איז ער אַריינגעקומען צום טאָטן אין הויז און דערציילט אַזאַ משל: ר׳ שייע דער גאַרבער האָט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס שטעטל. איז ער אַרויף אויפן בוידעם אַוועקטראָגן שמות אין שול אַריין. ערשט ער טוט אַ קוק, — דער דלות טאַנצט. — וואָס איז די גדולה? וואָס פרייסטו זיך? — פרעגט ר׳ שייע. ענטפערט אים דער דלות: „ביז איצט בין איך מיט דיר מיטגעגאַנגען פון הויז צו הויז, פון דאָרף צו דאָרף — וואו נאָר דו האָסט אַריינגעשטעלט אַ פוס, בין איך געווען דער ערשטער. דאָס האָט מיך אויסגעמאַטערט. נאָר איצט, אַזוי ווי דו קלייבסט זיך פאָרן, וועלן מיר פאָרן צוזאַמען. טאַנץ איך״...

— געדענק, מיין איידעם, — זאָגט דער זיידע, — פון נויט קאָן מען ניט אַנטלויפן, עס איז אַ מזל־זאַך...

האָט מען געטראַכט, זיך געישובט, און דער טאַטע האָט באַשלאָסן, אַז יאָ: „משנה מקום, משנה מזל״ — מע פאָרט זיך באַזעצן אין דער גרויסער שטאָט.

אויף אַ לאַנגן, געפלאָכטענעם לייטער־וואָגן האָט זיך דאָס גאַנצע בני־בית געטראַסקעט אַ גאַנצן טאָג. דאָס קליינוואַרג איז געלעגן אויפן בעט־געוואַנט. די צוויי פיצלעך קינדער, זאַנוול און זיסל, האָט די מאַמע געהאַלטן אויפן שויס און זיי צוגעזונגען:

„עלע, מעלע, יאָסקע,
אַ שוואַרצע כלה האָסטע,
רויטע שיכעלעך גייט זי,
אויפןביימעלע שטייט זי.

צע־וואָס טויג איר ס׳ביימעלע?
בלעטעלעך צו רייסן.
צע־וואָס טויג איר די שיכעלעך?
אין דער וועלט צו שפּרייזן״.

און באַלד אַן אַנדער לידל:

„טענץ, טענץ, טענץ —
שאָקלען זיך די קרענץ,
שאָקלט זיך דער מאָרגן־שטערן,
מאָרגן וועט זיסל אַ כלה ווערן".

האָבן אויך די קינדער זיך צעזונגען:

„אַלעף, בעיז,
גימל, רעיש,
טאַטע, מאַמע, גיב אונדז פלייש.
נישט קיין סך און נישט קיין ביסל,
נאָר אַ פולע שיסל"...

אין דעם שטעטל קאָנסטאַנטין, וואָס איז געווען אינמיטן וועג, האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ביי דער מומע רחל־מרים.

דער פעטער איז געווען אַ שניידער, געוואוינט אין מאַרק. ברויט האָבן מיר מיטגעהאַט אייגנס און צוקער אויך, האָט די מומע דערלאַנגט טיי מיט איינגעמאַכטס. מיר האָבן אָפּגעגעסן, די צוויי שוועסטער האָבן זיך צעקושט און צעוויינט, און — היי־דאַ צוריק אַרויף אויפן וואָגן. דער פויער האָט אַ שמיץ געטאָן מיט דער בייטש, דער וואָגן האָט אַ קרעכץ געטאָן און מיטן גאַנצן כוח האָט דאָס פערדל אַ שלעפּ געטאָן אַזוי, אַז מיר האָבן געזען יעדע ריפּ פון דעם דאַרן פערדל.

און אַזוי צוביסלעך, פּאַמעלעך, זיינען מיר אָנגעקומען אין דער גרויסער, פרעמדער וועלט, וואָס רופט זיך לאָדזש.

# איך בין אַן איבעריק קינד

**אויף** זגערזשער גאַס 92 איז געשטאַנען אַ הילצערן הויז מיט אַלטע דאַך־שינדלען. דאָס הויז האָט געהערט צום טאַטנס משפּחה, קצבים פֿון סטאַרעוויעזש. זיי זיינען געווען באַקאַנט אין לאָדזש ווי די „כאַבילאָקעס". דאָס הויז, די גאַס, ווי דער גאַנצער אַרום איז געווען גרוי — קיין ביימל, קיין גרעזל. עס האָט אויסגעקוקט, ווי מיר זיינען באַר־וואָס אַרויס פֿון אַ גרינער לאָנקע און אַריין אין אַ זאַמדיקער וויסטעניש.

אין דער גרויסער שטאָט לאָדזש האָט מען פֿאַר מיר קיין אָרט ניט געפֿונען. צו אַרבעטן בין איך געווען צו קליין, אַפֿילו צו גיין אין חדר נאָך צו יונג, און די שטוב איז געווען צו ענג. ברויט האָט אַלע מאָל אויסגעפֿעלט, ווייל ברויט האָט מען באַדאַרפֿט קויפֿן ביים בעקער; נישט ווי אין שטעטל, וואו די מאַמע האָט אַליין געבאַקן יעדן דאָנערשטיק חלה מיט ברויט, וואָס האָט געקלעקט אויף אַ גאַנצער וואָך.

„וואָס טוט מען מיט דעם פּרעסער? ער שלינגט דאָך אַלץ איין מיט די קאָפּיטעס", האָט זיך דער טאַטע באַקלאָגט מער פֿאַרן רבונו־של־עולם, ווי פֿאַר מענטשן. און די מאַמע האָט געקוקט מיט רחמנות־אויגן אויף מיר...

טאַטע־מאַמע האָבן זעלטן צווישן זיך גערעדט. אַז מען האָט באַדאַרפֿט עפּעס, האָט מען געשיקט די קינדער: — גיי זאָג דעם טאַטן ער זאָל געבן אויף שבת"... „גיי זאָג דער מאַמען, אַז דער פֿאַבריקאַנט האָט היינט נישט געגעבן די 'וויפּלאַטע', ער האָט ניט געצאָלט"...

ווען טאַטע־מאַמע האָבן באַדאַרפֿט באַשליסן וואו דעם „פּרעסער" צו באַשטאַטן, האָט זיך דער טאַטע געזעצט אויפֿן ברעג פֿון הילצערנעם בעט און גענומען איינטעגהן. די מאַמע האָט גע־

האַלטן דעם רעכטן פוס אויפן „ביעגן" פון וויגל, וואו ס'איז גע־לעגן מיין ברודערל זאַנוול, צוגלייך געשטריקט אַ זאָק, כאַפּנדיק שנעל די „אויגן", און בלויז אָפּגעהאַקט געענטפערט: —יאָ — ניין — אפשר?... דער טאַטע האָט טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן לאַנגן בערדל און געשעפּטשעט: — ר'עט דאָרט הונגערן ביי די אָרעמע זיידע־באָבע...

ביז איינמאָל אַ פרייטיק, ווען עס האָבן געמאָנען פייפן די פאַבריק־קוימנס, נעמט מיך דער טאַטע אַרויס פון שלאָף־באַנק, טראָגט מיך ווי שלח־מנות צו דער „ריסאַרע", — אַ וואָגן מיט אַ ברוין, מאָגער פערדל, וואָס איז געשטאַנען פאַרן טויער, און טוט אַ זאָג צום באַלעגאָלע: „נאָך ליוטאָמירסק, דאָס איז שמואל־לייב־קלויסקע־גראַנאַס אייניקל"...

דער פורמאַן איז געווען אָנגעטאָן אין אַ לאַנגן כאַלאַט און אַ רונדיק, יידיש היטעלע פון געוואַנט, מיט אַ געזונט, רויט פּנים און אַ שוואַרץ, אונטערגעשוירן זיידן בערדל. ער האָט זיך גע־ווישט מיטן אַרבל דעם שטערן און אונטערגעזונגען: „ווען איך האָב אַזאַ בן־יחיד, וואָלט איך געגומען צוויי בעכערלעך בראָנפן יעדן פאַרטאָג. נאָר גאָט איז אַ פאָטער — שיקט ער ניט קיין מכה, שיקט ער אַ בלאָטער"...

— נו, יאָ — האָט ער אַ מאַך געטאָן צו מיר, נאָכדעם ווי דער טאַטע איז אַוועק — דער זיידע וועט דיך אַזוי האַלטן, ווי לאָדזש וועט ווערן אַ פרומע שטאָט...

אַ יידענע, וואָס איז געזעסן אין וואָגן און בשעת־מעשה געשיט קרישקעלעך אין מויל אַריין, האָט אויף מיר רחמנות געקראָגן: — ווילסט עפּעס אַ קיי טאָן, יינגעלע? — און זי האָט אַרויסגעשלעפּט אַ בייגל פון איר טאָרבע.

ביז מיר זיינען אַרויסגעקומען הינטערן שטאָט, איז דער וואָגן שוין געווען פול מיט מענער און פרויען „פאַרשוינען", — סוחרים און „פשעקופקעס", וואָס זיינען געפאָרן אויפן טאָרג נאָך קאָנס־טאַנטין און קיין ליוטאָמירסק זיך גרייטן צום יאַר־מאַרק. די גע־שטעלן און בוידן האָבן זיי נאָכגעפירט אויף אַ צווייטן וואָגן.

דער וואָגן האָט געטראָסקעט איבער שטיינער און זאַמדיקע גריבער, פאַרביי גרינע לאָנקעס, וואו באָרוועסע קינדער האָבן גע־ריסן גרעלע בלימעלעך און אַרויסגעשטעקט אַ צונג די פאַרביי־

פאָרער ; פאַרביי וועלדער און פעלדער, וואו עס האָבן זיך גע־פּאַשעט קי, פערד און שעפּסעלעך מיט געדרייטע הערנער, און אויף וועלכע אָנגעפילטע גאָלדענע זאַנגען האָבן זיך צו דער ערד גע־בויגן און געוועזן רייף פאַרן שניט.

איבערן גאַנצן וועג ביי די זאַמדיקע שליאַכן זיינען געשטאַנען דרענגער מיט קליינעקע הייזלעך און שיפּע דעכעלעך איבער זיי אין די הייזלעך האָבן זיך געפונען „יויזלען", באַהאָנגען מיט פאַר־וויאַנעטע בלומען, קרענצלעך פון נאָדל־ביימער און קאָלירטע אָפּ־געבליאַקעוועטע סטענגעס. אַ גוי, וואָס איז געפאָרן אין וואָגן, האָט געהאַלטן אין איין צלמען זיך, און די יידן האָבן זיך צופרידן גע־שושקעט וואָס דער „ערל" צלמט זיך — ווייל „מיט אַ גוי, וואָס צלמט זיך נישט, טאָר מען ניט פאָרן"...

אַריינגעקומען אין שטעטל זיינען מיר שפּעט נאָכמיטיק. אַ פּאָר געפלעקטע קי האָבן אַרומגעבלאָנקעט אין מאַרק און באַגעגנט די געסט מיט אַ טיפן, אויסגעצויגענעם מ־ע־ע.

דער זיידע האָט געוואוינט לעבן מאַרק אין אַ אייגענער שטוב. די טיר איז געווען ברייט אָפן. האָב איך אַריבער געשפּרייזט אַ דיקע בעלקע, וואָס איז געלעגן אין דער ברייט, ווי אַ שוועל, און בין אַריינגעפאַלן ווי אין אַ גרוב אויפן ערדענעם דיל.

די באָבע האָט זיך געפאָרעט ביים באַק־אויוון. „סקאָצל קומט!". האָט זי אַ זאָג געטאָן, ווען זי האָט מיך דערזען. זי האָט זיך ניט געריכט אויף דעם „אָנשיקעניש"...

דער זיידע, וואָס האָט געהאַלטן אַ מלבוש אויף די קני און געצויגן אַ נאָדל־פאָדעם, האָט אַ מאַך געטאָן : „גוט מאָרגן, רע־טעך־טראָגער" !

אויף מיין „גוטן אָוונט" האָט ער קוים געענטפערט „אַ גוט יאָר", האָט ווי אַ טויב אַ וואָרקע געטאָן צו דער באָבע זיסל : „כ'האָב טאַקע געהערט, אַז אַן אָנגעלייגטער גאַסט קומט", און האָט מיך צוריקגעשיקט קושן די מזוזה.

**
*

אויפן וואָנט ביי מיין זיידן האָט געהאָנגען אַ לאַנגער, שמאָלער, הילצערנער זייגער מיט אַ הויכן געזימס און לאַנגע, מעשענע וואָגן. אויף ביידע בעטן איז געלעגן צו פיר קישנס, — איין קישן גאָר

גרויס, די איבעריקע קלענער, קלענער, — ביז צום סופית. צווישן די בעטן איז געשטאַנען אַ שויבנשענקל מיט הויכע מעשענע לייכ־טער און גלאַנציקע גלעזער, אוןביים פענצטער — אַ מאַסיווער, דעמבענער קליידער־שאַנק.

פון יענער זייט פענצטער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ משופּע־דיקער באַרג, וועלכער איז געווען באַוואַקסן מיט הויכע, ווילדע גראָזן. צופיסנס פון באַרג האָבן זיך געפּאַשעט שאָף און רינדער. אַביסל ווייטער האָט זיך געפונען אַ שטייענדיק וואַסער, וואָס איז געווען באַדעקט מיט „גאָלד" און פּיצינקע זשאַבעלעך האָבן זיך געפילט גליקלעך אין דעם גרינעם טייכל.

איינמאָל בין איך געגאַנגען אַהין רייסן אַגרעס. אַ ייִנגעלע אַ דאַרס, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, איז געזעסן אין שאָטן פון אַ באַ־צווייגטן, נידעריקן צעשפּאָלטענעם בוים, האָט געהאַלטן אַ פייפל צווישן זיינע בלאַסע ליפּעלעך, און אַרויסגעבלאָזן דינענקע קלאַנגען. ווען דאָס ייִנגעלע מיט די צעפּאַלאָשעטע, קאַלטענעוואַטע האָר האָט מיך דערזען, האָבן זיינע קויטיקע, דאַרע פינגערלעך גענומען נאָך שנעלער זיך באַוועגן איבער די לעכעלעך פונעם לאַנגן פייפל, און טענער האָבן גענומען פליסן, ווי פון אַ קאַנאַריקל. מיין באָבע וואָלט געזאָגט: „אַ נישגיטער האָט אים אָנגעטראָגן"...

איך האָב דעם ייִנגעלע דערלאַנגט אַ שטיק קאָרענע ברויט פון מיין קעשענע. דאָס שייגעצל האָט געקוקט אויף מיר, זיך איבער־געצלמט און גענומען זשעדנע בייסן דאָס שטיק ברויט. כ'האָב געוואוסט, אַז ווען אַ גוי צלמט זיך, איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן — און מיר זיינען געוואָרן חבר.

***

אַ געוויסן טאָג איז פון דער העלער הויט זיך אַנגעלאָפן ביי אונדז אין שטוב אפשר ס'גאַנצע שטעטל יידן מיט ווייבער. די ווײַ־בער האָבן געבראָכן די הענט, און די מענער האָבן אין אַ באַזונדער ווינקל זיך געישובט, געהויבן מיט די פּלייצעס, געקייט די שפּיץ־בערד און ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז געשען — די אַרבעטער האָבן פאַרשטרייקט...

מ'האָט געשמועסט, אַז פון לאָדזש זיינען געקומען „אַגיטאַ־טאָרס" — עפּעס „אחדות", — אַז איינער פון זיי האָט געהאַט אַ

ביקס, געוואָלט שיסן דעם סטאַרשע רעווירקאָווע, — נאָר אײדער וואָס־ווען איז ער פאַרשוואונדן. ס׳גאַנצע שטעטל קאָזאַקן האָבן אים באַגעיאָגט איבער אַלע שאָסייען און אים ניט געקאָנט כאַפּן...

מ׳האָט אויך געשמועסט, אַז שרה ראַצעס, דער שלאָסערינס טאָכטער, וואָס איז געגאַנגען מיטן פּראָוויזער, האָט זיי אַלעמען אָנ־ געגעבן, און אַז איר ברודער, פּייוויש, איז אײנער פון זיי.

צו־מאָרגנס פאַרטאָג האָט מיר די באָבע אײנגעבינדן ברויט מיט יעזשילקעס, אַ פּאָר קיכעלעך מיט מאָן, מיר אײנגעניית דרײ קאָ־ פּערנע קאָפּיקעס אין אַרבל פון העמד, מיך צוגעפירט אין מאַרק צו דעם זעלבן באַלעגאָלע און — היידאַ, צוריק קיין לאָדזש...

***

דאָ האָבן מיר געהאַט ענגע צוויי שטיבלעך מיט אַ געוועלבל פון האָבער און היי, וואָס דעם טאַטנס משפחה האָבן אײנגעאָרדנט. אין קיך איז געשטאַנען אַ וועב־שטול, וואו דער עלטערער ברודער, מאיר־יוסף, האָט געוועבט צוויסט־טיכלעך. ער איז שוין געווען אַ גרויסער, אַ יאָר צוועלף־פערצן, און געמוזט העלפן צו פּרנסה. פאַר דער עלטערער שוועסטער, טויבע־גיטל, איז ניט געווען קיין פּלאַץ, האָט מען זי אַוועקגעגעבן דינען צו משפחה אויף דער ציגליאַ־ נער גאַס.

באַלד איז געבוירן געוואָרן דאָס אַכטע קינד, משהלע, און קיין פּרנסה איז נאָך אַלץ ניט געווען. האָט די מאַמע פאַרקויפט איר מילך פון דער ברוסט פאַר נגידישע קינדער, — איז משהלע געוואַקסן מיט אַ גרויסן בויך און דינע פיסלעך. כדי צו ראַטעווען זײַן קינדעריש לעבן, האָט מען גענומען „אײנלייגן וועלטן״, און די מאַמע איז מיט אים אַוועקגעפאָרן אין דעם הייל־שטעטל טשאָ־ כעטשיניק.

איך האָב געוואָלט גיין אין חדר, ווייל אַלע יינגלעך גייען אין חדר. כ׳האָב נאָך קיין מודה־אני נישט געקענט, אָבער איך האָב שוין געוואָלט „לערנען תורה״. און ווען איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט, האָט די מאַמע געקויפט אַ שוואַרצן טאָוול מיט קרייד און מיך געלערנט אַלף־בית.

איבער אונדז, אין דאַך־שטיבל, האָבן געוואוינט יידן, — נישט

קיין שיינע מענטשן. מ׳האָט געשמועסט, אַז זייערע מעשים זיינען אויך ניט קיין שיינע. די מאַמע האָט מורא געהאַט פאַר די מיידלעך. האָבן מיר איינגעפּאַקט אַלץ, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט און זיך אַריבערגעצויגן אויף דער דאָלנער גאַס, נעענטער צו די „ציגעלניעס", לעבן ראַדאַגאָשטש, דער וועג, וואָס האָט געפירט קיין זגערש.

בלאָטעס זיינען געווען געדיכטע, פעט ווי חזיר־שמאַלץ און שוואַרץ ווי סמאָלע. די זומפּן זיינען געווען מיט אַ גאָלד־קאָליר באַדעקט, און אין זיי האָבן זיך געריוועט אַלערליי שרצים. מיר, די קינדער, פלעגן כאַפּן זשאַבעס און זען, צי זיי האָבן מיילער, ווייל — זשאַבעס האָבן ניט קיין מיילער, האָט מען געזאָגט, און האַלטן דאַך אין איין שעלטן. כדי עס זאָל ניט שאַטן זייער שעלטן, מוז מען, שפּילנדיק זיך מיט זיי, זאָגן: „פעפער אין האַלדז, זאַלץ אין די אויגן"...

דאָ איז געבוירן געוואָרן דאָס ניינטע קינד, איידל, אַ דאַרס, אַ שוואַכס, קוים וואָס ס׳האָט דערהאַלטן אין זיך די נשמה. די מאַמע האָט שטאַרק מורא געהאַט, אַז אין דעם וויסטן העק זאָל נישט עפּעס פּאַסירן מיט די קינדער, און געהאַלטן, אַז „מע מוז אַרויס פונדאַנען"...

דורך דער צייט איז מיין פאָטער געוואָרן אַ מייסטער פון פיר וועב־שטולן, געהאַלטן געזעלן און לער־ייִנגלעך, אָבער קיין פּרנסה איז נאָך אַלץ ניט געווען. מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין דער נייער היים, אויף קעלבאַך גאַס 15. די גאַס איז געווען פינצטער און אָרעם, דער הויף ענג, דער אָפּטריט און דער מיסט־קאָסטן איז געשטאַנען ביי די פענצטער. דאָס מיסט האָט מען צוגענומען איין מאָל אין אַ האַלב יאָר. זומער איז אַלעמאָל געגאַנגען אַ פּאַרע פון מיסט, ווי עס וואָלט זיך דאָרט עפּעס געקאָכט. מחנות פליגן האָבן אַלץ באַלאַגערט; אין די טויזנטער זיינען זיי אַרומגעפלויגן אין די שטובן און זיך באַזעצט אויף יעדן ברעקל עסן. פאַר אַ סך יידן האָבן פליגן געמיינט פּרנסה, ווייל זיי האָבן געהאַנדלט מיט פליגן־פּאַפּיר. אָבער ווער האָט זיך געקאָנט דערלויבן אַזאַ „לוקסוס", ווי פליגן־פּאַפּיר?...

די הייזער זיינען געווען פול מיט וואַנצן, פליי און מייז. האָט מען אין די פאַרשטיקטע הייסע נעכט אַרויסגעשלעפּט די שעניקעס

מיטן בעטגעוואַנט אין הויף אַריין און אַזוי אַרום אַביסל איבערגע־
כאַפּט דעם אָטעם...

ס׳פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז אין הויז איז געווען פון כל־טוב. פון וואַנען אַזאַ „עשירות״ האָט זיך געיאָוועט איז פאַר מיר געווען אַ רעטעניש. אַפילו דעמאָלט בין איך אַלעמאָל געווען הונגעריק. די מאַמע האָט געמיינט, אַז ביי מיר איז פאַראַן עפּעס אַזאַ קראַנק־הייט. האָט זי מיך גענומען צום „געלן דאָקטאָר״, וואָס איז געווען זייער באַרימט אין קבצנישע הייזער, ווייל ער האָט צוגענומען אַלע קרענק מיט דער האַנט און נאָך איבערגעלאָזט געלט פאַר אַ רע־צעפּט...

דער דאָקטאָר האָט מיך פאַרהערט, געקלאַפּט, צום סוף זאָגט ער: ער עסט אייך אויף מיט די קאַפּיטעס. גיט אים „שעפּסענע״ פליש, ער איז געזונט ווי אַ באָקסער.

— דאַנקען גאָט — האָט די מאַמע געענטפערט.

צוויי וואָכן האָט מיר די מאַמע געקאָכט שעפּסענע פליש. אויף דער דריטער וואָך בין איך געוואָרן אַ נאָרמאַל קינד — און אויפגעהערט עסן...

# שמחת־תורה

דער יום־טוב סוכות איז ביי די קינדער פון הויף גע־
ווען גאָר אָנגעלייגט. די אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע יינגלעך האָבן
געוואוסט, אַז די מאַמעס וועלן שוין אויסגראָבן פון אונטער דער
ערד, כדי די יינגלעך אָנצוטאָן עפּעס אַ לייטיש שטיקל מלבוש.
מען איז אַוועק צו די „גרינע טישלעך", איינגעקויפט אַן אַלט היטל,
וואָס האָט געגלאַנצט, ווי ניי, און אַ פּאָר קאַמאַשן, אָדער שטי־
ווילעך, וואָס זיינען געווען פאַרשמירט מיט סמאָלע און דער סוחר
האָט זיך געשוואוירן, אַז „דער גרעסטער נגיד האָט זיי געטראָגן;
נאָר אַזוי ווי דאָס איז דער ערשטער פּאַטשאַטעק, זאָלן מיר אַלע
אַזוי לעבן, ווי איך לייג צו"...

אַז מען האָט אַ ניי היטל מיט נייע שטיוועלעך, איז מען שוין
באַקליידט פון קאָפּ ביז פיס — ווער אין סוכה ניט זיין וואָס זיך
צו שעמען.

אין דער סוכה קומען די מאַמעס ליכט בענטשן, טוען זיך אָן
די שענסטע שאַרצן, שיינע הויבן מיט בלויע, גרינע און רויטע
סטענגעס, טראָגן אַריין די זילבערנע לייכטער, וואָס זיינען געווען
פאַרזעצט אַ גאַנץ יאָר אין לאָמבאַרד. שפּעטער שיקט מען אַריין
דעם גרויסן פּיק־פיש, יויך מיט לאָקשן, עוף און צימעס, — ווייל
מען דאַרף קנייפּן די באַקן די פּאַרב זאָל שטיין...

— דעם יום־טוב רופן מיר אויך חג־האסיף, — האָט אונדז
דער טאַטע דערציילט — ווייל ער פאַלט־אויס צום סוף זומער,
ווען מען זאַמלט איין די תבואות פון די פעלדער. אַמאָל, אַמאָל
האָט מען געטאַנצט און געזונגען ביים אַראָפּנעמען פון די פעל־
דער, — עס האָט געהייסן זמן שמחתנו; דער יום־טוב איז געווען
פאַרבונדן מיט דער פרייד, וואָס די ערד און נאַטור־שיינקייט האָט
אַרויסגערופן ביים יידישן פויער און זיין הויזגעזינד.

אין די חסידים־שטיבלעך האָט מען טאַקע מיט גרויס התלהבות געטאַנצט און געזונגען די גאַנצע וואָך סוכות. די חסידים האָבן געמאַכט די שענסטע סוכות — שיין באַפּוצט און באַהאַנגען די ווענט מיט פּירות.

דער לעצטער טאָג סוכות איז געווען כמורנע, דאָס עסן שוין נישט אַזוי איי־איי־איי. אַ שיטערער רעגן האָט געקאַפּעט דורכן סכך, די ציגן און לאַבוסעס האָבן געשלעפּט שטיקער גרינס, דער ווינט האָט געוויגט די שוואַכע ווענטלעך פון דער סוכה — אָט־אָט צום איינפאַלן!...

אָבער אָט איז געקומען דער פריידיקער טאָג שמחת־תורה! איך האָב געקויפט אַ פאָן פאַר דריי קאָפּיקעס, — די שענסטע פאָן אין שטיבל! וואו איך האָב דערטאַפּט די דריי קאָפּיקעס, איז נישט היינט צו דערציילן... די פאָן האָט געהאַט צוויי טירעלעך אינמיטן, באַמאָלן מיט פייגל, הירשן און בלומען. אַלע ייִנגלעך האָבן מיך מקנא געווען. און ערשט דאָס רויטע עפּעלע מיט די גלאַנציקע בעקעלעך! אַ גאַנצן טאָג האָב איך געווישט מיטן אַרבל, עס זאָל גלאַנצן. האָט אָבער בערע גנב מיר נישט פאַרגונען, ווייל ער האָט געהאַט אַ פּאַפּירענע פאָן, און מיט זיינע גנבישע הענטלעך האָט ער מיר אונטערגעצונדן די פאָן, נאָך איידער די הקפות האָבן זיך אָנגעהויבן. און דערביי איז, אינמיטן טומל, דאָס עפּעלע אויך פאַרפאַלן געוואָרן, ווי אין וואַסער אַריין...

ביי מיר האָט זיך געעקט די וועלט. אָבער דאָס שטיבל האָט געזונגען און געטאַנצט. די היטלען אויפן שפּיץ קאָפּ האָבן מיט־געטאַנצט, די אַטלעסענע פּאָלעס פון קאַפּאָטעס זיינען ווי פליגלען געפלויגן, און ביי מיר האָבן הייסע טרערן באַדעקט די בעק־לעך.

אַ ייִד, דאַר און הויך, איז צוגעלאָפן אַ צעפּלאָמטער, מיך אָנ־געכאַפּט פאַרן קאָלנער פון פּאַלטנדל און אַריינגעשלעפּט אין ראָד. שוין אַביסל הייזעריק, האָט דער עולם געזונגען:

„הער נאָר, איטשע מאיר, קום נאָר דאָ אַ־הע־ער,
כ'על דיר עפּעס זאָגן, וועסטו הנאה האָבן:
מ'האָט שוין אויסגעהרגעט אַלע שטרייקערס,
ס'איז שוין מער נישטאָ קיין שטריי־קערס"...

הענט האָבן זיך געפּלאָכטן, דאָס שטיבל האָט זיך געדרייט, פּיס האָבן געטופּעט — חי געלעבט!

אַלע יינגלעך האָט מען געגעבן ביר, וואָס האָט זיך געגאָסן פון אַ פעסל, נאָר מיך האָט מען אָפּגעשטופּט. בין איך אַוועק אין אַ ווינקל און געווישט די אויגן, — איך האָב נאָך אַלץ ניט געהאַט אויס־געוויינט מיין פאַרברענטע פּאַן און דעם צוגעגנבעטן עפּל.

— קום, מיין קינד, דאָס זיינען זויפערס און פרעסערס, — זאָגט מיין טאַטע, כדי מיך צו באַרואיקן, — קום, מ׳עט אַהיימגיין קדוש מאַכן.

— גוט יום־טוב! — איז דער טאַטע אַריין אין שטוב, וואָס איז געווען אויסגעשיט מיט פרישן ווייס־געלבלעכן זאַמד.

— גוט יאָר! — האָט די מאַמע געענטפערט און בשעת־מעשה זיך געפּאַרעט ביים אויוון. — אַזוי פרי פון שטיבל? שמחת־תורה?...

— אַז מע האָט געלט, טאַנצט די וועלט! — האָט דער טאַטע אַ ברום געטאָן אַביסל בייזלעך — לאָדזש איז ניט, ווי אין דער היים, אין שטעטל... דאָ טאַנצן נגידים, מאַצערס, פּראָצענטניקעס, פאַבריקאַנטלעך, און מיט זיי אַ פּאָר חניפה־יידן, וואָס האָבן ניט אַ טאָג איבערצולעבן...

— זאָלן זיי, — האָט די מאַמע געזאָגט, — נאָר איין מאָל אַ יאָר איז שמחת־תורה...

# חנוכה

**אַ ווייסער** שניי איז געפאַלן איבערן שטאָט, איבער די לאָדזשער, באַלוטער פּינצטערע געסלעך, וואָס האָט זיך געלייגט געדיכט אויף די נידעריקע, קרומע דעכער. די פינצטערניש איז מיט אַמאָל באַלויכטן געוואָרן מיט אַ געדיכטן שניי, ווי פּוכקע ווייסע פעדערן.

פון אַלע הייזער זיינען אַראָפּגעהאָנגען שווערע אייז־ליכט, ווי געדרייטע הבדלות, וואָס האָבן געבלישטשעט ווי קרישטאָלענע הענג־לייכטער.

דער פראָסט, וואָס האָט זיך מיט אימפּעט אַריינגעריסן אין די נישט באַהייצטע הייזער, האָט אויסגעמאָלן די שויבן מיט פאַנטאַס־טישע בלומען.

דעם אָונט איז מען אין חדר נישט געגאַנגען. האָבן די יינגלעך אַרויסגעטראָגן אין גאַס רונדיקע און פיר־עקיקע לאָמטערנעס, וואָס האָבן זיך צוזאַמענגעלייגט און געפאַלדעוועט, ווי אַ האַרמאָניקע, האָט דאָס נאָך מער פאַרכשופט די פינצטערע געסלעך.

חנוכה איז ניט געווען פון די יום־טובים, וואָס מען טוט זיך אָן בגדי מלכות. דאָך האָבן די קינדער געוואַרט מיט גרויס אומ־געדולד, ביז דער טאַטע וועט קומען פון מנחה־מעריב אָנצינדן ס׳ערשטע ליכטל, אונטערזינגען להדליק נר של חנוכה, און דערציילן וועגן שעשה נסים לאבותינו...

שפּעטער איז אַריינגעקומען קאָפּל דער משכיל און דערציילט פון נס בית שני, צוויי טויזנט יאָר גלות, פון מלכות יון, וואָס האָט געוואָלט אומברענגען די יידישע תורה.

קאָפּל האָט אויך דערציילט וועגן יידן, וואָס האָבן דורך מסירות צו מלכות יון געהאָלפן פאַרניכטן די יידישע אמונה.

מיט אַן אָפן מויל און אָנגעשפּיצטע אויערן האָב איך זיך צוגעהערט צו די מעשיות וועגן די חשמונאים, וועגן זייערע העלדן־טאַטן און גרויסע נצחונות איבער די שונאים פון יידישן פאָלק.

אינדערפרי האָט מיך דער טאַטע גענומען צום דאַוונען. „אוי״, האָט דער טאַטע אַ קרעכץ געטאָן, „מקימי מעפר דל, מאשפות ירים אביון״, און געקוקט אויף מיינע צעריסענע שיך.

אין חדר בין איך געווען פון די אָרעמסטע יינגלעך. מיין מאַמע האָט מיר קיינמאָל נישט מיטגעגעבן קיין פרישע זעמעלעך, אָדער גריסקעלעך, ווי אַנדערע מאַמעס. קיין שטיוועלעך האָב איך אויך נישט געטראָגן. נאָר ווען ס׳איז אויסגעפאַלן אַ טיפער שניי און דער שניי איז זיך צעגאַנגען און פון שניי איז געוואָרן אַ גרויסע בלאָטע, דעמאָלט האָט מיר דער טאַטע געגעבן זיינע שטיוול צו טראָגן.

דעם מלמד האָב איך קיינמאָל נישט געטראָגן קיין חנוכה־געלט. דאָך האָט מיך דער רבי קיינמאָל ניט געשלאָגן, אַחוץ איינמאָל, ווען ער האָט מיר געהייסן געבן אַ פּאַטש עזרא חיימס, דעם קאַמאַשן־שטעפּערס יינגל, פרייטיק, פאַרן אַהיימגיין, דערפאַר וואָס יענער האָט ניט געקאָנט די פּרשה בהעלותך. האָב איך אַראָפּגעלאָזט די אויגן און שטאַר געקוקט אויפן טינטער. דעמאָלט האָט מיך דער מלמד מכבד געווען מיטן קאַנטשיק.

„כ׳בין נאָך דעמאָלט געווען אַ פּיצלס, נאָר־וואָס אָנגעהויבן לערנען רש״י, געווען פאַרכאַפּט אין די קליינע אותיותלעך און אין באַהאַלטענע מעשה־ביכלעך . . .

פּלוצלינג איז מיר געוואָרן אַ בזיון צו גיין אין חדר אין מייטקעס מיט אויסגעשטופּטע קניען און אין אַ רעקל מיט נאַקעטע עלנבויגנס און אויף די פּיס הילצערנע טרעפּעס, וואָס זיינען גע־ווען גוט אויף דעם גליטש, אָבער אַ שאַנד צו גיין אין חדר . . .

שוין אַ שטיק צייט פאַר חנוכה זיינען געקומען יידן אין פעלצן, גלאַנציקע פּעטערבורגער קאַלאָשן, הויכע קאַראַקולענע היטלען, שיין פאַרקעמטע ברייטע בערד.

די פרויען, וואָס זיינען מיטגעקומען, האָבן געהאַט פוכקע ווייסע הענט. זייערע טייערע ווינטער־קליידער האָבן געשמעקט מיט נאַפטאַלין. מיט געהויבענע קעפּ, ווי פּאַוועס, האָבן זיי געשפּאַנט

צווישן די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אין חדר, געקניפּן אין די בעקעלעך, געפּאַרשט זייער הויט, יעדן קינד געהייסן אויפשטיין, אַ מאָס גענומען אויף הייזלעך, העמדלעך, שיך, און פאַלטנדלעך פאַר חנוכה־מתנות.

ווען עס איז געקומען חנוכה־צייט האָט מען גערופן די מאַמעס און אויפסניי אויסגעפרעגט צי זיי האָבן נישט בכיוון אָנגעטאָן דעם יינגל צעריסענע קליידער, כדי אָפּצונאַרן די צדקה־געבער...

די „גוט־האַרציקע מענטשן" האָבן אויך גערופן מיין מאַמען, איר געצאַפּט ס׳בלוט פאַר מיינע אויגן אַזוי לאַנג, ביז זי האָט שטיל און באַשיידן, גאַרנישט זאָגנדיק, אָפּגערוקט ס׳בענקל אין אַ זייט און פאַרלאָזט דעם חדר... ווען זי איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר, האָט זי צוגעטראָגן די פראַנזן פון קאָפּ־טיכל צו אירע נאַסע אויגן...

שפּעטער, שוין צום אַכטן חנוכה־ליכטל, זע איך ווי איינער פון די יידן, וואָס האָבן אַזוי מבייש געווען מיין מאַמען, קומט אַריין אין חדר מיט אַן אויסגעפּוצטער דאַמע און טייטלט אויף מיר, און די ליפּן באַוועגן זיך...

ר׳ פייוול דער מלמד האָט זיך אויפגעשטעלט און די געסט אַנטקעגנגעטראָגן אַ „גוטן אָוונט". די יינגלעך האָבן דערוויייל זיך געפּוצט, געמאַכט גרימאַסן און אָפּגעאָטעמט.

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט פון בענקל, אַרונטער אונטערן טיש. ווען די צוויי געסט האָבן זיך אָפּגערוקט פון טיר מיט אַ פּאָר שטיוועלעך פאַר מיר, האָב איך זיך אַרויסגעגליטשט און בין שנעל אַהיים געלאָפן.

צומאָרגנס האָט מיך מיין מאַמע געפירט אין חדר. דער רבי מיט דער מאַמען האָבן עפּעס גערעדט אין דער שטיל... זי האָט ווידער געלאָזט אַ טרער, ס׳פּנים אירס איז געוואָרן לויטערער. אַ דערהויבענע איז די מאַמע אַוועק פון חדר.

„יאָ, אַ וואוילער תלמיד, שטעלט אין געפאַר די פּרנסה פון רבין", רעדט דער רבי, אַזוי ווי ער וואָלט געמיינט נישט מיך נאָר די וואַנט.

„רבי, איך וויל נישט קיין שטיוועלעך, זיי האָבן פאַרשעמט מיין מאַמע".

ר׳ פייוול קוקט אויף מיר דורך דיברילן אויף זיין פליישיקער שפּיץ נאָז, לאָזט אַראָפּ די געדיכטע רויטע ברעמען, איין אויג דאַכט זיך טוט אַ קלוגן פינטל, נעמט אַרויס ס׳טאַבאַק־קעסטעלע, שנופּט אַריין אַ פּאָר זשאַרקעס, קוקט זיך אַרום איבערן חדר, ווי ער וואָלט געציילט די קינדער, און לערנט ווייטער:

— כה אמר יהוה שמרו משפט ועשו צדקה...

# ל״ג בעומר

הינט מיין געבוירן בין איך געווען אַ גרויסער פעפער. די מאַמע פלעגט ניט איין מאָל שרייען: „אַז דו וועסט נישט אויפ־שטיין גיין אין חדר, ׳על איך אַריינגיסן אַ שעפ וואַסער אין בעט!״

היינט האָט מיך די מאַמע נישט געדאַרפט וועקן, ווייל דער פייל־און־בויגן, וואָס איז אַ גאַנצע נאַכט געלעגן הינטערן בעט, האָט מיך נישט געלאָזט שלאָפן. אַזוי גיך, ווי דער טאַטע האָט געעפנט די לאָדנס און אַ פיצענקע שטראַל זון־ליכט האָט אַריינגעקוקט דורכן ליפטשיק, האָב איך אַרויסגעשטעקט מיין צעשויבערט קעפל פון איבערבעט און זיך אַ כאַפּ געטאָן אויפצושטיין.

— שלאָף, שלאָף — זאָגט די מאַמע — היינט איז ל״ג בעומר.

— איז דען ל״ג בעומר אַ יום־טוב?

— ער פרעגט שוין שאלות, דער פעפער! שלאָף, שלאָף, עס איז אַ יום־טוב נישט צו לאַכן און נישט צו וויינען.

הינטערן פענצטער וואַקסט־אויס מיין חבר בעריש, דעם בלינדן עליס זון, און טוט אַ הירזשע, ווי אַ פערדל. דאָס איז אַ צייכן — „קום!״

איך טו זיך אויף גיך אָן און שטיי שוין ביי דער טיר.

— און נעגל־וואַסער אָפּגיסן דאַרף מען נישט? — פאַרהאַלט מיך דער טאַטע.

זיך אַרומגעוואַשן און אויף גיך אָפּגעזאָגט מודה־אַני, האָב איך געכאַפּט מיין „פאַלנבויגן״ און בין אַרויס צו בערישן. ווען ניט די מאַמע וואָלט איך אַפילו געווען פאַרגעסן דאָס פעקל „קייעכץ״, וואָס זי האָט פאַר מיר צוגעגרייט.

בעריש האָט זיך געאיילט נאָך מער פון מיר. זיינען מיר ביידע כמעט געלאָפן ביז צו דער לאָגאָווינקער גאַס, וואו אַלע חדר־ייִנג־

לעך האָבן זיך פאַרזאַמלט און דערנאָך אַרויסמאַרשירט, ווי „בראַווע סאָלדאַטן“, צום וואַלד, העט־ווייט הינטערן שטאָט.

דער טאָג איז אויפגעגאַנגען זוניק און לויטער. פון היימישע קוימענס האָט זיך געשלענגלט אַ שוואַרצער רויך און זיך געצויגן גלייך צום הימל. פון יידישע הייזער האָט שוין געשמעקט מיט ציקאָריע, קאַווע און פרישע געבעקס. אַ טייל פייגעלעך האָבן אויף טעלעגראַף־דראָטן באַזונגען דעם פרימאָרגן, אַנדערע האָבן עפּעס געגישטערט צווישן שמעקעדיקן בעז.

אַ טויב האָט פאַרבלאָנדזשעט און הויך געפלאַטערט מיט אירע ווייסע פליגלען איבער די שמאָלע געסלעך פון באַלוט. האָט דער בלינדער בערקע אויפגעפראַלט די טירלעך פון זיין טויבן־שלאָג, צעיאָגט די טויבן מיט אַ ווייסער פאָן און זיי געשיקט ברענגען די פאַרבלאָנדזשעטע טויב.

***

דער וואַלד האָט געגרינט מיט פרישע נאָדל־ביימער. אונטער די פיס פון די מאַרשירנדיקע חדר־יינגלעך האָבן געטרעסטשעט די אַראָפּגעפאַלענע נאָדלען און צווייגן.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אין אַ גרויס ראָד, אויפגעבונדן די טיכלעך מיט עסנוואַרג, וואָס די מאַמעס האָבן מיטגעגעבן מיט אַן אָנזאָג: „זאָלסט קיינעם נישט אָוועקגעבן“, — פון גרינע ציבעלקעלעך, ראש־חודש־רעטעכלעך, ראָזעווע ברויט, פרישע זעמל און בייגל — איז געפּראַוועט געוואָרן אַ סעודה כיד המלך.

אין מיטן ראָד פון די רש״י־ און גמרא־יינגלעך פון צוויי חדרים איז געזעסן דער „ארץ־ישראל־ייד“ קלמן־הערש פון אַגראַדאָווע גאַס, מיט זיין שוואַרצער באָרד, ווי ביי ד״ר הערצל, און דערציילט וועגן די פיר־און־צוואַנציק טויזנט תלמידים פון ר׳ עקיבא, וואָס זיינען אויסגעשטאָרבן פון אַ מגפה אין די ספירה־טעג, און וועגן רבי שמעון בן יוחאי און זיין מאַרטירערשאַפט פאַר דעם כבוד פון יידישן פאָלק, ווי אַזוי די רוימער האָבן אים געפייניקט און דערמאָרדעט, ווייל ער האָט פאָרגעזעצט דעם קאַמף פון ר׳ עקיבא אין בר־כוכבאס אויפשטאַנד קעגן די רוימער.

די קינדערשע בלוטן אין אונדז האָבן געקאָכט מיט שנאה קעגן דער רוימישער הערשאַפט, און כאַצקל, הערשעלע קאַשע־מאַכערס

זון, האָט זיך פּלוצלינג געגעבן אַ שטעל־אויף און געהייסן נעמען די פייל־און־בויגנס און אַרויסגיין „קעמפן קעגן דעם שונא". קלמן־הערש האָט אים באַרואיקט און דערציילט, אַז די מגפה האָט זיך אָפּגעשטעלט אין טאָג פון ל"ג בעומר, און דערפאַר פייערן מיר היינט דעם יום־טוב מיט „ביקסלעך און פאַלנבויגנס".

און ווען ער האָט געגומען דערציילן ווי אַזוי ל"ג בעומר טאַנצן חסידים אין ארץ־ישראל אין די גאַסן מיט מוזיק און ספר־תורות, און אַפילו ווייבער און אַראַבער נעמען אָנטייל אין דער גרויסער שמחה, — האָבן מיר זיך געכאַפּט פאַר די הענטלעך, זיך געפלאָכטן אין אַ ראָד און פאַרפירט אַ קאַראָהאָד, ביז די זון האָט זיך גע־זעצט.

איצט האָבן מיר אַרויפגעצויגן די לאַנגע קאַפּאָטקעלעך אויף אונדזערע צעהיצטע קערפּערלעך און זיך געגומען איילן צו מנחה־מעריב. די גרויסע פרייד האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעטאָן, ווייל מאָרגן דאַרף מען ווידער גיין אין חדר, — די רביצין וועט ווידער הייסן האָדעווען די ציג, טראָגן שעפלעך וואַסער, ניאַנטשען די קינדער, וואָס קריכן איבער דער פאָדלאָגע, און דער מלמד וועט הוסטן און שעלטן...

כאָטש ל"ג בעומר איז געווען אַ יום־טוב אָן ווייַן און אָן נייע בגדים, איז ער אָבער געווען דער פרילינג־יום־טוב פאַר אונדז קינ־דער, וועלכע האָבן אַזוי זעלטן אָנגעזען אַביסל גרינס פאַר די אויגן...

# באַלוט

באַלוט איז געווען אַ מדינה פאַר זיך, מיט גאַנץ אַנ־דערע פּרנסות. דאָ האָבן געוואוינט די מערסטע יידן פון שטאָט, דאָ האָבן זיך געפונען ביידע בית־עולמס. דאָ האָט געוואוינט די גאַנצע וועבער־און טעקסטיל־בראַנזשע. אָבער נישט בלויז פון וועבעריי האָבן יידן געלעבט. יידן האָבן פאַנאַנדערגעטראָגן צום פאַרקויפן אין בלעכענע קאַנען נאַפט — פאַרנאַכט, מילך — פאַר־טאָג, און פרייטיק — ווייַן אויף קידוש. זייער אָפט האָט דער ווייַן געשמעקט פון מילך און די מילך פון נאַפט...

די הויפן זייַנען אַ גאַנצן טאָג פאַרקלונגען געוואָרן פון „האַנדל" מיט שמאַטעס, בייגל, אויבסט, אַלטע קאַלאָשן. בעטלערס האָבן געקלאַפּט אין די טירן, אָדער אויסגעזונגען: „וואַרפט אַראָפּ אַ קאָליקע"...

צום ערשטן מאָל האָט זיך באַוויזן אַ ייד מיט „סאַכאַר־מאַראָזש". מיך האָט פשוט פאַרקלעמט ביים הערצל פאַר אַזאַ ביסל ראָזעווע „ליאָדעס", אַרייַנגעלייגט אין צוויי מאַצעלעך. לויף איך אַרויף צום שוואַרצן איטשע, ער זאָל מיך לאָזן קלעפּן טיטון פאַר אַ קאָ־פּיקע.

— קום פאַרנאַכט — זאָגט ער — איצט האָב איך נישט קיין פּלאַץ פאַר דיר.

עס איז שוין געווען שפּעט בייַנאַכט. איטשע מיטן ווייב און קינדער זייַנען געשלאָפן, און איך האָב נאָך „געאַרבעט". אַ זעקסער־לעמפּל האָט געקאָפּטשעט, די שאָטנס אויף די ווענט האָבן אָנגע־וואָרפן אַ פּחד, די אויגן האָבן זיך מיר געקלעפּט... פּלוצלינג האָב איך אַ שטאַרקן נאָס געטאָן, און צוזאַמען מיטן „אָפּטשיק" האָט זיך דערהערט אַ קנאַק פון לאָמפּ־גלעזל. דער שוואַרצער איטשע איז אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט אין די גאַטקעס, די קינדער האָבן

זיך צעוויינט און זיין ווייב האָט גענומען שעלטן אין „אַלע וויסטע וועלדער״.

דער „גזלן״ איטשע האָט מיך אָנגענומען פאַרן קאַרק און מיך פון אַלע טרעפּ אַרונטערגעשליידערט.

צומאָרגנס האָט מיר די מאַמע אַליין געקויפט אַ „סאַכאַר מאָראָזש״...

***

אונדזער דירה איז געווען אויף מיצקעוויטשער גאַס. דאָס הויז, נאָר וואָס אויסגעבויט פון „יונה פויער״, האָט געשמעקט מיט פרישער וואַפּנע און קאַלך. די שטוב איז געווען גרויס ווי אַ וואַלד, מיט פיר פּעצנטער אין גאַס אַריין. באַלד דעם ערשטן אָוונט האָט מען אונדז מכבד געווען מיט אַ שטיין אין פענצטער. די גאַס האָט נישט געהאַט קיין לאַמטערן, איז געווען שטאָק פינצטער. די מאַמע פלעגט קומען מיך אָפּנעמען פון חדר, ווייל דאָס געסל איז געווען דורכצוגיין, ווי דורך אַ בראַנד, — שטיינער און שטיקער ציגל זיינען געפלויגן פון אַלע זייטן...

אַנדערע קינדער האָבן געהאַט שטאַרקע, געזונטע טאַטעס, וועלכע האָבן זיך אָנגענומען פאַר זיי. מיין טאַטע איז געווען אַ שוואַכער, האָב איך מורא געהאַט אים צו זאָגן, אַז די לאָבוסעס פון גאַס טוען מיר אָן געברענטע צרות, ווייל ער וואָלט סיי ווי געזאָגט אַז „מסתם ביסטו אויך נישט בעסער״...

מיר זיינען געווען פינף חברים: דודל, דעם ווירטס זון פון „אונדזער״ הויז, מישמויל דעם בערשטערס, וואָס האָט געוואוינט טיר צו טיר, און פייוויש און איציק פון אַנטקעגן. האָבן מיר אָפּ־געהאַלטן אַ באַראַטונג וואָס צו טאָן מיט דער חברה שקצים, וואָס שלאָגן, הרגענען, האַקן שויבן יעדע נאַכט און באַליידיקן אונדזערע שוועסטער, ווען זיי גייען דורך די גאַס. מיר האָבן באַשלאָסן, אַז קיינער טאָר נישט גיין אַליין, באַזונדערס אין אַ חגא־טאָג. מיר האָבן אויך געקויפט פייפלעך, כדי זיך צו געבן סיגנאַלן, ווען איי־נער פון אונדז וועט זיין אין געפאַר.

איינער ביים צווייטן האָט געטאַפּט די מוסקולן און באַשלאָסן ווער עס זאָל גיין פריער און ווער שפּעטער.

איך בין געווען דער ערשטער זיך דורכצושפּאַצירן ס׳געסל. מיינע חברים זיינען געווען באַהאַלטן אין די טויערן.

— יעזוס מאַריאַ, יאַק באָגאַ קאָכאַם! — איז מיר יאַנוש אַנט־קעגן געקומען. — קוק נאָר אָן דעם בענקאַרט! עפּעס ביסטו מיר היינט אַ גאַנצער יאַטעבעדאַם. ווילסט זיך אפשר שלאָגן?

און ער רוקט זיך צו נעענטער פּנים אל פּנים.

איך דערלאַנג אים דעם ערשטן פּאַרפּאַר אין געמבע, — נאַדיר פּאַר „בענקאַרט", און נאָך איינעם פּאַר „סוקי סין"! אויף זיינע קולות זיינען אָנגעלאָפן אַ כאָפּטע שקצים. מיין חברה איז אַרויס פון באַהעלטעניש — און הענט האָבן זיך געפלאָכטן, בלוט האָט גערונען, מיר האָבן זיך צעממיתט — און געוואונען די ערשטע שלאַכט.

אויפן הויף האָט געוואוינט אַ גאַרבער, וואָס האָט אויסגעאַרבעט רויע פעל. אַ פערד איז געווען איינגעשפּאַנט אין אַ דישל און אַ גאַנצן טאָג זיך גערדרייט אין אַ ראָד, אויסצוקנעטן, ווייך מאַכן די פעל. פון צייט צו צייט פלעג איך זיך בגנבה אַרויפכאַפּן אויפן פערד און רייטן, ווי אויף „אַ קאָזאַצקע פערדל". לעבן דער גאַר־באַרניע איז געווען אַ שטאַל מיט חזיר־האָר. מילך־ווערים האָבן זיך דאָרט גערויעט, ווי מוראַשקעס. אַ „קאַלער" האָט געקוילעט חזירים און אַ קצב האָט געשאָכטן קעלבלעך אין זעלבן הויף. שטשורעס זיינען אַרומגעלאָפן, גרויסע ווי קעץ. איבערן הויף האָבן זיך אַרום־געדרייט גענדז, וואָס האָבן געגאָגערט, געליאַרעמט און אָנגעפילט די הייזער מיט „היימלעכקייט"... הינטער יעדן הויז איז געווען אַ זומפּ. דאָס מיסט פון דער גאַנצער שטאָט האָט מען געבראַכט דעם זומפּ צו פאַרשיטן און זיך געגרייט בויען נייע „קאַמיעניצעס".

ביי יונה פויער, אונדזער ווירט, איז דער פלומפּ אַלע מאָל גע־ווען צעבראָכן. האָט מען באַדאַרפט גיין גנבענען וואַסער פון „הירשקע לאָטקעס" הויף. איז מיך איינמאָל באַפאַלן דער סטרוזש („ביעך בענדזשע פּאָכוואַליאָני", האָבן מיר אים גערופן) און מיך גוט אָנ־געהרגעט. האָבן מיר זיך צומאַרגנס אריינגעשלייכט באַרוועסע, אַלע פינף חברים, צעבראָכן דעם פלומפּ און איבערגעשניטן די דראָט פון גלאָק, וואָס האָט זיך געצויגן פון פראָנט טויער, ביז צו דער שטייג, וואו דער סטרוזש מיט זיין הויזגעזינד האָט געוואוינט.

אין שקאָלע האָב איך נישט געטאָרט גיין, ווייל — ערשטנס

דאַרף דאָס קאָסטן געלט, צווייטנס איז שקאָלע גויאיש, און דריטנס — קיינער אין אונדזער הויז קען נישט שרייבן, איז וואָס פּלוצים? וואָס פאַר אַ יחסן ביסטו? פלעג איך נאָר פון צייט צו צייט זיך אַרויס־גנבענען און גיין אויף אָוונט־קורסן אויף דער צעגליאַנע גאַס זיך לערנען שרייבן רוסיש — אומזיסט, און אַזוי אַרום זיך אויסגע־לערנט אונטערשרייבן מיין נאָמען.

**
*

איך האָב געקענט שטיין אויפן קאָפּ און גייען אויף די הענט, און נאָך אַנדערע אַקראָבאַטישע קונצן. בין איך געוואָרן אַ גאַנצער שמעלקע מיט ווינדאָר דעם קונצן־מאַכער און זיין קאַפּעליע. איך האָב געהאָלפן אויסשפּרייטן די קאָלדרעס אויף די הויפן און צו־זאַמענמען די גראָשנס, וואָס מען האָט זיי צוגעוואָרפן. קונצנ־מאַכעריי איז געווען אַ יידישע פּרנסה און עס איז נישט געווען וואָס זיך צו שעמען דערמיט. אָבער נאָך צוויי טעג נישט אַהיימ־קומען, האָט מיך דער טאַטע געכאַפּט אין אַ הויף אינמיטן דער „לוויה”, וואָס „אונדזערע” מענטשעלעך, מאַריאַנעטן, האָבן געמאַכט נאָך קיווע דעם טאַבאַק־שמעקער, ווייל ער איז געווען אַ נגיד און אַ קאַרגער...

**
*

אַנטקעגן אונדז האָט געוואוינט הערשעלע קאַשע־מאַכער. ער איז געווען אַ ווירט פון צוויי הייזער און פאַרמאָגט אַ מיל. די מיל האָט געהאַט אַן אויל־מאָטאָר, וואָס האָט געקלאַפּט, ווי אַ לאָקאָמאָטיוו. איך האָב זיך געחברט מיט הערשעלעס זון יחזקאל. ער האָט אַלע מאָל געהאַט אַ סך געלט. מיר זיינען ביידע געווען די בעסטע חברים, ווייל ס'גאַנצע געלט, וואָס ער האָט געגנבעט, האָב איך באַהאַלטן, און שבת האָבן מיר געלעבט אַ גוטן טאָג! געגעסן ביים גרעק, אויף פּיעטריקאָווער גאַס, טשאַסטעס און געגאַנגען אין טעאַטער. דערפאַר האָב איך אים צו דער „פּולער וואָך” געהאָלפן „נעצן די קאַשע”, אַמאָל מיטגעאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט און צו־מאַרגנס געהאָלפן פאַנאַנדערפירן אין געוועלבן קאַשע, גרייפּלעך, פּליעווועס, אַלץ וואָס די מיל האָט אַרויסגעגעבן.

מיר האָבן זייער ליב געהאַט צו גיין אין טעאַטער „פּלאַרא”, דאָס

שענסטע טעאַטער אין באַלוט. דאָס טעאַטער האָט געהאַט אַ גאָרטן, וואו מען האָט געקאָנט שפּאַצירן און זיך באַגריסן מיט מיידלעך. עס האָט אויך געהאַט אַ „פּאָיע״, וואו מען האָט פאַרקויפט קוואַס, סאָדאַ־וואַסער, טשאָקאָלאַד און פּריטלעך. דאָס טעאַטער האָט געשפּילט „האַלב לעבעדיק און האַלב קינאָמאַטאָגראַף״. איינמאָל האָט דאָרט געשפּילט „אַן אורח אויף שבת״, און דער אַקטיאָר רודאָלף זאַסלאַווסקי האָט געזונגען:

„ווער ס׳האָט געלט, טוט אין אַ לאָזשע זיצן,
און ווער ס׳האָט אַ קרענק, טוט אויף דער גאַלעריע שוויצן״...

**
*

יחזקאל האָט געקויפט אַ פידעלע און זיך געלערנט „סקריפּען״. שבת זיינען מיר אַוועק אין די „גראַבינקעס״, אַ טרוקן וועלדל פון נאָדל־בוימער, וואו עס זיינען געוועז הוידעלקעס, און פאַר אַ קאָפּיקע איז מען געפלויגן „ביזן הימל״. דאָ האָט מען אויך פאַרקויפט „צוואָרעך״, „ראַזאָווענע ברויט״, ליאָדעס. קינדער און מאַמעס זיינען אַהער געקומען פון באַלוט „שמעקן פרישע לופט״ און מיט־גענומען אין פּאַטשיילעס עסן פאַר אַ גאַנצן טאָג.

יחזקאל האָט אַרויסגענומען דאָס פידעלע, האָט געצויגן מיטן סמיטשיק און איך האָב געזונגען. אַרום אונדז האָט זיך פאַר־זאַמלט אַ היפּשער עולם — און פּלוצים האָבן מיר צווישן עולם דערזען יחזקאלס מאַמע און מיין טאַטן!...

# איך ווער אַ פּאַרדינער

אין חדר האָב איך זיך באַקענט מיט מרדכין און מלכן. מלך, שוין אַ יינגל פון אַ יאָר פערצן, האָט געאַרבעט ביי זינדל דעם גבאי און איז געווען אַ פאָרשטייער פון יונגן בונד. מרדכי האָט מיך אַרויפגעשיקט צו מלכן, אַז איך זאָל איינצאָלן פינף קאָ־פּעקעס און ווערן ביי זיי אַ מיטגליד. האָט עס זינדל דער גבאי דערציילט מיין טאַטן, און דער טאַטע האָט מיר גוט אָנגעבראָכן די ביינער.

בין איך אַוועק פון דער היים. צוויי וואָכן האָב איך אַרומגעב־לאָנקעט אין דער פרעמד, געאַרבעט ביי וואָס עס האָט זיך געמאַכט, געשלעפּט פּעקלעך, געטראָגן שווערע זעק. און ווען עס האָט זיך מיר שטאַרק פאַרבענקט נאָך דער מאַמען, וואָס איז געווען אַזוי גוט צו מיר און צו אַלע קינדער, בין איך אַוועק שבת צו דער מומע פעסע־גיטל, און דאָרט געטראָפן די מאַמע אַ פאַרוויינטע. זי האָט מיר בלויז אַ לייכטן קניפּ געטאָן און געזאָגט: „קום, לאָמיר גיין אַהיים"...

דער טאַטע האָט געשוויגן, ווען ער האָט מיך דערזען און צו־מאָרגנס מיך צוריקגעשיקט אין חדר. נאָר יעדן פרימאָרגן, איידער איך בין געגאַנגען אין חדר, און נאָכדעם, ווען איך בין געקומען פון חדר, האָב איך געאַרבעט ביים שפּול־רעדל.

אויפן הויף פון חדר, אין אַ ליקל, האָבן מיר יינגלעך צוזאַמען מיט מרדכין געמאַכט אַ רויטע פאָן צום ערשטן מאַי, מאַרשירט אי־בער די באַלוטער גאַסן און געזונגען:

„שטייט אויף, ברידער, הערט ווי מען וועקט אייך,
צום קאַמף, ברידער, ניט שרעקט אייך!
צום לעבן, צום שטרעבן
די וועלט מוז ווערן באַפרייט,
עס קומט אַ נייע צייט!

„אַ רעש, אַ טומל,
עס קאָכט אין די גאַסן,
די רייכע זיי שרעקן זיך
פאַר פּאָליטישן שטרייק.
פיל אַרבעטער מאַרשירן
געשלאָסן אין די גאַסן.

„און דאָרט פון ווייטן
שטייט אַ גרויסע מאַסע,
הינטער די [דער] מאַסע דער [די] רויטער פאָן.
דאָרט פון ווייטן הערט מען פרייע לידער,
אייביק קעמפן וועלן מיר...

„ווייל — וואָס האָבן מיר זיך צו שרעקן
פאַר ביקסן און קאַנאָנען,
אַז פאַר פרייהייט גייען מיר אין קאַמף.
דעם הערשער און דעם קעניג
מוזן מיר טויטן,
צו מאַכן אַ רעפּובליק אין לאַנד".

די לידער האָבן געוועקט און געמאָנט ביי די פאַרשקלאַפטע מאַסן, זיך צו באַפרייען פון נויט, שמוץ און דחקות. דער צאַריזם האָט געענטפערט מיט פרישע אַרעסטן און פּאָגראָמען. די אַלע גע־שעענישן האָבן געקראָגן זייער אויסדרוק צווישן פאָלק און גע־בוירן נייע לידער:

„אין דרויסן ברענט אַ פייער
מיט אַזאַ מין גרויסן פלאַם,
מען קען שוין אויף דער גאַס ניט אַרויסקומען —
עס האָט זיך געמאַכט אין קישעניעוו אַ פּאָגראָם.

„ווער עס האָט דאָס בלאָט געלעזן
פון דער גרויס־באַרימטער שטאָט אָדעס,
דאָרט איז אויך אַ פּאָגראָם געוועזן,
וואָס האָט געדויערט דריי מעת־לעת".

אין זעלבן הויף האָט געוואוינט אסתר, אַן אלמנה, אַ „פריי־געזאָגענע", מיט צוויי קינדער. אין שטוב האָט זי געהאַט אַ גראָשנ־דיק קרעמל. יעדן פרייטיק צונאַכטס האָט זיך די יוגנט פון גאַס פאַרזאַמלט ביי איר אין הויז. געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און איר געגעבן צו לייזן אַ פּאָר גראָשן. איינמאָל, אַ פּורים, איז ביי אסתרן געווען קאָפּ אויף קאָפּ. ווען איך האָב זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט שלח־מנות טראָגן, האָט זיך מיין שוועסטער ריוועשע פאַרשטעלט פאַר אַ יינגל און איך פאַר אַ מיידל, מיר זיינען אַריין צו אסתרן און זיך אָוועקגעשטעלט זינגען:

„קום איך אַריין צושפּרינגען
מיט מיינע פּיסעלעך לויז,
הויב איך אָן צו זינגען
דער דלות איז מיר גרויס.

„זולל וסובא'ס,
באַצאָלט מיר מיינע חובות,
לאָזט מיך ניט שטיין,
כ'ברויך ווייטער צו גיין.

„גיי איך אַביסל ווייטער,
טרעפט מיך אַ רייטער,
האָט דער רייטער אַ הונט,
טוט ער מיך בייסן.
לויף איך אַרויף צום 'טשאָלניק,
נעמט ער מיך גאָר שמייסן"...

און אַ צווייט לידל:

„אַ גוטן פּורים, מלאך,
וואו איך גיי, פאַל איך,
ווייל די באָרד איז מיר צו־לאַנג
און דאָס ווייב איז מיר קראַנק.

„נעם איך דעם פּייער־טאָפּ
און מאַך דער ווייב אַ לאַך אין קאָפּ,
זאָגן די קינדערלעך — אוי, אוי, אוי,
ענטפער איך — ס'איז גוט אַזוי".

פון פאַרשטעלן זיך און טראָגן שלח־מנות האָב איך מיר פאַר־דינט אויף אַ ניי היטל פאַר יום־טוב...

אין דער וואָך פון פּסח, ווען אַלע לאָקשן־ברעטער זיינען שוין געלעגן אונטער דעם פּלומפּ און זיך געווייגט פון אַ גאַנץ יאָר, בין איך מיט מיין חבר גרשון אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און גע־שריען „כלים צו כשרן". מיר האָבן געטראָגן אַ קעסל הייס, קאָ־כיק וואַסער, וואָס מיר האָבן אונטערגעהייצט מיט האָלץ, און פאַר אַ קאָפּיקע, צי צוויי האָט יעדע באַלעבאָסטע געקאָנט אָפּכשרן די לעפל, טעפּ און טעלער. דער קעסל איז געווען גרויס און שווער, אָבער ווער עס האָט עס געאַרט, אַז פון דעם האָב איך זיך פאַרדינט אויף אַ פּאָר נייע קאַמאַשן?

נאָך אַ פאַרדינסט האָב איך געהאַט ערב פּסח: נאָכן בודק־חמץ זיין בין איך געגאַנגען איבער די הייזער און געשריען „חמץ צו פאַר־ברענען". ווען איך האָב אָנגעקליבן אַ זעקל מיט הילצערנע קאָכ־לעפל, אין וועלכע ס'האָבן זיך געפונען עטלעכע ברעקלעך ברויט און אַ געבנדזענע פעדער, אַרומגעוויקלט מיט אַ שמאַטקעלע, האָב איך עס פאַרברענט אויף אַ פעלד, און פאַרן געלט געקויפט מיין מאַמען אַ געבלימלטע שירץ אויף יום־טוב.

געווען נאָך אַנדערע פּרנסות אין דער וואָך פון פּסח, — ביים מצה־באַקן. מ'האָט געדאַרפט אַ קנעטער, אַ „גיסער", אַ „מצה־רעדלער", אַ „שיבער", אַ „וואַלגערער", — אָבער צו דעם בין איך נאָך נישט געווען גרויס גענוג. ביי דעם האָבן געאַרבעט מיינע שוועסטער.

# באַלוטער טיפּן

לאָדזש, ווי מסתּם אַנדערע גרעסערע שטעט, איז ניט געווען „איינהייטלעך". כאָטש גרויסשטאָטיש, האָט עס געטראָגן אַלע סימנים פון אַ קליין פאַרשידנאַרטיק שטעטל. פרומע יידן האָבן אום שמחת־תורה געטאַנצט אין די גאַסן. פאַר זיי איז דער הימל געווען קלאָר, אָן פלעקן. פאַר אַנדערע האָט זיך דער הימל געחושכט. די שטאָט איז געווען, ווי אַן אָרקעסטער פון פאַרשידנאַרטיקער מוזיק: פאַר איינעם גליק, פאַר אַ צווייטן טרויער — דלות, קאַמף, שטרייקס פאַר ברויט, — יעדעס ווינקל אַן אייגנאַרטיק שטעטל פאַר זיך.

ס'שווינדלט אַזש אין זכרון, ווען מ'נעמט זיך דערמאָנען די אַלע טיפּן פון דעם קנאַפּן פערטל מיליאָן יידן דאָרט. ווער קאָן פאַרגעסן די דאָרטיקע יידישע טרעגער? פאַר צען קאָפּיקעס האָט אַזאַ איינער אַריבערגעטראָגן אויף איין מאָל ס'גאַנצע הויז־ווירטשאַפט אויף זיינע פּלייצעס פון איין עק באַלוט צום צווייטן. ווען ער האָט זיך באַוועגט, האָט זיך נישט געזען קיין געשטאַלט, — בלויז צוויי פיס האָבן זיך געשאַרט אויפן אַספאַלט. געווען זיינען די טרעגער ערלעכע, האַרעפּאַשנע מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט מפרנס זיין ווייב און קינד.

אָט זע איך נאָך דעם „קאַצאַפּ", וועלכער איז געשטאַנען ביי די גרינע טישלעך אָנגעטאָן אין אַ מאָדנע הולך. אַפילו זומער, אין די גרעסטע היצן, אין אַ הויכן, וואַטאָוון ווינטער־מיצל. אָנגעהאַנגען איבער די אַקסל אַ גלעזערן קעסטל מיט אויסלענדישע קאַרמעלן, צוקערלעך, מאַנדלעך, האָט ער אויסגעזונגען מיט אַ „טערקישן" ניגון: „אייצים באָק, צימבאַק"!

אַ ייד, וואָס איז געווען באַקאַנט ביי יונג און אַלט אין באַלוט, איז געווען שייע מיטן „ליאָק". איין אויג איז ביי אים געוועזן האַלב

פאַרמאַכט, ס׳פּנים געשטופּלט, קליינגעוויקסיק, אָבער קרעפּטיק. אונ־טערהינקענדיק, האָט ער אין זיין „געהאַקטע זשופּיצע" געשפּאַנט איבער גאַסן און ליקלעך, איבער הייזער און הויפן, זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגענומען פון זעקל זיין בלעכענעם אינסטרומענט, דעם „ליאַק", און אַזוי לעבעדיק אויסגעשפּילט מיליטערישע מאַרשן, ליבעס־לידער און סתם ניגונים. בלאָזנדיק מיט פולע באַקן אויפן טראָמ־פּייט, האָט ער אַריינגעגאָסן זיין גאַנצע נשמה אין אָט־די ניגונים, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אַפילו זיין רויטע, געדיכטע באָרד פרייט זיך מיט אים. די גראַשנס, וואָס זיינען געפאַלן פון די פענצטער, האָט ער צוזאַמענגעקליבן ערשט, ווען ר׳האָט אויפגעהערט שפּילן, מחמת ער האָט ניט געוואָלט מפסיק זיין אינמיטן.

מען האָט אַפילו געשמועסט, אַז ער איז רייכער פון דעם „פּרוטה־ייד", וואָס פאַרמאָגט אפשר הונדערט רובל און גייט אַלץ איבער די הייזער מיט זיין געמאַכט לאָם הענטעלע... אָבער ווער עמען אַרט עס וואָס מען זאָגט, אַז זיין שפּילן אויפן טראָמפּייט פאַרטרייבט די מרה־שחורה פון באַלוטער ווילגאַטשנע הייזער און ברענגט פרייד צו די באָרוועסע, הונגעריקע, בלייכע קינדערלעך.

צווישן די „באַרימטע" טיפּן איז אויך געווען „בערעלע וועשער", אַ ייד אין די דרייסיקער. ער פלעגט וואַשן וועש פאַר אַ מאַלצייט, פאַר אַ שטיקל ברויט, אַ פּאָר קאָפּיקעס. אַ סברה, ער האָט אַמאָל געהאַט אַ ווייב. ווען די קינדער האָבן אים געפרעגט: בע־רעלע, וואו איז דיין ווייב? — פלעגט ער אַ געשריי טאָן: דו ראָצער, סמאַרק, ווילסט שוין וויסן פון אַ ווייב? אָט וועל איך דיר באַלד דערציילן ווי אַזוי איך האָב חתונה געהאַט!...

אָבער ער פלעגט זיי אָפּוואַרטן, ווען זיי זיינען געגאַנגען אין חדר מיט זעמל, ברויט, עפּל פאַר אָנבייסן, און דעמאָלט פלעגט ער זיי אַליין צורופן: „קומט, איצט וועל איך אייך דערציילן אַלע סודות פון אַ ווייב"... פאַר אַ ביסן ברויט פלעגט ער זיי זינגען פאַרשייטע לידלעך.

אין באַלוט האָבן געוואוינט מאַרעוויכערס, קונצנמאַכערס, קאַ־טערינשטשיקעס, גלאַט ווּאוילע־יונגען, פּראָסטיטוטקעס, און צווישן זיי האָט געהויזט אַ חדר, אַ תלמוד־תורה מיט ערלעכע, באַלעבאַ־טישע יידן און אויך אינטעליגענץ.

דאָ איז געווען באַרימט „שייע מאַגנאַט", אַ פרויען־הענדלער,

אויף וועלכן מען האָט געזאָגט, אַז ער שיקט אַריבער מיידלעך אין די וואַרעמע לענדער. ער איז געווען יונג, געזונט, פייך אַנגעטאָן, גלאַט ראַזירט, מיט אַ ווייסער וועסט און אַ גאָלדענע קייט איבער דער ברייט פון בויך, און געטראָגן רינגען אויף אַלע פינגער. יע־דער איינער האָט אים אָפּגעטראָטן דעם וועג, אַפילו פּאָליציי. וועגן שייען און די פרויען, וואָס ער האָט פאַרנאַרט און אָפּגעשיקט קיין אַרגענטינע, האָט מען געזונגען:

„מיט אייניקע מאָנאַטן שפּעטער
פאַרגעסט זי דעם מאַן, וואָס זי האָט,
עס מאַכט זיך אַן אַנדערעס וועטער —
דעם שגץ האַלט זי פאַר דעם גאָט.

„דער שגץ זאָגט איר צו מתנות,
נאָר פון נעמען ווערט ער נישט מיד;
דער הולטאַי האָט גאָר קיין רחמנות,
רחמנות האָט נאָר אַ ייד״...

נישט ווייניקער באַרימט איז דאָ געווען „מאַטעס קצב״, אַ היזיכער פאַרשוין, געזונט ווי אַן אָקס. פלעגט אַרומגיין מיט צוויי גרויסע הינט, ווי די קעלבער, אין האַנט — אַ פיין געשניצטער גראָבער שטעקן מיט אַ זילבערן הענטל. זיין „פּרנסה״ איז געווען „פּראָטעקציע־געלט״: ווען אַ בחור איז געגאַנגען מיט אַ מיידל, און מאַטעסעס „אויסשפּירער״ האָבן אויסגעפונען, אַז עס איז אַ פאַר־מעגלעך יינגל, איז באַלד אונטערגעקומען איינער פון מאַטעסעס חברה און אַ זאָג געטאָן: „ווייסטו, אַז איך בין מיט איר געגאַנ־גען״?

און אַך־און־ווי איז געווען צו דעם יונגנמאַן, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן...

„היינעך פּערקע״ איז געווען קורץ און רונדיק, מיט רויטע, גלאַנציקע באַקן און קליינע אויגעלעך. זיין חבר „מאיר שפּאַנצער״ איז געווען העכער און דאַרער. זיי האָבן געהאַט די אויבער־מאַכט איבער די „בלאַטע״ געשעפטן און זיינען געווען אויסגעקאָכט מיט „נאַטשאַלסטווע״. ווען ס'האָט זיך געמאַכט „חגא״ און דאָס גויאישע

געסל האָט זיך געגרייט שלאָגן און ראַבירן, האָט פערקע מיט אַלע וואוילע־יונגען צעממיתט די חברה, אַז בלוט האָט גערונען פון זייערע „טריפנע לײַבער".

הערשעלע מאַרעוויכער האָט „געאַרבעט" אויפן אַלטן מאַרק, צווישן די פויערים, יעדן דינסטיק און פרײַטיק. אַלט איז ער געווען מסתמא אַ יאָר צען, און זיך געחברט מיט גרויסע. זײַנע הענטע־לעך זײַנען געווען פלינק, ווי געבוירן פאַר „זײַן פאַך". הערשעלעס חברה פלעגן פאַרפירן „אַ געשלעג", אַרײַנגענומען אַ פויער אינ־מיטן, און איידער וואָס־ווען, איז הערשעלע פאַרשוואונדן מיט וואָס עס האָט זיך געמאַכט.

אין די „פרייע טעג" פלעגט הערשעלע אַרבעטן אויפן וואַרשע־ווינער וואָקזאַל. יידן אין קאַפּאָטעס און כאַלאַטלעך, אָרעמע און רייכע יידן, זײַנען געלאָפן, געשטופּט זיך, געשלעפּט פּעק, קוישן, זיך אָנגעשטויסן איינער אין אַנדערן, אַ בורטשע געטאָן און ווײַ־טער געלאָפן — — צווישן זיי האָבן פרויען פאַרקויפט בייגל, פלעצ־לעך, זאָדאַ־וואַסער, „אַ קאַלטס און אַ גוטס", — פלעגט שוין הער־שעלע זײַן אין דער מיט. מיט זײַנע שאַרפע אייגעלעך האָט ער פלינק אויסגעזוכט אַ קרבן, זײַן „פּאַרטיצער" האָט אים געהאָלפן און באַ־שיצט, — און אַזוי האָבן זיי זיך „צוזאַמענגעשטויסן" מיט אַ יידן, וועלכער איז „צופעליק" אומגעפאַלן און הערשעלע האָט אים גע־האָלפן אויפשטיין, און באַלד האָט שוין דער ייד געמאַכט אַ גוואַלד: „איך וועל זיך אַ מעשה אָנטאָן! געט מיר ס'באַטעלע, מען האָט מיך באַגנבעט"...

# די שטרייק־כוואַליעס פון 1905

די באַריקאַדן־קאַמפן האָבן צעפלאַקערט די געמיטער אַפילו פון חדר־ייִנגלעך. אויף טעראַר פון דער צאַרישער פּאָליציי האָט דאָס פּראָלעטאַרישע לאָדזש געענטפערט צוריק — אויב נישט מיט געווער, איז מיט פליסיקן ברען־שטאָף.

טאַקע אַלס חדר־ייִנגל האָבן מיר געפירט אַ דעמאָנסטראַציע אויף ראָג אַלעקסאַנדער און זגערשער גאַס. אָן געווער, האָבן מיר מיט שטיינער און שטעקנס געשטילט דעם צאָרן, און לידער האָבן געוועקט צום קאַמף:

„שמידט אונדז אין אייזערנע קייטן,
ווי בלוטיקע חיות אונדז רייסט —
איר קאָנט אונדזער קערפּער נאָר טויטן,
אָבער קיינמאָל אונדזער הייליקן גייסט.

„ברידער, מיר האָבן געשלאָסן
אויף לעבן און טויט אַ פאַרבאַנד,
מיר שטייען אין שלאַכט, ווי גענאָסן,
די פאָנען, די רויטע אין האַנט“.

יעדן טאָג זיינען געפאַלן אַרבעטער־מענער און פרויען אין די גאַסן־שלאַכטן. פּאָליציי־סטראַזשניקעס, וואָס האָבן זיך אויס־געצייכנט מיט אכזריותדיקייט קעגן די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, האָבן באַצאָלט מיט זייער לעבן. דאָס זעלבע שפּיאָנען און פּראָ־וואָקאַטאָרס.

אויף אַ בוידעם־שטיבל אין באַלוט, אויף פראַוועטן־גאַס, האָט צו אונדז גערעדט אַ חבר: „איר זענט נאָך צו יונג און צו קליין זיך

אַקטיוו צו באַטייליקן. אָבער איר וועט קאָנען האַלטן וואַך און געבן סיגנאַלן, ווען מיר פאַרזאַמלען זיך אין וואַלד"...

ווען ער האָט אונדז אַדרעסירט, ווי „חברים", איז אַדורך אַ ציטער איבערן לייב. דאָס ערשטע מאָל געהערט אַזאַ טייער וואָרט...

ווער עס איז אַוועק צום קאָנסטאַנטינער וואַלד און ווער אין אַנדערע פּלעצער, צו פאַרהיטן די עטלעכע חברים. איך בין גע־שיקט געוואָרן הינטער פּאָזנאַנסקיס שפּיטאָל, צו היטן דאָרט אַ פאַרזאַמלונג.

די גרעסטע בירזשע איז געווען אויף ווסכאָדניע גאַס. דאָ האָבן זיך געפונען די פאַרשטייער, דאָ איז מען געקומען מיט קלאַגעס קעגן די מייסטערס. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָבן לאָדזשער אַרבעטער געפילט, אַז זיי זיינען אויך מענטשן. מען האָט אויפ־געהערט אַרבעטן פון זון־אויפגאַנג ביז האַלבער נאַכט. פאַר בלויז באַליידיקן אַן אַרבעטער האָט אַ מייסטער געמוזט עפנטלעך זיך אַנטשולדיקן אין דער יידישער אַרבעטער־צייטונג.

ווען אַ שטרייק איז דערקלערט געוואָרן ביי אַ וועבער, איז זיין סחורה באַצייכנט געוואָרן מיט קרייד, אין געוויסע איניציאַלן. און ווען דער שטרייק־קאָמיטעט איז מיט אַ טאָג שפּעטער געקומען רעווידירן און ניט געפונען מער די צייכנס, האָט מען מיט מע־סערס צעשניטן די סחורה.

די שטרייקערס האָבן געמוזט אַנוואַרפן אַ מורא אויף די שקלאַ־פישע באַלעבאַטים, וואָס האָבן געהאַט עטלעכע וועב־שטולן, אַליין געלעבט אין נויט, מיט לונגען־פעלערן, האַרץ־קראַנקהייטן, רויטע אויגן פון זיצן ביים אַכטער־לעמפּל גאַנצענע נעכט, — און דאָך זיך באַצויגן מיט ביטול צו די אַלע געשעענישן.

פאַרשטייט זיך, אַז פּאָליציי האָט ניט געשוויגן. אַ סך האָט מען אַרעסטירט און ניט זעלטן האָט זיך עס געענדיקט מיט סיביר. צווישן די אַרעסטירטע זיינען בלויז געציילטע געוואָרן פאַררעטער. איינער צווישן זיי, נחומל וואַריאַט, אַ סטודענט, אַ זונדל פון רייכע עלטערן, האָט נאָכדעם, ווי ער איז באַפרייט געוואָרן, אָנגעטאָן אַ סך שאָדן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין באַלוט. אָבער אַ זי־כערע האַנט האָט אַ סוף געמאַכט צו זיין פאַררעטערישער און פּראָ־וואָקאַטאָרישער אַרבעט.

לאָדזש איז געווען אונטער קריגס־צושטאַנד און אין די אָוונטן האָט מען נישט געטאָרט זיך באַווייזן אין די גאַסן. שאָסן האָבן אָפּגעהילכט איבערן שטאָט. פאַר געפינען ביי אימיצן אַ פּראָקלאַ־מאַציע איז פאַרגעשטאַנען לאַנגע יאָרן תפיסה.

אַזאַ פּראָקלאַמאַציע מיט רויטער שריפט איז דעם ערשטן מאָל אַריינגעפאַלן אין מיינע הענט. דאָס איז געווען אַן אויפרוף פאַר דעם ערשטן מאַי! איך האָב נאָך נישט געוואוסט די באַדייטונג פון דעם, איך האָב עס אָבער געהאַלטן, ווי אַ הייליקייט.

איך בין נאָך דעמאָלט קיין צען יאָר נישט אַלט געווען, כאָטש אויסגעזען האָב איך מיט דריי, פיר יאָר עלטער און האָב שוין גע־אַרבעט מיט וויגדאָרן אין דער פּליוש־וועבעריי. ער אַלס געזעלן, און איך זיין העלפער. איך האָב געאַרבעט ביי „דראָטן־שטעקן". דאָס איז געווען זייער אַ דעליקאַטע אַרבעט. די דראָטן האָבן גע־האַט פוגעס, און יעדעס מאָל, ווען אַזאַ דראָט איז אַריינגעשטעקט געוואָרן אין דער ווייסער „מעהער־קעטע", האָט די געניטע האַנט פון וויגדאָרן בליץ־שנעל אַ שניט געטאָן איבער דער לענג פון דער פוגע, און אַזוי אַרום האָבן זיך געמאַכט די „בערשטלעך" אויף דער סחורה. פּאַסירט, אַז וויגדאָר האָט אַן אומפאָרזיכטיקן שניט געטאָן און „אַרויסגעלאָזט" אַ סך פעדים. איז דער מייסטער גע־וואָרן אַן אָנגעצונדענער און זיך גענומען שלאָגן, — האָבן מיר דערקלערט אַ שטרייק.

באַלוט האָט זיך דעמאָלט געריכט אויף אַ פּאָגראָם. דער הויף איז געווען גרייט און וואַך אַ גאַנצע נאַכט. די קינדער און פרויען האָט מען אַרויפגעפירט אויפן בוידעם, און די מענער האָבן אָנ־געגרייט אייזערנע פּרענטן, דישלעס פון וועגענער, שטיינער, קינ־זשאַלן, דאָ־און־דאָרט האָט אימיצער געהאַט אַ „בראַניק", אַ רע־וואָלווער. די נערוון זיינען געווען אָנגעצויגן ביז פּלאַצן. די טויערן פאַרריגלט און פאַרשלאָסן — נישט אַריין און נישט אַרויס. אַ וואַך פון זעלבסטשוץ איז געווען אין יעדן הויז און אויף יעדער גאַס.

פּלוצים האָב איך באַמערקט, אַז אַ מענטש דרייט זיך אַרום אויף אונדזער הויף. איך האָב זיך פּאַמעלעך צוגעשלייכט, — ס'איז משה.

— הערי, פּעמפּיק, וואָס איז מיט דיר? — פרעגט ער שטיל.

— איך וויל העלפֿן פֿאַרטרייבן די פֿאָגראָמטשיקעס; כ׳האָב אַ רעוואָלווער.

— אַ־נאָ, לאָמיר זען.

כ׳האָב אַרויסגעשלעפּט פֿון קעשענע מיין ווייסן רעוואָלווער. משה האָט אַ צי געטאָן ס׳צינגל און ס׳האָט אויסגעשאָסן... משה האָט זיך צעלאַכט. ס׳איז געווען בלויז אַ שפּילצייג־רעוואָלווער, וואָס האָט געשאָסן מיט פּראָפּנס. אָבער אַ קנאַל האָט עס געגעבן, העכער ווי אַן אמתער רעוואָלווער.

# לאָדזש

אין זובאַטש, ביים וועג, וואָס פירט נאָך אַלעקסאַנדער, זיינען געשטאַנען די דייטשישע פליוש־וועבער פאַר די הייזער און געמיטלעך גערויכערט זייערע ליולקעס. די גאַסן זיינען געווען זייער ריין, אויסברוקירט מיט שטיינער, און צוביידע זייטן שרעגנעס איינגעפלאַנצטע יונגע בוימעלעך. פון די הייזער האָט געשמעקט וועבעריי און קרויט.

וואו־ניט־וואו האָט זיך נאָך געהערט דאָס קלאַפּן מיט דער לאַדע אין שיצן פון די וועב־שטולן. די פענצטער זיינען געווען ברייט אָפן, דער פאַרנאַכט קלעפּיק הייס. שכנים האָבן זיך אויס־געזעצט אין פראָנט פון אייגענע הייזער, געגריסט „גוטנאָוונט".

די קינדער האָבן טומלדיק זיך געשפּילט אין הויף. זייער גע־לעכטער, פריש און הילכיק, האָט אָפּגעקלונגען אין גאַס. די זון האָט געניִדערט, זיך געזעצט אויף די פּלויטן, די לעצטע מאַטע שטראַלן האָבן געפינקלט אין ריין־געוואַשענע פענצטער. אַ שוואַלב האָט זיך געיאָגט צו אַ נעסט אין אַ בוים, אָדער הינטער אַ דאַך, אַ פלעדערמויז האָט אָנגעהויבן דרייען זיך נידעריק ביי די היי־זער.

אַ ייד אין אַ לאַנג, צעריסן כאַלאַט, מיד און הינקעדיק, שוין אויפן וועג אַהיים צו ווייב און קינד, האָט נאָך מיט אַ שוואַך קול, פון געוואוינהייט־וועגן, געשריגן „האַנ־דל האַנ־דל"!

די קינדער האָבן איבערגעריסן זייער שפּיל, אים נאָכגעוואָרפן דריבנע שטיינדלעך און געזונגען:

„יודע, יודע, האַנדעלײַנע,
ווען טו שטאַרבן, וועל איך וויינען.
וועסטו קראַפּירן, וועל איך לאַכן
און דיר אַ שוואַרצן קאַסטן מאַכן"...

דער ייד, מיטן זעקל אַלטוואַרג אויף די פּלייצעס, איז זיך ווייטער געגאַנגען, ווי נישט אים מיינט מען. צוגעהאַלטן מיט דער לינקער האַנט דעם זאַק אויפן רעכטן אַקסל און דעם הילצערנעם שטעקן אין דער רעכטער האַנט, האָט ער דערביי שטיל זיך אונטער־געברומט אַ ניגון...

***

אין אויבסט־מאַרק איז געלעגן הויכע בערג מיט עפּל, באַרן, פלוימען — פּרוכטן, וואָס די וועלט האָט נישט געזען. טויזנטער פעסער מיט אנאנעס, פּאָמעראַנצן און ווייַנטרויבן. יונגוואַרג האָט זיך געדרייט אַרום די טייערע פּרוכטן, געקוקט מיט זשעדנע אויגעלעך, געוווען גליקלעך צו טאָן אַ האַלבן טאָג אַרבעט פאַר אַביסל עפּל, אָדער באַרן.

פּויערים האָבן צוויי מאָל אַ וואָך געבראַכט אַהער פּוטער, הינער, אייער, שטרוי, קאַרטאָפל, זיסע ריבן, — אַלץ, וואָס יידן דאַרפן האָבן אויף שבת און יום טובים, אַפילו סכך אויף סוכות, און גרינס אויף שבועות.

דאָ האָבן יידן געקלאַפּט די פּויערים אין דלאָניע, און ווען מ'איז מושווה געוואָרן, האָט מען ערשט „אַראָפּגעכאַפּט" אַ פּאָר קאָפּיקעס.

דער מאַרק איז געווען פול מיט „ציפּערס" און מאַרעוויכערס, יידישע און גויאישע, וועלכע האָבן געלעבט בשלום, געמאַכט יד־אחת און געשוואוירן „יאַק באָגאַ קאָכאַם", אַז איינער דעם אַנדערן וועט נישט „פאַרשיטן"...

אויפן סטאַוו האָבן יידן פאַרקויפט בלוי געפעס, שניט־סחורה, פיש, נאַפט און הערינג, זעמל און בייגל, „מאַנדלעך" און צוקער־לעך, סידורים, מזוזות, מחזורים, — אַלץ, וואָס אייער האַרץ גלוסט נאָר.

אַז ס'איז געקומען ערב שבת, האָט זיך אַלץ אויפגעהערט דרייען, — אַפילו די מיידלעך מיט די רויטע בעקעלעך, וואָס האָבן בגניבה געכוויכערט פאַפּיראָסן און זיך געדרייט אַ גאַנצע וואָך הין און צוריק איבער די טונקעלע גאַסן, זיינען אַהיימגעגאַנגען זיך אויס־צוואַשן און מיטן ניס־קעמל אויסגערייניקט די זינד פון אַ גאַנצער וואָך...

פּיאָטרקאָווער גאַס איז געווען דער גלאַנץ פון שטאָט, אַלע מאָל אויסגעצירט יום־טובדיק. דאָ פלעגן שפּאַצירן רייכע דאַמען. דאָ האָט מען גערעדט רוסיש, פּויליש און אויסלענדישע שפּראַכן. דאָ האָבן הערן עלעגאַנט געצויגן זייערע קאַפּעליושן, זיך געבייגט, געקושט די ווייסע, פּוכקע הענטלעך פון די דאַמען. רוסישע אָפיצערן מיט זילבערנע שפּאָרן און גאָלדענע עפּאָלעטן זיינען דאָ געזעסן אין קאַוויאַרניעס מיט דאַמאָטשקעס און געוואַרט, ביז דער „דענשטשיק" וועט קומען זאָגן „ווסיאָ גאָטאָוו". אַהער האָבן באַלוטער יינגלעך זעלטן־ווען אַריינגעשמעקט.

איידער מען איז געקומען צו אָט־דער גאַס, האָט מען באַדאַרפט דורכגיין „די גרינע טישלעך", די אַלטע שטאָט, די נייע שטאָט און דעם מאַגיסטראָט, וואו עס פלעג פול זיין מיט „ליאָסאָוויקעס". די פּוילישע רעקרוטן האָבן אָפּגעשפּעט פון די יידישע, למאי איינער האָט געהאַט אַ בילמע אויפן אויג, אַ צווייטער אַ לאָמען פוס, אַ „פלוס" אין אויער, אָדער עפּעס אַן אַנדערע געמאַכטע קרענק, כדי נישט צו גייך דינען פאָניען. און האָט פּלוצים אַ מאַמע זיך צע־כליפּעט: „אוי, אַ בראָך איז מיר! מען האָט אים צוגענומען!" — האָבן די גויאישע רעקרוטן זיך צעלאַכט און אַריינגעגאָסן נאָך אַ „מאָניו פּאָלקע".

טענהט אַ צווייטע פרוי צו איר מאַן: „פאַרוואָס האָט מען יצחק־לייבס זון, דעם חזיר־פרעסער פריי געלאָזט, און אונדזער דודל צוגענומען? פאַרוואָס קומט זיי אַלץ, די נגידים? גאָט זאָל מיך ניט שטראָפן פאַר די רייד, — הפּנים, אַז די בעל־עברהניקעס האָבן אַ צד אין הימל"...

אויף דער הויפּט־גאַס האָט מען, אין אַ טיפן הויף, אין ספּעציעל אויפגעשטעלטע פּאַלאַטקעס, געוויזן פאַר פינף קאָפּיקעס „די שפּאַ־נישע אינקוויזיציע". אין גלעזערנע קאַסטנס זיינען געלעגן פרויען, די בריסטן איינגעקרעמפּעוועט אין ברעטלעך מיט טשוועקעס; מע־נער און קינדער זיינען אויסגעגאַנגען אין יסורים פון אַנדערע פּיי־ניגונגען.

אויף נאָווע מיעיסקאָ האָבן מעקלערס זיך געהיצט, געדרייט מיט די יאַמשטשיקעס שטעקעלעך, איינער דעם אַנדערן איינגערוימט אַ סוד אין אויער. מ'האָט געקויפט און פאַרקויפט ראָטשילדס און פּאָזנאַנסקיס פאַרמעגן, — געלעבט פון דער לופט, פון דרייען.

האָט מען געביסן די שפּיציקע בערדלעך, זיך געשוואוירן „דער קאָפּ זאָל אַזוי לעבן״, און זיך געוויצלט: „ווען כ׳קריג דריי הונדערט קערבלעך, ווער איך אַ גביר, אַזוי זאָלן מיר ביידע לעבן״...

אין ביבליאָטעק אויף זשגערזשער גאַס 15 איז אַ גאַנצע וואָך געווען שטיל. פון צייט צו צייט איז אַריינגעקומען אַ ייִנגל, אַ מיידל, געבעטן אַ בוך פון אַנאַטאָל פראַנס, מאַקסים גאָרקי, טשע־כאָוו, אַנדרעיעוו — אין אָריגינאַל און איבערזעצטע.

דערפאַר איז דאָ פּרייטיק־צונאַכטס געווען געפּאַקט מיט וועבער־ייִנגלעך, טריקאָטאַזש־אַרבעטער, בערשטער, דינסטמיידלעך, שפּאָ־לעריגס און פון צענדליקער אַנדערע פאַכן. די מייַנסטע האָבן קוים, קוים געקענט לייענען, זיך ערשט גענומען באַקענען מיט ביכלעך פון אייזיק מאיר דיק, אָדער שמ״ר. אָבער אַנדערע האָבן שוין געלייענט י. ל. פּרץ, מענדעלען, שלום עליכם, דינעזאָן. אַהער זיינען אויך געקומען אָנפירער פון שטודיר־גרופּן נאָך ווערק פון מאַרקס, ענגעלס, קראָפּאָטקין, און געזוכט אין די קאַטאַלאָגן בייַע ביכער, וואָס זאָלן העלפן דערהייבן דעם קולטורעלן און פּאָליטישן מצב פון די פּראָסטע ייִנגלעך און מיידלעך.

*
* *

ווען ס׳האָט צווישן לאָדזש און אַלעקסאַנדער אָנגעהויבן קורסירן דער ערשטער נייַער טראַמוואַי, האָבן די ייִדישע פורמאַנעס אין דעם געזען אַ נייַע גזרה פון צאַר, כדי צו באַרויבן ייִדן פון זייער פּרנסה. זיינען זיי אַוועק צום רבין מיט אַ יללה: „סטייטש? ווי קומט עס, וואָס די חסידים פאָרן מיטן טראַמוואַי? רבי, מיר וועלן דאָך נישט האָבן אויף שבת״!

האָט דער רבי לאַנג זיך געקישובט און געהייסן באָיקאָטירן דעם טראַמוואַי. נו, דער רבי הייסט, דאַרף מען פאָלגן. אָבער לאַנג האָט דער באָיקאָט נישט אָנגעהאַלטן, און די פורמאַנעס זיי־נען סיי ווי געבליבן אָן ברויט. זיינען זיי אַריבער צו קהל: „די קהילה האָט גענוג געלט! מיר וועלן דאָך נישט לאָזן אויסגיין אונ־דזערע ווייבער און קינדער פון הונגער!״ — האָט געשריגן שמריה ביק.

איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי אַריבערפירן די פורמאַנעס אויף יונה פּילצערס פּלאַץ, צווישן די אויבסט־הענדלער

און סאַדאָווניקעס, — און זאָלן זיי ווייטער קאָנען ציען די ליי־צעס...

אָבער נאָך אַ סך אַנדערע יידן האָבן נישט געהאַט אויף שבת. ס׳האָט געהערשט נויט, פינצטערניש, נידערגעשלאָגנקייט. געווען יידן, וואָס מער, ווי דאָס, וואָס אויפן לייב, האָבן זיי נישט פאַר־מאָגט. און ביי אַלץ דעם האָט מען געמוזט צאָלן „פּאָדאטקעס״, אַז נישט האָט שטאָט אַרויסגעקלעפּט ווייסע פיר־קאַנטיקע צעטעלעך אויף יעדעס פיצל אין הויז, און נאָך צען טעג עס אויספאַרקויפט אויף אַ „ספּשעדאַזש״. איז מען געלאָפן אין לאָמבאַרד, פאַרזעצט די שבתדיקע לייכטער, אָדער אַ יום־טובדיק מלבוש און פּטור אַן עסק. וואָרום ווערן געפירט דורך זעלנער מיט „בלאַנקע שווערדן״, ווי מ׳האָט געפירט מיין ברודער מאיר־יוסף, איז בעסער?...

קינדער זיינען ברוך השם געווען אַ סך. נאָך אַלעמען, וויפל קאָסט, מ׳שטיינס געזאָגט, אַ פּיצעלע ביי דער ברוסט? אַז אַפילו אויף „אונטערצושיטן״ אַ קינד האָט מען גענוצט די „פּראָכנע״ פון די אַלטע וועבשטולן, וואָס די מאַמע פלעגט פון זיי אויסקראַצן מיט אַ מעסער. אַמאָל האָט מען אויך גענוצט פאַרן זעלבן צוועק דאָס מעל פון דער פלאַכער זייט פון ברויט. און אַז אַ קינד האָט זיך חלילה אַ שניט געטאָן, האָט מען גענומען אַ שטיקל וווייך ברויט, עס איינגעטונקען אין שפּינוועבעבעך, וואָס האָט זיך אַלע מאָל גע־פונען אין די ווינקלען פון די ווענט, און עס צוגעלייגט, ווי אַ היילמיטל קעגן בלוט־פאַרגיסונג.

איין קינד האָט געהאָדעוועט דאָס צווייטע, איין קינד האָט גע־וויגט דאָס אַנדערע, מחמת די מאַמע איז אַלע מאָל געווען פאַר־נומען מיט קאָכן, וואַשן וועש, ראַמען דאָס הויז, אָדער שטיין ביים שפּול־רעדל. און אַפילו ביים שפּול־רעדל האָט זי געהאַט צוגע־בונדן אַ שטריק צום וויגל, געוויגט ס׳פּיצל קינד און זיך שטיל אונטערגעזונגען:

„קומט אַריין דער וועדט מיט זיין גראָבן שטעקן, —\
אַז מען וויל נישט צאָלן קיין דירה־געלט,\
וואַרפט ער אַרויס די בעטן.\
דירה־געלט, אוי־אוי־אוי, דירה־געלט, אוי־אוי־אוי,\
קיין דירה־געלט איז נישטאָ צו צאָלן״.

***

אַז עס איז געקומען דער ליבער שבת און דער טאַטע איז אַוועק גאַנץ פרי צו שחרית, און די מאַמע איז געלעגן אין בעט מיט דריי צופּיסנס און צוויי צוקאָפּנס, פלעגט זי אונדז דערציילן שיינע מעשה־לעך פון מאַטקע כאַבאַד און אפרים גריידיקער, אָדער הערשעלע אָסטראָפּאָליער:

„אויפן מאַרק איז פּלוצלינג אייער געוואָרן זייער טייער און דווקא אויף פּסח. גייט־צו הערשעלע און קויפט אַ שאָק אייער און ציילט די אייער אַריין אין דער פּאָלע פון פּויער. לויפט־אונטער אַ ייד און טוט אַ געשריי: ‚הערשעלע, די מאַמע איז דיר געשטאָרבן!‘ הערשעלע טוט זיך אַזאַ דריי, אַז — קניאַק! אַלע אייער פאַלן אַרויס פון דעם פּויערס פּאָלע“...

שבת בייטאָג זיינען די קינדער געלאָפן אין „קאַליע גאָרטן“, וואָס האָט זיך געפונען אין „ווילקע“, נישט ווייט פון קאַלישער וואָקזאַל. אין גאָרטן זיינען געוועזן גרינע ביימער, גראָז, — אַ זאַך, אין וואָס מיר, אין באַלוט, זיינען געווען זשעדנע — און אויך אַ פּלומפּ מיט אַ בלעכן קענדל אויף אַ קייט האָבן די באַלוטער קינ־דער געטרונקען וואַסער וויפל זיי האָבן געוואָלט.

דער גאָרטן איז געווען אַ קליינער, אָבער אין די אויגן פון קינדער איז עס געווען אַ גאַנצער וואַלד. דאָ האָבן פייגעלעך גע־היפּערט פון בוים צו בוים, האָבן קינדער זיך געפרייט, געטאַנצט אין רעדלעך און לידלעך געזונגען:

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס ערשטע יאָר,
דאָס ערשטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַן איי צו האָבן.
ווי זאָל מען דאָס [דעם] איי אַ נאָמען געבן?
באַלד וועט זיין אַ הינדעלע, באַלד וועט זיין אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס צווייטע יאָר,
דאָס צווייטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ הון צו האָבן.
ווי זאָל מען דאָס [דער] הון אַ נאָמען געבן?
טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ — אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס דריטע יאָר,
דאָס דריטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ האָן צו האָבן.

ווי זאָל מען דעם האָן אַ נאָמען געבן?
קו־קע־ריקי איז מיין האָן,
טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ — אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס פערטע יאָר,
דאָס פערטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ קאַטשקע צו האָבן.
ווי זאָל מען די [דער] קאַטשקע אַ נאָמען געבן?
קוואַק, קוואַק, קוואַק איז אַ קאַטשקע,
קוקעריקי איז אַ האָן,
טשיפּ־טשיפּ־טשיפּ איז אַ האָן,
פון אַן איי אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס פינפטע יאָר,
דאָס פינפטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ גאַנדז צו האָבן.
ווי זאָל מען די [דער] גאַנדז אַ נאָמען געבן?
לאַנגער האַלדז איז מיין גאַנדז,
קוואַק־קוואַק־קוואַק איז אַ קאַטשקע,
קוקעריקי איז אַ האָן,
טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ — אַ הינדעלע,
פון אַן איי אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס זעקסטע יאָר,
דאָס זעקסטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ אינדיק צו האָבן.
ווי זאָל מען דעם אינדיק אַ נאָמען געבן?
האַלדרע־באַלדרע איז מיין אינדיק,
לאַנגער האַלדז איז אַ גאַנדז,
קוואַק, קוואַק, קוואַק איז אַ קאַטשקע,
קוקעריקי איז אַ האָן,
טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ — אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס זיבעטע יאָר,
דאָס זיבעטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ בין צו האָבן.
ווי זאָל מען די [דער] בין אַ נאָמען געבן?
זשַי־זשַי־זשַי איז אַ בין,

האָלדרע־באָלדרע איז אַ אינדיק,
לאַנגער האַלדז איז אַ גאַנדז,
קוואַק, קוואַק, קוואַק איז אַ קאַטשקע,
קוקעריקי איז אַ האָן,
טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ — אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע.

„האָב איך מיר דערלעבט דאָס אַכטע יאָר,
דאָס אַכטע יאָר האָב איך מיר דערלעבט אַ בער צו האָבן.
ווי זאָל מען דעם בער אַ נאָמען געבן ?
אַהין און אַהער דרייט זיך אַ בער,
אַהער און אַהין פליט אַ בין,
האָלדרע־באָלדרע איז אַ אינדיק,
לאַנגער האַלדז איז אַ גאַנדז,
קוואַק, קוואַק, קוואַק איז אַ קאַטשקע,
קוקעריקי איז אַ האָן,
טשיפּ, טשיפּ, טשיפּ — אַ הינדעלע, פון אַן איי אַ הינדעלע״.

און וועגן דעם אָרעמאַן האָבן זיי געזונגען:

„דער אָרעמאַן, וואָס וואוינט אין קעלער,
דאָס וואַסער גיסט פון זיינע ווענט,
דערצו באַקומט ער ראַמאַטעס־פעלער
אין די פיס און אין די הענט״.

זיי האָבן אויך געהאַט אַ לידל וועגן גנבים:

„אַ גנב ליגט שטעטס [שטענדיק] אין דער תפיסה,
צווישן גראַטעס און אייזערנע ווענט,
ער ליגט אַזוי ווי אין אַ פינצטער קבר,
די ליבע זון איז אים פאַר אים פאַרשטעלט.

„פון מיינע עלטערן בין איך אַוועקגעפלויגן,
כ׳בין אַלט געווען זעקס אין זיבעטן יאָר,
אין טורמעס האָב איך זיך אויפגעצויגן
פון זיבן ביז איינאונצוואַנציק יאָר״.

# אַ לעבן . . .

אויףביידע זייטן גאַס איז געשטאַנען צוועלף הייזער און צוויי „קאַמעניצעס”. די גאַס איז געווען אַ בלאָטיקע. זומער זיינען די בלאָטעס געווען האַרט און טונקל־גרוי. ווינטער — געדיכט־קוואַטשיק, מיט קויטיקן שניי. איין הויז פון אַנדערן איז געווען אַ היפּש ביסל אָפּגערוקט, און אויפן פרייען פּלאַץ האָבן זיך געריועט שרצים. קיילער האָבן דאָ געוואָרפן ס׳אָפּפאַל פון חזירים, און פון גאַנצן אַרום זיינען קינדער געקומען אַהער אויף ראַצן־פּאַליעוואַניע.

די גאַס האָט פאַרמאָגט פינף יידישע קראָמען און איין ניט־יידישע; די אַלע געוועלבלעך צוזאַמען האָט מען געקאָנט איינפּאַקן אין איין זאַק.

אַן איינציקער בוים איז געשטאַנען אין אונדזער הויף, לעבן בית הכסא, צו וועלכן דער בעל־הבית האָט געהאַט אַ באַזונדערן שליסל. ווען דער סטרוזש האָט זיך אין אַ חגא אָנגעטרונקען, פלעגט ער זיך אָוועקשטעלן ביים בוים און שרייען: „איך וועל דעם ממזר די הויט אָפּשינדן! יעדן טאָג באַדאַרף איך שייערן זיין אָפּטריט, אַ רוח אים אין די ביינער, און מער ווי דאָס מויזן־לאָך צו וואוינען גיט ער נישט”.

דאָס „מויזן־לאָך” האָט זיך געפונען האַרט לעבן אונדזער טיר, אויפן צווייטן שטאָק. דאָ האָט געוואוינט דער סטרוזש מיטן ווייב און צוויי טעכטער. די יינגערע טאָכטער זיינע איז געווען אַ יפת־תואר. אַ ריח האָט זיך פון דאָרט געטראָגן, ווי פון אַ שפּיטאָל, געמישט מיט איבלדיקער לופט. דאָס קעמערל איז געווען אַ דרייעק, אָן פענצטער, פאַרשטעלט מיט אַ הילצערן װענטל דריי איילן די ברייט, און אין דער מיט אַ קליין טירל צום אַריינגיין.

אַמאָל האָט מען נאָך אין ווינקל פון קאָרידאָר געהאַלטן שמאַטעס, ברעטער, אַ פעסעלע קרויט, אַביסל זויערע אוגערקעס, אַלטע

כלים. אַט־דאָס פינצטערע ווינקל האָט בייטאָג און ביינאַכט אָנ־געוואָרפן אַ שרעק אויף די קינדער.

אַ סך קאַוואַליערן, פּראַנטיש אויסגעפּוצט, פלעגן קומען צו דער שיינער העלענקאַ. די מאַמע אירע פלעגט זיצן איינגענורעט אונטער דער איקאָנע, די „מאַטקאַ באָסקאַ״, באַלויכטן מיט אַן אומ־היימלעכן רויטן אָפּשיין, און דער סטרוזש איז כסדר געשלאָפן איינגעקאָרטשעט אין אַלטן קאָזשוך. די עלטערע שוועסטער, סטאַש־קאַ, האָט געאַרבעט אין אַ פאַבריק. ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָט מען דורך דעם דינעם ווענטל געהערט שעלטן און וויינען.

*****

חברים האָב איך דאָ געהאַט גענוג. איציקל, דער סטודענט פון לאַגאָווניקער גאַס, האָט אַפילו שבת געטראָגן דאָס היטעלע מיטן גרינעם בענדל און גלאַנציקן דאַשעק. ער איז געווען מיט פיר יאָר עלטער און איז שוין געגאַנגען מיט דינה קאַזאַק. „קאַזאַק״ האָט מען זי גערופן צוליב די מאַכיקע האָר, וואָס איז איר גע־וואַקסן אויףביידע באַקן ביי די אויערן.

איציקל האָט מיך באַקענט מיט חיהלען, אַ מיידעלע ווי אַ עפּעלע. מיר האָבן זיך באַגעגנט ביי דער מעלקערין, וועלכע האָט געהאַלטן אויף איר הויף פיר רויטע קי מיט טונקל־גרויע פלעקן איבער דער גאַנצער פעל.

אונדזער ביידנס חבר איז געווען אברהמל, וועלכער האָט שוין געקענט שפּילן אויפן פידל „אין וועלדל ביים טייכל״... זיין פאָטער איז געווען אַ וועבער און געזונגען אין אַ מענער־כאָר אין גאָרטנס אויף „זאַבאַוועס״. זיי האָבן אויך געהאַט אַ געוועלבל פון מעל, פּעטרישקע און הערינג. אברהמל איז געגאַנגען מיט רבקהן פון גראָשעק גאַס, וועלכע איז יעדן פאַרנאַכט געקומען צו זיי קויפן פאַר אַ גראָשן אַ הערינג־קאָפּ. נאָר ווען ס׳האָט קיינער נישט געזען, פלעגט איר אברהם צולייגן אַ מיטל־שטיקל.

מיינע חברים האָבן געהאַט באַקאַנטע מיידלעך און געלט, נאָר איך איינער האָב קיין גראָשן ניט פאַרמאָגט. און ווען חברה האָט באַ־שטימט צו גיין שבת זען אויף פּעטריקאָווער 15 „זשיוואָ־בראַזע״ (אַ פילם), האָבן זיי באַשלאָסן מיך „פריי־האַלטן״.

ווען כ׳בין אַרויס פון שטוב און בין שוין געווען גרייט אַראָפּ־

צושפּרינגען די פינצטערע טרעפּ, האָט די שיינע העלענקא אָן עפּן געטאָן דאָס טירל פון איר קעמערל און מיך לייכט אַ צי געטאָן פאַרן כאַלאַטל:

— איך וואַרט אויף דיר, מיין ליכטיק פּנים, — זאָגט זי שטיל און שפּילט זיך מיט מיין נעזל, — איך וויל זאָלסט מיך פּאָלגן אַ גאַנג. לויף שנעל אויף דאָלנע־גאַס און זאָג יוזעפן...

דערביי האָט זי מיר אַריינגעשטופּט אַ קופּערנעם צענער אין האַנט אַריין.

הענדום־פּענדום בין איך אין גאַס געווען. מיט אַ צענער אין טאַש האָב איך שוין געקאָנט פונדעווען חיהלען, זי זאָל גיין מיט אונדז אין קינאָמאַטעגראַף.

אַ מיידל האָט געשפּילט פּאַרטאַפּיאַן און מענטשעלעך זיינען גע־לאָפן אויפן לייוונט. „הערקולעס” האָט מיט אַ האַק צעשפּאָלטן אַ מענטש, — מיט איין קלאַפּ, ווי מען צעשפּאַלט אַ שייטל האָלץ. קיין בלוט איז נישט געגאַנגען. פון די צוויי העלבע זיינען באַלד געוואָרן צוויי גאַנצע מענטשן, אַ צדיק און אַ רשע, מיט אַ גן עדן און גיהנום, וואו מלאכים און שדים האָבן געטאַנצט, ווי דעם מיידלס פינגער איבער די קלאַווישן.

דאָס האָט מיך דערמאָנט אָן „כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא”, און אָן דעם „מי שברך” פון טאַטן, אויב כ׳וועל אַהיימקומען שפּעט, ניט האָבנדיק געזאָגט קיין פּרק.

שטיל, ווי אַ קעצל, האָב איך זיך אַרויסגעשאַרט איינער אַליין פון קינאָ און בין שנעל געלאָפן אַהיים זאָגן פּרק.

אַריינקומענדיק אין געסל, האָב איך דערזען, ווי שקצים ממיתן זיך מיט ציגל און מעסערס. נישט טויט, נישט לעבעדיק בין איך אַריין אין טויער. איך וויל אַרויף אין שטוב, — און דאָ קאָליערט זיך אַראָפּ פון די פינצטערע טרעפּ אַ מאַן און בלייבט ליגן ביי דער טיר פון ווירט אַ טויטער, מיט אַ מעסער אין בויך.

ווען איך בין, אַ צעשראָקענער, אַריין אין שטוב, איז די מאַמע נאָך געזעסן ביי דער תחינה און דער טאַטע האָט זיך געוויקלט די פּיס מיט אָניצעס, אָנצוטאָן די שטיוול מיט די לאַנגע כאַליעוועס, צו גיין אין „שטיבל”. אָבער ווי נאָר איך האָב דערציילט וואָס אונטן טוט זיך, איז ער שוין געבליבן אינדערהיים און זיך אָוועק־געזעצט זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים...

צומאָרגנס איז געקומען נאַטשאַלסטווע, אַרויסגעשלעפּט דעם הרוג אין הויף, אים אַריינגעלייגט אויף אַ לאַנגן טיש אין שטאַל, און אין דריי טעג אַרום איז פאָרגעקומען דער „פּאָגזשעב״ (לוויה).

מיט אַ וואָך שפּעטער איז די שיינע העלענקא געגאַנגען נעמען „שליוב״ (חתונה) מיט סטאַשעקן, ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט...

***

אין לאָדזש האָט מען נישט געדאַרפט זיך צוהערן צום גראַ־גער, ווי אין ליוטאָמירסק, כדי צו וויסן ווי שפּעט עס איז. דאָס פייפן פון די פאַבריק־קוימענס, וואָס האָבן מיט זייערע שפּיצן זיך געריסן צום הימל, האָט זיך געלאָזט הערן פּונקט זעקס אַזייגער פאַרטאָג, צוועלף אַזייגער בייטאָג און זעקס פאַרנאַכט.

כאָטש דאָס לעבן אין די דאַמף־פאַבריקן איז געווען שווער, האָט די יידישע האָרעפּאַשנע יוגנט זיך געריסן צו אַרבעט אין די פאַבריקן צוזאַמען מיט די ניט־יידן.

אויפשטיין האָט מען געמוזט פיר אַזייגער פאַרטאָג, כדי אָנ־צוקומען זעקס אַזייגער צו דער אַרבעט. אַחוץ דער ריזיקער פּאָז־נאַנסקי־פאַבריק, האָבן אַלע גרויסע שפּינערייען, טעקסטיל־ און וועבעריי־פאַבריקן פון שייבלער, גייער, ווידזשעווער א. א. זיך גע־פונען ווייט פון שטאָט־צענטער. און כאָטש מען האָט שוין דע־מאָלט באַזונגען דאָס גרויסע וואונדער, אַז „אינמיטן גאַס היל־צערנע קלעצלעך געלייגט, און אַ טראַמוויי גייט אויף שינעס״ — זיינען נאָך קיין טראַמווייען אַזוי פרי ניט געפאָרן.

אין די זומער־פאַרנאַכטן, ווען עס האָט זיך דערהערט דער פייף, האָב איך ליב געהאַט צו שטיין פאַרן טויער, נאָענט פון מיין היים און קוקן, ווי עס ציען זיך מחנות אַרבעטער מיט זייערע מאַרי־נאַרקעס פאַרוואָרפן אויף די אַקסלען און וויגן בלעכענע קענדלעך, אָדער קעסטעלעך פון עסן אין די הענט. איך האָב זיך נאָר גע־וואונטשן וואָס גיכער צו ווערן אַ גרויסער; וועל איך פון דער היים אַנטלויפן און אַרבעטן ביי די גרויסע מאַשינען צוזאַמען מיט אַרבעטער, וועלכע זיינען אין מיינע אויגן געווען גרויסע העלדן, וואָס אַרבעטן אין אַ פאַבריק מיט אַזאַ גרויסן קוימען, ווע־מענס פייפן מען הערט איבער דער גאַנצער שטאָט...

# איך ווער אַ „מענטש״

די „אַרבעטער היים״ אויף באַלוט, אַנטקעגן יונה פּיל־צערס פּלאַץ, איז געווען געפּאַקט. אַפילו די, וואָס האָבן געהאַט מיטגלידס־קאַרטלעך, האָט מען מער ניט אַריינגעלאָזט. איך האָב זיך יאַקאָש אַריינגעשטופּט.

אין זאַל איז געווען ליכטיק, כאָטש פאַרויכערט, טומלדיק און וואַרעם. פון אַ פענצטערל האָט מען אַרויסגעגעבן צו די מיטגלידער טיי מיט ברויט פאַר ביליקע פּרייזן. די מערסטע פון זיי האָבן געאַרבעט אין דער טעקסטיל־בראַנזשע.

צווישן יונגן עולם זיינען אָנגעגאַנגען הייסע דיסקוסיעס. מלכה קאַטעק האָט זיך קוים דורכגעשטופּט מיט אַ גלאָז טיי צום טיש. אירע האָר שוואַרץ, ווי פּעך; די אויגן גרויס, טיף־ברוין, גלאַנציק, ווי פרישער סאַמעט. אַ יונגערמאַן איז איר נאָכגעגאַנגען מיט אַ טענה: — ניין, מלכה, איר מאַכט אַ טעות. מען קאָן זיין אַ ציוניסטקע און דאָך איינזען, אַז יידן האָבן נישט וואו צו אַנטלויפן. קאַמף, קאַמף פאַר יידישע רעכט איז דער איינציקער אויסוועג...

שפּעט אין אָוונט האָבן מיר פאַרלאָזט די אַרבעטער־היים, אָנגעזאַפּט מיט וויכוחים און מיינונגס־פאַרשידנהייטן.

אויף זגערזשער גאַס, אַנטקעגן דער באַלוטער שול, איז אונדז אַנטקעגנגעקומען אַ כאַפּטע פּוילישע יונגעלייט און מיט אויפגע־הויבענע פויסטן געשריגן: „יידן קיין פּאַלעסטינע״. מיין חבר יצחק מאַראַקע, אַ פּאַטריאָט אין מיליטער־קליידער, האָט זיך דערפילט גע־קרענקט. האָט זיך דערנאָך אַנטוויקלט אַ נייע דיסקוסיע ביז גאַר שפּעט אין דער נאַכט אין אַ „קאַוואַלערסקע מיעשקאַניע״ (אַ קאַוואַ־ליר־צימער).

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער בין איך צוגעגאַנגען צום בעט, וואו

מיין מאַמע איז געלעגן און שטאַרק געהוסט, זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט און שטיל געזאָגט: — מאַמע, איך פאָר מאָרגן קיין זדינסקאַ וואָליא, צום פעטער.

— זון מיינער, — האָט די מאַמע געשעפּטשעט מיט טרוקענע ליפּן, — פאָרסט שוין ווידער אַוועק?... — איך האָב מורא, אַז מער וועל איך דיך שוין ניט זען...

**
*

מיין פעטער פנחס־לאַזער גראַנאַס איז געווען אַ סוחר, אַן אַלעק־

„בין איך מיר אַ ווערבעל אַ גרויסער קינסטלער,
מיין נאָמען הערט מען גאַנץ ווייט;
ס'ווערט מיר פריער פאַר מיינע אויגן פינצטער,
ביז איך פאַרדין אויף אַ מאָלצייט.

„איך האָב מיר שוין מיט מזל אַ שטול [אַ וועב־־שטול]
אויפגעשטעלט —
אַכצן פערטל די ברייט,
לויף איך אַרויף צום פאַבריקאַנט
מיט אַ גרויסער פרייד:

סאַנדערער חסיד, אַן איינגעזעסענער תושב אין „וואָליא". ער האָט מיך זייער פיין אויפגענומען, געפּראַוועט אַ טיש און מיך געוואָלט פאַרהערן אַ בלאַט גמרא. נאָר מיין געשוועסטערקינד יאָסל האָט מיך אָפּגעראַטעוועט פון אַ פאַרלעגנהייט... בלויז יאָסלען האָב איך פאַרטרויט, אַז איך פאַרלאָז פּוילן און וועל צוריקקומען ערשט דעמאָלט, ווען דער ייד וועט זיך קאָנען פריי באַוועגן.

זדינסקאַ וואָליא האָט פאַרמאָגט אַ יידישע באַפעלקערונג פון צוועלף ביז פופצן טויזנט. דאָס לעבן דאָ איז געווען רייך קול־טורעל און סאָציאַל. הגם אַ פרום שטעטל, זיינען דאָ געווען פיל יידישע טעקסטיל־אַרבעטער און וועבערס, צווישן וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן אַזאַ לידל:

„איך האָב שוין מיט מזל אַ 'קעטע' געקראָגן —
אַבצן 'שמיץ' די לענג.
ער זאָגט מיר אָן נישט צו 'מאצן',
ווייל ער וועט מיר ציילן די 'גענג'.

„איך האָב שוין מיט מזל אַ 'שמיץ' אָפּגעאַרבעט
צו דער פולער וואָך,
לויף איך אַרויף צום פּאַבריקאַנט,
געפינט ער גאָר אַ לאָך"...

# 1914

קורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן זיך אין די פאַבריקן געפונען טויזנטער אַרבעטער־פרויען, וועלכע האָבן באַהערשט די מאַשינען פונקט אַזוי גוט ווי מענער, און צווישן זיי אַ גאַר היפּשע צאָל יידישע פרויען. זיי האָבן בעסער געוואָלט טאָן די שווערסטע אַרבעט אין פאַבריק, איידער דינען אין פאַרמעגלעכע הייזער. טיילמאָל זיינען זיי באַליידיקט און אויסגעלאַכט געוואָרן מיט לידלעך, ווי „זשידאָוועטשקאַ כייקאַ ספּשעדאָוואַלאַ יאַיקאַ, ספּשעדאָוואַלאַ ניטשי"... און פאַרענדיקט האָט עס זיך מיט ניט־דרוקבאַרע ווערטער...

אין אָנהויב 1914 האָט מען שוין אין לאָדזש געקאָנט זען אַ „סאַמאָכאָד" לויפן איבערן שטאָט. אויף פּעטריקאָווער גאַס האָבן זיך באַוויזן צוויי „פראַנצויזישע דאַמען" אין הויזן, און מען האָט תיכף פאַרפאַסט אַ לידל: „אויבן שמאָל, אונטן ברייט, אַ נייע מאָדע פון אַ הויזנקלייד"...

מען איז דעמאָלט געלאָפן פון שטאָט און דאָרף, אָנצוקומען אַרבעטן אין די גרויסע פאַבריקן פון לאָדזש. ס'איז געווען די צייט, ווען די יוגנט אין באַלוט האָט זיך געגרייט צו נייע „הויכן". מיר האָבן גענומען אויסטאָן די רונדיקע אייגנאַרטיקע היטעלעך, געהאַלפן פאַרברענען די פאַרוואַנצטע בעטן, אַריינלאָזן אַביסל זון צו די פון ווילגאַטש, נאַסע ווענט, צו די טוכלע שעניקעס, וואָס בלויז איין מאָל אין יאָר, ערב־פּסח, האָט מען זיי אויסגעלופטערט און אַריינגעלייגט אַביסל פרישע שטרוי פאַר צען קאָפּיקעס. מיר איז שוין געגאַנגען דאָס זעכצנטע יאָר, און איך האָב זיך ערשט גענומען „גריבלען" אין „אַ רייזע אַרום דער וועלט אין אַכציק טעג"...

***

די „קאָנאַטשייסטווע" איז אַרומגעפאָרן איבערן שטאָט צו־

זאַמענגעמען דאָס געלט פון די „מאַנאַפּאָלן”. זעקס קאָזאַקן מיט אַן עלטסטן זיינען געריטן פאָרויס, פון הינטן — פיר רייטער, און צו צוויי ביי די זייטן. אין דער מיט — אַ שווערע אָפענע בריטשקע מיט אַ פיר־פערד־געשפּאַן, אָנגעטריבן פון אַ קוטשער, אויך אַ קאָ־זאַק.

זיי זיינען צוגעפאָרן צום מאָנאָפּאָל אויף זגערזשער גאַס, לעבן באַלוטער פּלאַץ, ניט ווייט פון פּוילישן באָד. אַ באַרוועסער מענטש איז אַרויסגעקומען מיט אַ „מאָנאָפּאָלקע” אין האַנט, מיט אַ גרין בלעטל. די מאָנאָפּאָלקעס האָבן געהאַט ווייסע, רויטע און גרינע צעטעלעך צוגעקלעפּט צו יעדן פלעשל. מיט אַ גרין צעטעלע איז געווען דער שטאַרקסטער בראָנפן. אין מאָנאָפּאָל האָט מען עס ניט געטאָרט טרינקען; אין דרויסן ביי דער וואַנט פון ליקל, וואו ס'האָט געשטונקען פון השתנה — יאָ...

פּלוצים איז געוואָרן אַ שיסעריי — אַ צען באַוואָפנטע מענער זיינען באַפאַלן די בריטשקע. די פערד האָבן זיך צעהירזשעט און דער געשפּאַן האָט זיך געלאָזט לויפן אין גאַלאָפּ, איבערלאָזנדיק הינ־טער זיך ריטשקעס בלוט.

איך האָב נאָר־וואָס געהאַט אָפּגעטראָגן אַ שטיקל סחורה, אַ „שאַנטעקלער־באַסטל” צום פאַבריקאַנט יוזעף שפּיגל, אויף דער ציגעליאַנע גאַס אין „ווילקע”, און געהאַלטן אין פאַרבינדן אין אַ זעקעלע אויפן האַלדז פיר רובל מיט פופצן קאָפּיקעס. דערזעענדיק די מחנה קאָזאַקן, איז מיר ס'האַרץ שיער איינגעפאַלן פאַר שרעק. איך און נאָך אַ פּאָר יידן האָבן זיך אַריינגערוקט אין אַפּטייק, וואָס איז געווען אויפן ראָג אַלעקסאַנדער און זגערזשער גאַס.

לעבן אַפּטייק איז געשטאַנען אַ יונגערמאַן מיט אַ קיאָסק יידישע צייטונגען פון לאָדזש, וואַרשע און בלעטער פון גאַנץ פּוילן און רוס־לאַנד. זומער־צייט האָט ער דאָרט אויך פאַרקויפט קוואַרשן, יאַגדעס און אָגרעס. ווען כ'בין אַרויס פון אַפּטייק, זאָגט צו מיר דער יונ־גערמאַן: „בחורל, לויף שנעל אַהיים, דער קייסער האָט דערקלערט מלחמה”! און אויפן אויער רוימט ער מיר איין אַ סוד: „ס'וועט לאַנג ניט נעמען און ס'וועט זיין אויס קייסער”...

איך בין שנעל אַהיים געלאָפן און דערציילט דער מאַמען וועגן די קאָזאַקן. אַ דערשראָקענע, האָט מיך די מאַמע געפירט אין שול גומל־בענטשן...

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן אַלע מאַנאַפּאָלן אויסגעגאָסן פעסער און פלעשער בראָנפן אין רינשטאָק, וואָס האָט געשפּריִיט אַ זויערן ריח איבער באַלוט. מענער זיינען געלעגן מיטן מויל צום רינשטאָק און אַספאַלט, און געשמאַטשקעט מיט די ליפּן דעם בי־טערן טראָפּן . . .

# מלחמה

ביים ערשטן שאָס, וואָס האָט אָפּגעקלונגען פון וויטנס, האָבן אַלע קוימענס אויפגעהערט רויכערן. די בעקערס האָבן באַלד נישט געהאַט קיין מעל. שוין דעם ערשטן טאָג פון דער מאָביליזאַציע איז די באַפעלקערונג באַפאַלן רעגירונגס־שפּייכלערס, צעראַבירט פון די לאַגערן מעל, רייז, בעבלעך, פאַר וועלכן פיל האָבן באַצאָלט מיט זייערע לעבנס, ווען די קאָזאַקן האָבן גענומען שיסן און שטעכן יעדן, וואָס איז זיי נאָר געקומען אַקעגן.

דער שאָס האָט אויך צעשטערט מיין ערשטע, אמתע פריינטשאַפט מיט רוזשעלען, מיט וועלכער די „האַרפע" האָט מיך צוזאַמענגעפירט. צום ערשטן מאָל האָט מען אויפגעהערט מיר זאָגן „די" און גערעדט צו מיר דורך „זי". „וואָס מאַכן זי? ביי וואָס אַרבעטן זי? ס'אַראַ בוך לייענען זי? קומען זי שפּאַצירן"...

אין דער „האַרפע" האָב איך ס'ערשטע מאָל אין לעבן געוואַגט צו זאָגן: „איך האָב דיך ליב"...

— וויסן זי וואָס ליבע איז? — זאָגט צו מיר רוזשעלע, — ליבע איז, ווי אַ פייער; עס הייבט־אָן פאַמעלעך ברענען און, אַז מען לאָזט עס, צעפלאַקערט עס זיך. עס טרעפט אויך, אַז מיטאַמאָל לעשט זיך עס אויס. אַמאָל ווידער טרעפט, אַז נאָך דעם, ווי ס'ווערט פאַרלאָשן, בלייבט גליען אַ פונק אויף אַ גאַר לאַנגער צייט... דער הימל ווערט דעמאָלט פאַרוועבט מיט זון־פּעדעמלעך...

— אָבער זאָגן זי מיר, רוזשעלע, פאַרוואָס קאָנען מיר זיך נישט ליבן?

— ווייל „אויף יעדעס הערץ ליגט אַ שטיין, איז ער נישט גרויס, איז ער נישט קליין"...

— קימען זי אין גאַס — זאָג איך צו איר — וועל איך איבן אַ געדיכט פאַרלעזן.

— פון אויסנווייניק ?
— יאָ.
— פון וועמען ?
— כ'וואָיס נישט . . .

***

אין גאַס איז געווען שטיל. אַ האַלבע פאַררויכערטע לבנה איז נאָכגעגאַנגען אונדזערע שטילע טריט, און שעפּטשענדיק, האָב איך אָנגעהויבן :

„אַמאָל איז געווען אַ מיידל, האָט זי אַ ייִנגעלע געליבט,
ליבט אויך דאָס מיידל דאָס ייִנגל, זיינען זיי ביידע באַטריבט.

„דאָס ייִנגל איז אָרעם, אוי, אָרעם, דעם מיידלס פאָטער — אַ גביר,
ווייזט דער פאָטער דער רייכער דעם אָרעמען ייִנגל די טיר.

„דאָס מיידל מוז פאָלגן דעם פאָטער און — מען פירט איר [זי]
צו דער חופּה גאַנץ פיין,
גייט אויס ווי אַ ליכט דאָס ייִנגל און שטאַרבט אין זיין חדר אַליין.

„דערהערט זי, אַז ער איז געשטאָרבן, — זי שלייכט זיך אַרויס פון
שטוב,
לויפט צו דעם קבר פון טויטן, — עפנט זיך פאַר איר דער גרוב.

„עס האָט זיך אַ טירעלע געעפנט און האָט איר [זי] ווי אַריינ־
געצויגן, —
נעמט זי אַראָפּ די צוויי שאַרבוינעס און קושט זיינע פאַרשלאָסענע
אויגן.

„דער טויטער עפנט די אויגן און נעמט איר [זי] אַרום מיט דער
האַנט, —
צוריק האָט זיך דאָס קבר פאַרשלאָסן, זיי ליגן שוין ביידע באַנאַנד”. . .

***

מענטשן גייען אַרום צעשראָקענע, פאַרחושכטע, עס זעט אויס,

ווי די וועלט עקט זיך. יידן אין די טוכלע שטיבלעך זאָגן תהילים.

די מאַמע זיצט איבער אַ תחינה און „זאָגט״; די קליינע קינדער, פול מיט מורא, אַרום איר. דער פעטער איז אַוועק אין מלחמה, רינען טרערן פון אירע אויגן — „גאָט זאָל אים באַשיצן״... איך קוק אויף איר מיט אַפּשיי און האָב רחמנות אויף אירע פאַרוויינטע, רויטע אויגן.

דער טאַטע איז נאָך אין „שטיבל״. די גאַנצע גאַס יידן איז דאָרט פאַרזאַמלט. מ׳רעדט פאַרביטערט וועגן צאַר, און מ׳קוקט זיך אַרום, וואָרום „ווענט האָבן אויערן״...

פון אַן אָפן פענצטער הערט זיך דאָס קלאַפּן פון אַ וועב־שטול. אַ געזעלן זינגט דאָרט:

„הער באַר, דו קאַצאַפּ,
דאָס איז דיין לעצטער קלאַפּ,
ניט איינער טוט אויף דיר דאָס מעסער שאַרפן״...

פאַרנאַכט האָט דער הימל זיך אָנגעצונדן מיט אַ העליש פייער; ס׳האָט אויסגעזען, ווי די פלאַמען וואָלטן אַרומכאַפּן די גאַנצע שטאָט. „דאָס צאַרנט אַזוי דער, וואָס לעבט אייביק, אויף די רשעים״, האָט געזאָגט די מאַמע.

דער טאַטע איז אַהיימגעקומען. ביים שיין פון צאַנקענדיקן ליכטל אויפן טיש, האָט ער אויסגעקוקט דאַרער און העכער, ס׳פּנים געל, די אויגן טיף אין קאָפּ. זיינע ליפּן האָבן געציטערט, ס׳האָט אים געשטיקט אין האַלדז: אין „שטיבל״ האָט מען דערציילט, אַז די דייטשן זיינען אַריין אין קאַליש, צעפּלינדערט די שטאָט, אַרויס־געטריבן די יידן אין מאַרק, אויף זיי געשאָסן מיט פּולעמיאָטן און גראַנאַטן. די בעסטע יידן פון שטאָט מיט זייערע ווייבער און קינדער ליגן אין די חרובע רואינעס — קיין איין גאַנץ הויז נישט געבליבן. האָט אימעצער געוואָלט אַנטלויפן, האָט מען געשאָסן אויף אים. די פאַרוואונדעטע זיינען אויסגעגאַנגען פון דורשט און יסורים. דאָס גאַנצע האָב און גוטס איז צעראַבירט געוואָרן, ספר־תורהס גע־שענדט. דער קאָמענדאַנט, האָט מען דערציילט אין „שטיבל״, האָט אַזוי געהייסן הוליען זיינע סאָלדאַטן.

דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז דער דייטשישער אָקופּאַנט וועט זיין ערגער, ווי דער רוס.

# אין באַלאַגערונג־צושטאַנד

הינדענבורג האָט מיט זיינע אַרמייען אַרומגערינגלט לאָדזש, און דאָס רוסישע מיליטער, האָט מען געשמועסט, וועט אָפּרייניקן די שטאָט, וואו ס'האָבן זיך געהערט שוין שווערע האַר־מאַטן־שאָסן, און שפּעטער אויך דאָס „גראַגערן" פון מאַשין־גע־ווער.

דער טאָג איז געווען אַ קאַלטער, סוף האַרבסט. ווינציק מענטשן האָבן זיך געזען אין די גאַסן. סאָלדאַטן האָבן געטראָגן היטלען איבער די אויערן, זיך געהויכט אין די הענט און אויסגעזען צע־שראָקן. אויף דער אַלטער שטאָט איז נאָך געשטאַנען דער „אָבאָז". איבערן שטאָט האָט געצירקלט אַן עראָפּלאַן. די רוסן האָבן פאַר־ריסן די קעפּ און דערנאָך מיט דערלייכטערונג געזאָגט: „נאַשע".

די סאָלדאַטן האָבן זיך געבראָטן קאַרטאָפליעס. אַ כאָפּטע קינ־דער האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום און געבעטן: „גיב קאַרטאָפל, סאָלדאַטשיק".

פּלוצלינג האָבן קאַנאָנען־שאָסן אויפגעטרייסלט די שטאָט. אַ האַרמאַטן־קויל האָט געטראָפן דעם קלויסטער אַנטקעגן האָטעל־גאַס, ביים ערשטן אוטשאַסטיק, און אַראָפּגענומען צוויי שפּיצן.

מיין חבר עליאָשא, דער בייגל־בעקער, איז געטראָפן געוואָרן פון אַ שראַפּנעל און געפאַלן טויט אין זיין נייעם ברוינעם אַנצוג. די שטומע שוועסטער זיינע, חנה, האָט נישט געקאָנט וויינען, אָבער פון איר האַלדז האָבן זיך געריסן אַזעלכע מוראדיקע קלאַנגען, אַז ס'איז געווען אַ גאַטס רחמנות.

ביים דייטשישן בעקער, אויף אַלעקסאַנדער־גאַס, זיינען געזעסן אַ צוואַנציק קאָזאַקן און געהיט דאָס פריש־געבאַקענע ברויט. איך האָב זיך אַריינגערוקט דורך אַ ווינקל־טיר, זיך צוגעגנבעט צום בעקער־אויוון, געכאַפּט אַ הייס, קלעפּיק ברויטל הינטערן צעריסע־

נעם פּאַלטאָן און אַנטלאָפן אין דער פינצטערניש. די מאַמע האָט עס אויסבאַהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט, און ערשט אינדערפרי האָט זי עס צעשניטן און איינגעטיילט גלייכע חלקים פאַר אַלע קינדער.

ווידער האָט דאָס שיסן פון האַרמאַטן אויפגעטרייסלט די שטאָט. די שול אויף אַלט־שטאָט איז געטראָפן געוואָרן און דער דאַך איז שטאַרק צעשעדיקט געוואָרן. סוחרים און פאַבריקאַנטן האָבן שוין לאַנג געהאַט פאַרלאָזט די שטאָט. באַלוט האָט זיך אַריינגעקליבן אין „ווילקע״ און געמיינט, אַז דאָ וועט זיין בעסער.

דאָס רוסישע מיליטער האָט „אָפּגעטראָטן״. מען האָט גע־שמועסט, אַז הינדענבורג געפינט זיך הינטער לאָדזש און האָט גע־נומען ניינציק טויזנט רוסן אין געפאַנגענשאַפט.

די קאָזאַקן האָבן דערוויל געשלאָגן און ראַבירט. פרויען האָבן זיך באַהאַלטן אין קעלערס און אויף בוידעמער. מ׳האָט פאַרריגלט די געוועלבן, פאַרהאַקט די לאָדנס אויף פרענטן. ס׳מיליטער איז געווען צעווילדעוועט. סאָלדאַטן האָבן געקלאַפּט אין די געוועלב־טירן מיט פראַקלאַדן, געשאָלטן אין טאַטן אַריין און אַליין געזוכט אַ וועג ווי אַזוי צו אַנטרינען. אין שטאָט איז ניט געווען וואָס צו עסן. אַפילו מייזלעך בלייבן ליגן אין שטיבער פאַרהונגערט. שוין פיר וואָכן, ווי מיר געפינען זיך אין באַלאַגערונגס־צושטאַנד. אַ קאַרטאָפל, אַביסל גריץ איז ווי מן פון הימל. די פענצטער זיינען אויסגעהאַקט פון דער באָמבאַרדע, אַ קאַלטער ווינט יאָגט איבערן הויז.

די מאַמע איז געשטאַנען איבערן אויוון און זיך די לונגען אויסגעבלאָזןביים נאַסן האָלץ. אַלע פלויטן זיינען געווען צענומען, אַלע הילצערנע וואַרשטאַטן און וועבשטולן זיינען געווען פאַר־ברענט. יעדעס שטיקל פון אַ וועבשטול איז באַוויינט געוואָרן, ווי אַ לעבעדיק באַשעפעניש, וואָס איז פאַרצוקט געוואָרן און מען מוז זיך דערמיט שיידן.

פרייטיק האָט מען מער קיין טשאָלענט צום בעקער נישט גע־טראָגן. שבת נאָכמיטיק איז מען מער נישט געגאַנגען אין מקווה נאָך וואַרעם וואַסער, פאַר וועלכן מ׳פלעגט באַצאָלן מיט עטלעכע שטיקלעך צוקער. נישט געווען וואָס צו נעמען און מיט וואָס צו באַצאָלן...

צוערשט איז פאַרשוואונדן פון טיש דער וויין צום קידוש,

דערנאָך די פיש און פלייש, שפּעטער האָט מען צוגעלייגט אַ זעמל צו דער חלה און אַזוי געמאַכט קידוש. צום סוף האָט שוין דער טאַטע נאָר געזאָגט „שלום עליכם”, קיין זמירות מער נישט געזונגען, און אַזוי ווי צו בענטשן איז נישט געווען איבער וואָס, האָט ער באַלד געלייענט „קריאת שמע” מיט אַזוי פיל צער, אַז ביי מיר האָבן די אויגן גענומען טרערן...

אין אָוונט האָט קיין מענטש זיך ניט געטאָרט ווייזן אין גאַס. איז מען געזעסן ביים פענצטער, זיך איינגעהערט, ווי די ערד ציטערט פון האַרמאַטן־געקנאַל און געקוקט אין די ווייטע, סודותדיקע שטערן.

קוים האָט געגומען שאַריען אויף טאָג, זיינען מענער און פרויען שוין געלעגן אויף די פעלדער, אָנגעקליבן אין די זעקלעך אַביסל עסנוואַרג און דערנאָך געקראָכן אויף אַלע פיר צוריק אין שטאָט אַריין. שראַפּנעלן זיינען געפלויגן איבער די קעפּ. קריכנדיק האָבן מענער געזאָגט אַ קאַפּיטל תהילים און פרויען האָבן געשעפּטשעט: „גאָט אין הימל, דערבאַרם זיך איבער דיין פאָלק ישראל”...

# דער שונא אין שטאָט

די לעצטע מיליטער־אָפּטײלונגען האָבן פֿאַרלאָזט די שטאָט. רעדער און פֿערדישע פּאָדקאָוועס האָבן געטראָסקעט איבער די ברוקירטע גאַסן, און קאָזאַקן אויף די קלײנע פֿערדלעך האָבן נאָך דערלאַנגט מיט די נאַגאַיקעס איבער ייִדישע רוקנס.

דאָס אַרײַנקומען פֿון די דײַטשן קײן לאָדזש האָט מען באַ־געגנט מיט זאַלץ און ברויט, מיט פֿרײד און געזאַנג. אַ קלײניקײט? מ׳איז פּטור געוואָרן פֿון ניקאָלאַיען!... די קראָמען האָבן זיך ווי־דער געעפֿנט, און ווי עפּעס אַ נס וואָלט געשען: איבער נאַכט האָבן זיך באַוויזן פֿולע קראָמען מיט אַלדאָס גוטס. די גאַנצע שטאָט איז אַרויס פֿון די הײַזער און באַגריסט די דײַטשן, ווי רעטער און דער־לײזער...

די פֿרײד האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. טיפֿוס האָט גע־בושעוועט כמעט אין יעדער שטוב. דער טאַטע איז קראַנק געוואָרן אויף טיפֿוס, דער פֿעטער מענדל, — דרײַ מענער פֿון זעלבן הויז זײַנען אין אײן וואָך צײַט אַוועק פֿון דער וועלט.

כּדי צו פֿאַרהיטן פֿון טיפֿוס, האָבן די דײַטשן אַרויסגעלאָזט אַ „פֿאַראָרדענונג״, אַז אַלע מײדלעך מוזן אָפּשערן די צעפּ. דאָס האָט זײ געמאַכט אויסקוקן ווי ײנגלעך. חדשים לאַנג האָבן צוליב דעם די מײדלעך אין גאַס זיך נישט געוויזן, און דאָך זײַנען די דײַטשן געווען באַרעכטיקט צו זינגען: „פֿאַר אײן קאָמיס־ברויט מיט בראַטן — צען מײדלעך פֿאַר דײַטשישע סאָלדאַטן״!...

פּראָסטיטוציע האָט זיך צעבליט און גאַסן־מײדלעך זײַנען אויפֿ־געקומען, ווי ווערעם נאָך אַ רעגן. צווישן די דײַטשן זײַנען אויך געווען האָמאָסעקסואַליסטן. פֿאַר אַ מאַרק, אָדער אַ שטיקל ברויט האָבן זײ אַלץ דערגרײכט. זײ האָבן דעגענערירט די שטאָט און פֿאַראומרײניקט מיט ווענערישע קראַנקהײטן.

דייטש מיליטער איז געווען איינקוואַרטירט אין פּאָזנאַנסקיס פאַבריק. ווען קינדער זיינען געקומען בעטן: „הער, שענקען זי אַ שטיקל ברויט", האָט מען די „פערפלוכטע יודן" צוגערופן צו די פענצטער און זיי אָפּגעגאָסן מיט שמוציק וואַסער.

די שטאָט לאָדזש איז אויסגעפּלינדערט געוואָרן און אַלץ איז געשיקט געוואָרן „נאַך האַוזע". די דייטשן, וועלכע האָבן געשטאַמט פון פּויזן און האָבן גערעדט פּויליש, זיינען געווען די גרעסטע אויסוואורפן און אַנטיסעמיטן. זיי האָבן אָנגעפילט די גאַסן מיט דייטשישע פּאָרנאָגראַפישע לידער, אַז אָנשטענדיקע מענטשן האָבן זיך געריסן די האָר פון קאָפּ: „וואָס פון דעם לאָדזש איז געוואָרן"!...

די וועבערייען האָבן נישט געאַרבעט, פאַרצווייפלונג האָט גע־הערשט אין יעדן הויז.

מיין מאַמע איז איינגעזעצט געוואָרן אויף דריי טעג, ווייל זי האָט געהאַנדלט מיט ברויט. דאָרט, אין דער פינצטערער קאַמער, האָט זי דערהערט דאָס קול פון איר מאַמען, וועלכע מען האָט אויך אַרעסטירט אויף דריי טעג פאַר „האַנדל"...

# אויף אַרבעט ביים דייטש

איך האָב זיך פֿאַרשריבן אויף אַרבעט. די דייטשן האָבן מיך געשיקט גראָבן אָקאָפּעס אין די וועלדער פון וויערעשאָוו. דאָס איז געווען האַרט ביי דער דייטשישער גרענעץ, וואו אַ טייכל האָט אָפּגעטיילט פוילן פון דייטשלאַנד. די באַפעלקערונג פון שטאָט איז געווען אַרויסגעטריבן. גייענדיק פון דער אַרבעט און צו דער אַר־בעט, מיט די שפּאדעס, האַקן און פּיקעס אויף די אַקסל, ווי ביקסן, פלעגן מיר צוזאַמען מיט די דייטשישע באַגלייטער זינגען:

„די פייגל אין וואַלד זינגען וואונדער־שיין,
אין דער היימאַט, אין דער היימאַט גיבטס איין ווידערזען".

ביינאַכט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין די הילצערנע באַראַקן און געזונגען סענטימענטאַלע לידער פון טרויער, פּיין און צאָרן, און אויך חסידישע לידער.

פּסחל פלעגט יעדן אָוונט זיך אַוועקשטעלן אין אַ טעאַטראַלער פּאָזע און פאַרציען מיט זיין לירישן טענאָר:

„יעדן טאָג, ווען עס קומט דער אָוונט,
ביי די שטראַלן פון קלאָרן וואַסער
שטייט פאַרטראַכט אַ שקלאַף אַ יונגער,
און ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ בלאַסער.
— — — — — — — — — — — — — — —
„איך בין פון היימאַט וויַט פאַרטריבן
און איך געהער צו יענער ראַסע,
וועלכע קאָנען שטאַרבן, ווען זיי ליבן".

איך האָב געדענקט אַ סך לידער פון זאַנדבערגס טעאַטער: פון „שולמית", „שיר השירים", „אַ מענטש זאָל מען זיין", „כינקע פינקע". אויך גאַנצע מאָנאָלאָגן פון שלום עליכם. איינמאָל האָב

איך אַפילו פאַרגעשטעלט דראַנאָווס דער „משוגענער אין שפּי־טאָל״.

געווען דאָ פאַרהייראַטע, וואָס האָבן איבערגעלאָזט אין לאָדזש פרויען און קינדער. דער דייטש האָט צוגעזאָגט גליקן, האָבן זיי געמיינט, אַז מען וועט זיך ראַטעווען פון הונגער און נאָך קאָנען העלפן פרוי און קינד. איך בין געווען דער ייִנגסטער. די עלטערע האָבן זיך זייער פיין באַצויגן צו מיר, דעם „ייִנגעלע״. אייזיק איז געווען צו מיר, ווי אַ טאַטע, מיך אָפּגעהיט, ווי זיינס אַ קינד. ער האָט מיר אַפילו געגעבן אַ סגולה צו די באָראָדעווקעס אויף מיינע הענט: „שטיי אויף גאַנץ פרי, — זאָגט ער — גיי אַרויס אויף דער לאָנקע, ווען דער טוי ליגט נאָך אויפן גראָז, רייב גוט איין די הענט, נעם מיט אַ זעקעלע אַרבעסלעך געמישט מיט אַרבעס־בלעטער, און אַז אַ וואָגן פאָרט פאַרביי, טו דאָס אַ וואָרף אַריבער דעם לינקן אַקסל, קוק זיך נישט אום אויף צוריק, און זאָג דריי מאָל: ׳אַזוי ווי ס׳איז נישט געווען, אַזוי זאָל עס נישט זיין׳״...

איך האָב אים געפאָלגט און בין אַרויס פאַרטאָג. אַן אויסגע־טראָטענע סטעזשקע האָט געפירט צום וואַלד. איך בין אַריין. פייגעלעך זיינען געשפרונגען פון איין בוים צום צווייטן, זיך געפרייט, ווי אויף אַ חתונה. די קוסטן זיינען געווען פול מיט יאַגדעס. גרויסע שוואָמען, ווי שערעמס, האָבן געוואַקסן אין פאַרשידענע קאָלירן. איך האָב זיך איינגעבויגן, אויפגעהויבן אַ שלאָפּקעפּל, צוגעלייגט צום נאָז און טיף איינגעאָטעמט דעם שאַרפן אַראָמאַט. איך ווייס ניט פאַרוואָס, אָבער אַ בענקעניש איז מיך פלוצים באַפאַלן נאָך מיין מאַמען, און איך האָב באַשלאָסן — איך גיי אַהיים.

ביז אַהיים איז געווען אַ ווייטער וועג. נאָך עטלעכע טעג, האָב איך שפּעט אין אָוונט אָנגעקלאַפּט אין אונדזער טיר. די מאַמע האָט זיך דערפרייט. דער טאַטע האָט געשוויגן, כאָטש ער האָט דאָס מאָל געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ גרויסן. איך האָב מיט־געבראַכט פון וועג לינדזן, מעל, רייז, פון אַלץ צוביסלעך, כאָטש גענוג פאַר אַ מאָלצייט פאַרן גאַנצן הויזגעזינד. ערשט נאָך דער סעודה האָב איך אויסגעזאָגט דער מאַמען, אַז איך פאָר צוריק צום דייטש אויף אַרבעט...

**
*

די באַן האָט געפירט טויזנטער יונגעלייט אויף אַרבעט צום פראָנט. ווען איך בין אָנגעקומען אין נאָוואָ גרודעק, איז דער פראָסט געווען אַזוי גרויס, אַז פייגל זיינען פאַרפרוירן געוואָרן. מען האָט אונדז איינקוואַרטירט ביי פויערים. די פויערים זיינען געווען זייער פריינטלעך צו די קוואַרטיראַנטן, אָבער ניט צו די דייטשן, וועלכע האָבן ביי זיי אַלץ צעראַבירט.

פאַרטאָגס האָט מען געוועקט צו דער אַרבעט. מ'האָט זיך אויסגעשטעלט אויפן גאַס און אויסגערופן יעדנס נאָמען, צו זען צי עס פעלט ניט עמעצער. דער באַפעל איז געווען, אַז היינט רוט מען, און מאָרגן גייען מיר גראָבן „שוצגראָבן".

אַ גאַנצן טאָג האָט זיך געהערט די „קאַנאָנאַדע" און ביינאַכט האָבן מיר געזען דאָס האַרמאַטן־פייער. באַלד דעם ערשטן פרי־מאָרגן, ווען איך האָב געקראָגן אַ „קרויץ האַקע", האָב איך עס איבערגעלאָזט ביים פויער און בין אַוועק. איך האָב געשפּאַנט אין דער ריכטונג צו באַראַנאָוויטש, און אַזוי אַרום, אַנשטאָט זיך צו דערנעענטערן צום פראָנט, וואָס דאָס איז געווען מיין ציל, האָב איך זיך אַלץ מער דערנענטערט.

צוויי דייטשישע סאָלדאַטן האָבן מיך פאַרהאַלטן און מיך אָפּ־געפירט צום קאָמענדאַנט. זיי האָבן געוויס מיך געהאַלטן פאַר אַ רוסישן שפּיאָן, פאַרוואָס עס קומט שיסן. אָבער ווי דורך אַ נס האָט מען מיך נישט געשאָסן, נאָר מיך אָפּגעפירט מיט אַ סאָל־דאַטן־וואַך קיין נאָוואָ־יעלנע אויף אַרבעט.

# מיר מאַכן אַ זאַבאַסטאָווקע

די דייטשן האָבן באַגנבעט דאָס „פאַטערלאַנד" פון קאָפּ ביז פיס. פאַרן באַראַנאָוויטשער און נאָוואָ גרודעקער פראָנט פלעגן אָנקומען אין דעם שטעטל נאָוואָ יעלנע גאַנצע וואַגאָנען מיט שטיוול און שינעלן. פלעגן זיי עס פאַרקויפן אין די אַרומיקע שטעטלעך. שוסטערס און שניידערס האָבן דאָס איבערגעאַרבעט און באַקליידט מיט דעם די דאָרפישע און שטאָטישע באַפעלקערונג.

אין נאָוואָ יעלנע האָבן געאַרבעט אַ סך רוסישע קריגס־געפאַנגענע אונטער שווידערלעכע באַדינגונגען. דאַרער „צוויבאַק" און פאַרשימלטע שוואַרצע שטיקלעך ברויט איז געווען זייער שפּייז. געאַרבעט האָבן די קריגס־געפאַנגענע צען מאָל שווערער, ווי מיר, די „פּריווילּיקע". ווינטער האָבן זייערע נאַקעטע לייבער אַרויס־געקוקט פון די פאַרלויזיקטע, צעפּאַלמעסטע קליידער. נאָך ערגער איז געווען מיט באַכאַרקע, — זיי זיינען פּשוט אויסגעגאַנגען פאַר אַ „צי".

אין די באַראַקן האָבן מיר אָנגעפירט אַ סימפּאַטיע־אַגיטאַציע צווישן יידן און ניט־יידישע אַרבעטער. און כאָטש די געפאַנגענע זיינען אַלע מאָל געווען אונטער אַ שטרענגער וואַך פון דייטשישע זעלנער, האָבן מיר געמאַכט „בלאַט" מיט די דייטשן, און אַזוי אַרום זיך געטראָפן מיט די געפאַנגענע אין די „לאַטרינעס" (אָפּטריטן). דאָרט האָבן מיר זיי געגעבן טאַבאַק, ברויט, אָניצעס, אדג"ל. איין געפאַנגענעם האָבן מיר באַזאָרגט מיט ציווילע קליידער, און אַ טאָג שפּעטער האָבן מיר אים מער ניט געזען. מיר האָבן געוואוסט, אַז ער האָט געמאַכט פּליטה.

אינמיטן שטאָט איז געשטאַנען אַ גרויסער באַראַק, אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען דריי הונדערט יידן און פּאָליאַקן. דער פּראָסט איז געווען אין־לשער און דער שניי איז דורכן אָפענעם דאַך גע־

פֿאַלן אויף די געלעגערס. לייז און ראַצן האָבן דאָ געהויזט צוזאַמען. שטילערהייט האָבן מיר זיך צוזאַמענגערעדט, און באַשלאָסן, אַז מיר גייען נישט אַרבעטן, ביז מען וועט אונדז נישט געבן בעסערע קוואַרטירן און מער היגיענישע באַדינגונגען. מיר האָבן געוואוסט, אַז דאָס שמעקט מיט שווערער שטראָף. אָבער — „בעסער שטאַרבן, אײדער אַזאַ לעבן".

מיר האָבן דערווײלט פֿאַרשטײער, וואָס רעדן דײטש און שרעקן זיך ניט.

דער גלאָק האָט געקלונגען נאָך קאַווע, — קײנער האָט זיך נישט גערירט. פֿון יענער זײט וואַנט האָט זיך געהערט: „וואָס איזט לאָז, פערפלוכטע"?... און ווען קײנער האָט ניט געענטפֿערט, האָט מען ווידער געהערט: „דאָנערוועטער"...

צען אַזײגער איז געקומען צולויפֿן דער שטראַסנמײסטער: „ווער עס וויל גײען אַרבעטן, זאָל אַרויסטרעטן"! קײנער האָט זיך נישט גערירט. ער האָט גענומען שלאָגן. שפּעטער איז דער באַראַק אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט מיליטער. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אונדזער לעבן איז אין געפֿאַר. אונדזערע הערצער האָבן געקלאַפּט האַסטיק, מיר האָבן געפֿיבערט, אָבער יעדער אײנער איז געזעסן אויף זײן נאַרע און מיט קײן אויג נישט אַ פּינטל געטאָן.

— די, וועלכע צום שפּרעכן בעשטימט זינד, זאָלן פֿאָרטרעטן!

פֿינף פּאָליאַקן און פֿינף ײדן האָבן זיך געמאָלדן.

מיר האָבן פֿאַרגעבראַכט אונדזערע טענות, און מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אונדז אײנקוואַרטירט אין דערבײיאיקן דאָרף ראַבקע.

***

מיר האָבן געבויט שאָסײען, געהאַקט שטײנער, געגראָבן אָקאָ־פּעס. טיף אין געדיכטע וועלדער האָבן מיר געבויט פֿון צעמענט און שטאָל אונטערערדישע הײלן פֿאַרן גענעראַל־שטאַב, וואָס האָבן זיך געצויגן פֿון אײן עק וואַלד ביז צום אַנדערן. אין אַ טײל ער־טער האָבן מיר געמאַכט אָקאָפּעס, ווי פּאַלאַצן, מיט עלעקטריציטעט. די אַרבעט איז געווען שווער.

אײנמאָל האָט דער דײטשער אויפֿזעער אויסגעקליבן מײן חבר

יצחק מאַראַקאָ, מיך און צוויי פּאָליאַקן, אויסצוגראָבן אַ גרוב פֿון עטלעכע קוביק־מעטער. די אַרבעט האָט געדאַרפֿט פּאַרטיק ווערן אין אָוונט צום אַהיימגיין. דער גרוב איז איינגעטיילט געוואָרן אין צוויי העלפֿטן: האַלב פּאַר אונדז, די צוויי יידן, און האַלב פּאַר די צוויי פּאָליאַקן. מיט דעם האָט דער אויפֿזעער געמיינט אויסצו־לאַכן די „צוויי יידעלעך" און געבן די פּאָליאַקן אַן אויסצייכענונג אין דער פֿאָרם פֿון שפּייז. ער איז געווען זיכער, אַז מיר וועלן דורכ־פֿאַלן מיט אונדזער אַרבעט. אָבער מיר זיינען ניט פֿאַרשעמט גע־וואָרן.

איך האָב איינגעשפּיגן די הענט ווי אַ האָלץ־העקער, און גע־נומען שניידן די איינגעפֿרוירענע ערד מיט דער „קרייץ־האַקע". צום אָנהויב האָט די ערד אָפּגעקלונגען, ווי שטאָל און בלויז ברעקלעך זיינען אָפּגעבראָכן געוואָרן. די פֿאַרפֿרוירענע שטיקלעך האָבן זיך געשפּיגלט אין דער זון, ווי קליינינקע בריליאַנטן. אָבער דערנאָך, ווען מיר האָבן געהאַט באַזיגט די אויבערפֿלאַך, האָבן זיך גענומען שפּאַלטן גאַנצע „קעזן". יצחק האָט געאַרבעט מיטן שאָוול און איך מיט דער פּיקע, אָדער פֿאַרקערט. און געאַרבעט האָבן מיר אונטערן געזאַנג פֿון אַן אַליין צוגעטראַכט ליד, מיט דער מעלאָדיע פֿון עדעל־שטאַטס „אין דעם לאַנד פֿון פּיראַמידן":

„ווידער אַרבעטן, ווידער שאַפֿן,
ווידער הויבן דעם האַמער הויך;
ווידער קנעכט און ווידער שקלאַפֿן,
כאָטש דו האָסט דערצו קיין כוח.

„ווידער קומט דער שטראָסן־מייסטער
מיט זיין שטרענגן, בייזן בליק:
אַרבעט, אַרבעט אימער פֿעסטער,
ווייל אין די שטיינער ליגט דיין גליק!

„פֿעסטער, פֿעסטער קלאַפּ די שטיינער,
כאָטש נאָך פֿעסטער רייסט דער ווינט —
רואיק, רואיק מוסטו בלייבן,
כאָטש דו זעסט, אַז דו גייסט צוגרונט".

צום מיטיק־עסן זיינען מיר געשטאַנען גלייך אויף גלייך. שפּע־
טער, ווען מיר האָבן געזען, אַז דער זיג איז אויף אונדזער זייט,
האָבן מיר געמאַכט שלום מיט אונדזערע שותּפים. און ווען די אַר־
בעט איז געווען פאַרענדיקט, זיינען מיר צוזאַמען אַרויסגעשפּרונגען
פון גרוב — און דער „יעקע" איז געבליבן מיט אַ נאָז.

# צווישן יידן

נישט ווייט האָבן זיך געפונען צוויי שטעטלעך, זשעטל און דוואָרעץ. אין די צוויי שטעטלעך האָבן געוואוינט יידן, וואָס האָבן ניט געפילט דעם דוחק, ווי מיר, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו פאָרן אויף אַרבעט ביים דייטש. דאָ האָבן געלעבט קירזשנער, שניידער, סטאָליאַרעס. יידן האָבן געהאַט געוועלבלעך, געהאַנדלט מיטן דייטש און געהאַט פרנסה. ווען זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז יונגעלייט פון פוילן געפינען זיך אויף שאָסיי־אַרבעט, האָבן זיי אונדז פאַרבעטן אויף יום־טוב.

נאָך לאַנגער מי איז מיר געלונגען צו באַווירקן מיין שטראָסנמייסטער, ער זאָל מיך באַפרייען פאַרן טאָג יום כיפור. נאָך דער אַרבעט האָב איך געקויפט פון דייטשישע זעלנער רום און קאָניאַק, און האָב זיך אין דער גערדיכטער פינצטערניש געלאָזט לויפן צו כל נדרי — צו פיניע דעם קירזשנער אין שטעטל זשעטל. איך בין אָנגעקומען אַ פאַרסאָפּעטער, אַ מידער פון פופצן וויאָרסט לויפן, שוין שפּעט אין דער נאַכט. אַ בענקשאַפט נאָך כל נדרי האָט מיך אַרומגענומען... אָבער פאַרפאַלן — איך האָב זיך געלייגט שלאָפן.

ווען כ׳בין אויפגעשטאַנען אינדערפרי, זיינען פיניע מיטן ווייב שוין געווען אין שול. דער טיש איז געווען געגרייט מיט כל־טוב. כייקע און צירקע,ביידע שוועסטער, האָבן זיך געפאָרעט, און מיך געבעטן צום טיש. איך האָב ניט געוואוסט אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין, — ס׳טייטש, יום כיפור?... ביידע שוועסטערלעך האָבן געלאַכט און בלויז געפרעגט, ווי עס שמעקט מיר...

וואָס ליטוואַקעס קאָנען!...

***

זשעטל איז געווען אַן אַלט יידיש שטעטל. ליטוואַקעס האָבן אפילו געזאָגט, אַז דער בעש״ט שטאַמט פון זשעטל. דאָרט האָט

זיך אַמאָל געפונען אַ גרויסע ישיבה מיט באַרימטע לערנער, וועלכע זיינען געקומען פון אַלע עקן פוילן און אַפילו פון אויסלאַנד. די זשעטלער ישיבה־בחורים האָבן געהאַט אַ שם. מיר האָבן צווישן זיי זיך געפילט היימיש.

מיין חבר שמחה פון ביאַליסטאָק, אַ פוקער בחורל מיט לאַנג־דיקע אויגן, האָט ליב געהאַט צו פאַרווײלן אַלעמען מיט דעקלאַמירן, זינגען און טאַנצן, האָט מען אים גערופן „אַקטיאָר". אין אַ שיינעם טאָג, ווען ער איז מיד געוואָרן פון דער שווערער אַרבעט, האָט ער זיך דערטראַכט, אַז מען קאָן שפּילן טעאַטער אויף יידיש־דייטש. איז — געזאָגט און געטאָן!

מיר האָבן באַשלאָסן צו „שפּילן טעאַטער" אין זשעטל און אין דעם דערבייאיקן שטעטל דוואָרעץ.

קיין פּיעסן האָבן מיר נישט געהאַט. האָט שמחה אַלץ „צו־זאַמענגעשטעלט פון קאָפּ". ער האָט אינסצענירט לידער, דעקלאַ־מירט, געזונגען, און אַזוי האָבן מיר צוויי וואָכן צייט געשפּילט אין דוואָרעץ, זשעטל און אין צוויי דערפער, פון וואַנען עטלעכע מיידלעך זיינען ספּעציעל געקומען מיט אַ שליטנדל אַריבערברענגען די „אַקטיאָרן".

געשפּילט האָבן מיר פאַר „געפּאַקטע הייזער" ביי באַקאַנטע, וואו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ פולע שטוב מיידלעך און דייטשן, וועלכע פלעגן פאַר זיי מיטברענגען גוטע זאַכן. מיר האָבן גע־שפּילט אָן געלט, בלויז צו באַווייזן די „ליטוואַקעס" וואָס מיר קענען.

ווען מיר זיינען דערנאָך צוריקגעקומען צו דער אַרבעט, האָט דער שטראָסנמייסטער אונדז שטראָפירט מיט אַ וואָך אַרבעט, צו שיילן קאַרטאָפל אין קיך, און אָנשטאָט אַ מאַרק פופציק אַ טאָג, וואָס מיר האָבן פריער באַקומען, האָבן מיר איצט געקראָגן בלויז נײַנציק פעניק.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט מען מיך אָפּגעשיקט צוריק אַהיים קיין לאָדזש.

# צוריק קיין לאָדזש

דאָס לעבן אין לאָדזש איז געווען נישט צו דערקענען. אַ סך חברים זיינען געווען אַוועקגעפאָרן, אַ סך מענטשן זיינען אויסגעשטאָרבן פון טיפוס. פון אונדזער הויז זיינען אַלע מענער אַוועק אויפן עולם־האמת...

לאָדזש האָט זיך דערנערט פון שמוגלען — פון אַ רעטעך, אַביסל מעל, ביז גאַנצע וואַגאָנען מיט שפּייז. נאָר די טורמעס זיינען געווען איבערגעפּאַקט מיט אָט־די קינדער, פרויען און אָרעמע מענער, וואָס האָבן געזוכט זיך צו דערנערן, אויפצוהאַלטן די נשמה.

דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי „פריי", אַז אַלץ האָט מען געמעגט... פּראָסטיטוציע האָט געבליט — מיידלעך זיינען געוואָרן „קאָרטן־לייגערינס"... ווער עס האָט זיך געשעמט מיט אָט־דער פּראָפעסיע, איז אַרומגעפאָרן איבער די קליינע שטעטלעך, פאַרשטעלט פאַר ציגיינערינס.

ס'איז אויך געוואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם. „פערפלוכטער יודע" האָט מען געקאָנט הערן אויף יעדן טראָט.

לאָדזש איז מיר געוואָרן צו ענג. איך האָב זיך צו די נייע פּרנסות נישט אויסגעטויגט און עסן האָט זיך געוואָלט. דערצו בין איך געווען פאַרליבט אין אַ טאָכטער פון אַ וויטן וועג — אין שרהקען פון שטעטל דוואָרעץ. אירע עלטערן האָבן געהאַט אַ געוועלבל און געלעבט באַשיידן. אַן איינציקע טאָכטער איז זי געווען. דאָס מיידל איז געווען זייער גוט צו מיר. אין די אָוונטן האָבן מיר שפּאַצירט, גערעדט וועגן זשול ווערן, טאָלסטאָי, גאָרקי. ביידע צוזאַמען זיינען מיר דעמאָלט אַלט געווען דריי־און־דרייסיק יאָר.

האָב איך זיך געזעגנט מיט מיין מאַמען, וועלכע האָט מיר מיטגעגעבן תפילין, אַ סידורל און „עפּעס אויפן וועג", און בין אַוועק

אויפן וואַרשע־ווינער וואָקזאַל. דאָ איז געזעסן אַ דייטשקע און געסטעמפּלט „שיינען" צום פאָרן. איך האָב איר געוויזן מיין „אַר־בעט־שיין", און אַ שעה שפּעטער בין איך שוין געווען אויפן וועג צו דער פלאַמענדיקער ליבע פון מיין יוגנט.

אין ברעסט ליטאָווסק בין איך אַרעסטירט געוואָרן. מען האָט מיך אַראָפּגענומען פון באַן, געשלאָסן אין קייטן און מיך אָפּגע־פירט צום קאָמענדאַנט — אַ יונקער מיט אַ שראַם אויף דער לינ־קער באַק. ער איז געווען זיכער, אַז איך בין אַ שפּיאָן. צום גליק האָט דער קאָמענדאַנט געהאַט אַ יונגע, שיינע מעטרעסע, אַ יידישקע. האָב איך פאַר איר געוויינט, געקושט איר האַנט, און אַדאַנק איר בין איך, נאָך אָפּזיצן אַ וואָך, צוריק אָפּגעשיקט געוואָרן קיין לאָדזש.

# איך פאָר קיין דייטשלאַנד

אַלע יונגעלייט, וואָס זיינען געפאָרן קיין דייטשלאַנד, טראָגן לאַקירטע שיך, שיינע קליידער, גאָלדענע ציין און לעבן אַ טאָג. אַזוי האָט מען ביי אונדז דערציילט. האָב איך זיך אויך פאַרשריבן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד. טויזנטער מענטשן האָבן באַלאַגערט די פלעצער, וואו מען האָט זיך פאַרשריבן צו פאָרן קיין דייטשלאַנד — יונג און אַלט, יידן און פּאָליאַקן. דער הונגער האָט אַרויסגעטריבן די יוגנט פון לאָדזש, ווייל אַלץ האָבן די דייטשן צעראַבירט. אַפילו די מעשענע קליאַמקעס פון די טירן האָבן זיי צוגענומען אויף צו מאַכן אַמוניציע. דייטשלאַנד האָט געפאָדערט מיליאָנען שקלאַפן, געשולטע און ניט־געשולטע, פאַר די אַמוניציע־פאַבריקן און קוילן־שאַכטעס. עס האָט אויסגעזען, ווי די גאַנצע יוגנט פון לאָדזש, אַלע פעאיקע יונגעלייט פון גאַנץ פוילן, פאָרן אַרבעטן פאַר די דייטשן.

מיר זיינען אָנגעקומען, אַ טראַנספאָרט פון עטלעכע הונדערט, אין העקסט אַם מאַין. דאָס שטעטל איז געווען שיין און געמיטלעך. די דייטשקעס האָבן זיך דערפרייט מיט אַזוי פיל „געזונטע קערלע" — די מענער זייערע זיינען אַלע געווען אין מיליטער־דינסט.

דאָ האָב איך באַגעגנט חברים און באַקאַנטע, יונגעלייט און מיידלעך פון באַלוט, פון „ווילקע", — ניט קיין פריילעכע, ווי איך האָב זיי געקענט, נאָר באַזאָרגטע, אויסגעמאַטערטע, נישט צופרידענע.

אין דער פאַבריק זיינען געווען באַשעפטיקט צוועלף טויזנט אַרבעטער פון אַלע אָקופּירטע לענדער. אַ סך זיינען געווען אָנגעזאַפּט מיט שוועבל־גאַז; זייער הויט און נעגל — געל, די האָר פאַרברוינט. אַ סך פון זיי זיינען געשטאָרבן.

מיר האָבן באַלד פאַרלוירן דעם מוט און געוואָרן פאַרצווייפלט.

איך בין „קראַנק" געוואָרן און דער דאָקטאָר האָט פעסטגעשטעלט, אַז איך קאָן נישט אַרבעטן... אַ פּאָר טעג שפּעטער לאָזט מען מיר וויסן, אַז איך ווער צוריקגעשיקט קיין פּוילן.

וואָס טוט מען?... קיין לאָדזש ווילט זיך ניט פאָרן, און מאָרגן גאַנץ פרי דאַרף איך זיך מעלדן צום „טראַנספּאָרט".

איינער פון מיינע נאָענטע חברים איז געווען שייע פּלאַנצבוים. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען זינט מיר האָבן אָנגעהויבן פאָרן „אויף אַרבעט". ער איז געווען מיט צען יאָר עלטער פון מיר און שוין געווען פריער נישט־געלונגען פאַרהייראַט. געווען אַ בוכ־האַלטער אין לאָדזש, מיט איידעלע הענט און אַרבעט איז פאַר אים געווען אַ קללה.

— איך האָב אַ פּלאַן — זאָגט ער — היינט ביינאַכט פאָרן מיר קיין פראַנקפורט אַם מאַין, אינגאַנצן אַ צוויי שעה פאָרן, און דאָרט וועט מען זען...

צוועלף אַזייגער ביינאַכט איז אָפּגעגאַנגען אַ שנעלצוג קיין בערלין. מיר האָבן גוט גערעדט דייטש. איך האָב געטראָגן אַ „האַרטן הוט" מיט אַן „אויבער־ראָק" און אויסגעקוקט, ווי אַן עכטער „יעקע". שייע האָט געטראָגן דייטשישע קליידער, אַ גרינעם „יע־גערהוט", און אַביסל קאַסאָקע איז ער געווען, האָט ער אויסגעזען ווי אַ פּורים־שפּילער.

דער צוג איז געווען באַקוועם, אָבער די שטימונג אַ געדריקטע. די באַן יאָגט שנעל און אונדזערע הערצער קלאַפּן, — מיר קוקן מיט פאַלשע שמייכלען אויף די אַרומיקע. די פּאַסאַזשירן זיינען העפלעך. פרויען, „מעדכענס" קניפּן־אָן געשפּרעכן, — ווי קומט עס וואָס אַזאַ יונגער קערל איז נאָך נישט „איינגעצאָגן"? אין באַן צעזינגט מען זיך „היימאַט" און „פאַטערלאַנד". געדאַנקען פּלאָנטערן זיך, — בערלין, בערלין... און פּלוצלינג — „שאַין, ביטע"...

אין ווײַמאַר איז דער צוג געבליבן שטיין, — מען האָט אונדז אַראָפּגענומען. מיר זיינען געגאַנגען פּאָרויס, און צוויי ציוויל־גע־קליידטע אַגענטן הינטער אונדז, וועלכע האָבן אונדז געפירט גלייך אין די קאַלטע צעלן פון דער ווײַמאַרער טורמע.

פיר וואָכן האָבן מיר, ווי „שפּיאָנען", געלעבט אויף ברויט מיט וואַסער. נאָר אַזוי ווי ווײַמאַר האָט געדאַרפט האָבן אַרבעטער, — די פאַבריקן האָבן טאָג און נאַכט פּראָדוצירט פאַרן פראָנט, און

אַ „יונגער קערל" איז געווען פאַר זיי אַן אוצר — האָט מען אונדז געשיקט אַרבעטן. אָבער דריי מאָל אַ טאָג האָבן מיר געמוזט זיך מעלדן אין פּאָליציי.

מיר האָבן שווער געאַרבעט; אונדזערע הענט זיינען געווען דורכגעלעכערט מיט בלוטיקע וואונדן. האָבן מיר אָנגעהויבן זוכן אַן אויסוועג. איך האָב געהאַלטן פון דעם פּוילישן ווערטל, אַז דער, וואָס ריזיקירט נישט, וועט פאַרפאַלן ווערן אין טורמע. פון דער אַרבעט האָבן מיר געהאַט אָנגעזאַמלט אַביסל געלט, גענוג פאַר אַ בילעט ביז בערלין. דאַרף מען נאָכאַמאָל פּרובירן...

האָבן מיר „פּרובירט" און זיינען אָנגעקומען אין בערלין מיטן וואָקזאַל אויפן אַלעקסאַנדער פּלאַץ. ווי אַזוי מיר זיינען דורך די „בראַנד", איז אַ נס...

און אָט שפּאַנען מיר איבער די ברייטע בולוואַרן, געסלעך און גאַסן, — בערלין! דעם ערשטן מאָל אין לעבן האָבן מיר דערזען אַזאַ פּראַכטפולע, לעבעדיקע שטאָט, און נישט קיין אָנדייט אַפילו, אַז איבער דער וועלט גייט אָן אַזאַ שוידערלעכע מלחמה, אין וועלכער מיליאָנען מענטשן ווערן אויסגעשאָכטן.

איך האָב גענומען קוואַרטיר אויף ליצמאַן־שטראַסע, ביי אַן עלטערער, יידישער פרוי פון עסטרייך. אין אַרבעט איז ניט געווען קיין מניעה. איך האָב באַלד געקראָגן אַרבעט אין אַ קאָק־ און גאַז־פאַבריק, וואו די היץ איז געווען אומדערטרעגלעך. צוויי שעה האָבן מיר געאַרבעט און צוויי שעה גערוט. אָבער עס איז געווען, ווי שאַרן הייסע, קאָכיקע לאַווע. מער ווי אַ וואָך צייט האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און בין אַוועק אַרבעטן צו אַ קצב. ער האָט געהאַט אַ טאָכטער — בלוט און מילך; שיין ווי די זון, נאַר נאַריש ווי אַ קאַלב. ווען אירע עלטערן האָבן מיר פאָרגעשלאָגן צו ווערן זייער איידים, בין איך מער נישט געקומען צו דער אַרבעט.

איצט בין איך געוואָרן אַ געהילף־שלאָסער אין אַ „ג. מ. ב. ה." (געזעלשאַפט מיט באַשרענקטער האַפטונג)־פאַבריק, אין דער פראַנקפורטער אַלייע. איך האָב די אַרבעט זייער ליב געהאַט און געווען צופרידן. כ'האָב גוט פאַרדינט און צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן האָב איך זיך געקויפט אַ נייעם אָנצוג, שיך, וועש, אַ קראַוואַט, און אַ זייגער מיט אַ קייט. אַלץ איז געווען אויף „בעצוגשיינען". דער שוואַרצער מאַרק האָט געבליט, ווי בעז אין מאַי, און ווער עס

האָט נאָר געהאַט געלט און געוואָלט צאָלן אַ פּרייז, האָט אַלץ גע־קראָגן.

יענער טייל בערלין איז דעמאָלט געווען אַ שטיק לאָדזש אין מיניאַטור. דאָ האָבן געוואוינט לאָדזשער אַרבעטער און אינטע־ליגענץ, אויך יידן אין אַטלעסענע קאַפּאָטעס, שטריימלען, ווייסע זאָקן, געדרייטע פּאהלעך, יידענעס אין קופּקעס, הויבן, שייטלען, — שנאָרערס און נגידים, ווי איך האָב זיי געקענט פון לאָדזש. עס האָבן אויך ניט געפעלט שאַנטאזשיסטן, „פּאַפּירן־מאַכער", אַל־פאַנסן, קאָרטן־שפּילער און גנבים, וועלכע האָבן געמאַכט זייערע נעסטן אַרום דעם אַלעקסאַנדער־פּלאַץ, דראַגאָנער־ און גרענאַדיר־שטראַסע, אין „קאַפע־דאַלעס" און דעסגלייכן.

נאָך עטלעכע וואָכן אַפּזיין מיט זיך אַליין, בין איך אין אַן אָוונט צום ערשטן מאָל אַרויס שפּאַצירן „אונטער דען לינדן". דאָ איז באמת געווען פון וואָס באַגייסטערט צו ווערן, בפרט פאַר אַ וועבער־יינגל פון באַלוט. דאָ האָט געשמעקט מיט פּערפום, גלאַנץ און רייכטום. אַלץ האָט מיר אויסגעקוקט אַזוי ניי, עקזאָטיש, וועגן וואָס איך האָב פריער אַפילו קיינמאָל נישט געחלומט. איך גיי איבער דער גאַס ווי פאַרהיפּנאָטיזירט.

מיט אַמאָל שטעלט מיך אָפּ אַ דאַמע אין אַ ברייטן, שטרויענעם הוט, אָנגעטאָן האַלב עלעגאַנט און האַלב פּראָווינציעל. זי שמייכלט און ווערט באַלד מיט מיר היימיש. „אַן אַגענטקע!" — לויפט מיר דורך אַ געדאַנק, און איך האָב מעכאַניש אַ טאַפּ געטאָן די קעשענע, צי איך טראָג מיט זיך מיינע פּאַפּירן.

אָבער די דאַמע ווערט גאָר צערטלעך און נעמט זיך בעטן: קום צו מיר אין הויז. איך האָב אַ קינד פון צוויי יאָר; שוין איבער אַ יאָר, ווי כ'האָב פון מיין מאַן ניט געהערט; מסתמא געפאַנגען, אָדער אומגעקומען. און ס'קינד וויל אַ „פּאַפּאַ", — זי וויינט, זי גייט אויס.

איך ווייס נישט פאַרוואָס, אָבער איך האָב צוגעשטימט און בין איר נאָכגעגאַנגען צו איר אַהיים.

ביז שפּעט אין אָוונט זיינען מיר געזעסן און געשמועסט ביי אַ „טאַסע" קאַווע מיט קוכן, און די גאַנצע צייט האָט זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ אַן אַלט טעאַטער־לידל:

„חוה מיט דער שלאַנג; איצט טוט אים אַזוי באַנג.
ווען נישט דאָס עפּעלע, וואָלט איצט זיין קעפּעלע
נישט געלעגן אין דער ערד אַזוי לאַנג".

איך שטיי־אויף און געזעגן זיך.

— בלייב מיט אונדז — בעט זי זיך — וועסט זען, עס וועט זיין „יוד"...

דערהערט דאָס וואָרט „יוד", בין איך אַריין אין כעס און בין באַלד אַרויס פון איר שטוב.

ערשט מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך זיך אָנגעשטויסן, אַז זי האָט ניט געמיינט מיך צו באַליידיקן. זי האָט נישט באַנוצט דאָס וואָרט „יוד" (יודע), נאָר זי האָט געמיינט צו זאָגן: „עס וועט זיין גוט" — מחמת אַ סך בערלינער רעדן־אַרויס אַ „ג", ווי אַ „י".

אַזעלכע „דאַמען" זיינען, ווייזט אויס, געווען אַ סך. ווייל וואָס לענגער די מלחמה האָט געדויערט, אַלץ ווינציקער עסן איז געווען. האָבן טויזנטער פרויען זיך געדרייט מיט שליסלען איבער די גאַסן און געוואונקען: „גייסט מיט?"...

אַרבעט איז געוואָרן ווינציקער. סאָלדאַטן זיינען געקומען אויף אורלויב און מער נישט געוואָלט צוריקגיין אין פעלד, האָבן זיי בגנבה פאַרנומען אַרבעט־פּלעצער. בין איך געוואָרן פון אַ שלאָסער אַ שמיד און פון אַ שמיד — אַ טישלער. אָבער ווער דאַרף אונדזער אַרבעט? עסט מען אין די אָוונטן אַ דינינקע „שטולע" (אַ מין מאָ־גערער „סאַנדוויטש") און מען פאַרטרינקט מיט אַ „ווייסע" אין אַ ווייך־קעלער דריי מעטער אונטער דער ערד אויף אַלעקסאַנדער־פּלאַץ, וואו יונגע מיידלעך זעצן זיך דיר אויף די שויס, ניט פרעגנ־דיק קיין דערלויבעניש. איך בין שאָקירט, און הויב־אָן פאַרלירן מיין רעספּעקט פאַר דער „הויכער" דייטשישער קולטור...

# אין דייטשלאַנד

איך אַרבעט אויפן „טעמפּל־האָף", פון וואַנען מען שיקט אַמוניציע צום פראָנט. מען פילט אָבער, אַז אָט־אָט וועט אַ קראַך־טאָן אַ שטורעם...

און פלוצלינג טאַקע — אַ מהומה: „די מאַטראָסן פון קיעל מאַרשירן אויף בערלין"! קייזער ווילהעלם האָט אָפּגעדאַנקט און איז אַנטלאָפן. אין וויך־קעלער ביי אים האָט מען געפונען גרויסע זאַפּאַסן וויין, שפּייז און אַ סך גאָלד.

דערווייל איז אויס אַרבעט, אויס מלחמה, נייע צייטן, נייע לידער:

„אויף, אויף צום קאַמף,
צום קאַמף זיינען מיר געבאָרן.
אויף, אויף צום קאַמף
פאַר פרייהייט און רעכט!
דער רויטער פאָן האָבן מיר געשוואָרן,
דער ראָזע לוקסעמבורג
שטרעקן מיר די האַנט,
דעם קאַרל ליבקנעכט
בלייבן מיר געטריי."

דער ספּאַרטאַקן־אויפשטאַנד איז אין פולן באַפרייאונגס־גאַנג. אין די גאַסן — האַרמאַטן און מאַשין־געווער, מאַסן אַרבעטער בויען באַ־ריקאַדן אויף דער פראַנקפורטער אַליי. אין בערלין דונערן האַר־מאַטן, — קריגס־צושטאַנד!

די יידישע רעוואָלוציאָנערע יוגנט פון לאָדזש, פון גאַנץ פוילן, נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל. סאָציאַלדעמאָקראַטן מיט שיידעמאַן

בראש פירן אָן אַ שרעקלעכן טעראָר. אַרבעטער פאַלן אין די גאַסן. בערלין ברויזט:

„ליכט אַוס, מעסער ’ראַוס,
נאָסקע קאָמט אַנגעראַנדט —
פענסטער צו, שטראַסן פריי,
הערונטער פאָן באַלקאָנען“.

(לעשט־אויס דאָס ליכט, נעמט אייערע מעסערס, נאָסקע רוקט זיך אָן; פאַרמאַכט די פענצטער, מאַכט פריי די גאַסן, אַראָפּ פון די באַלקאָנען).

עס הערן זיך לאָזונגען:

„קאַ־מע־ראַ־דן! צום געווער! נידער מיט נאָסקע און שיידע־מאַן! פאַר פרייהייט און רעכט“!

אין מאָאַביטער טורמע זיצט קאַרל ליבקנעכט, און אָט דער־טראָגט זיך די שוידערלעכע נייעס: — ראָזא און קאַרל זיינען דער־מאָרדעט געוואָרן אויף אַ סאַדיסטישן אופן דורך די הענקער נאָס־קע און שיידעמאַן.




ספּאַרטאַקן־אויפשטאַנד
(בערלין, 1918)

די „ספּאַרטאַקיסטן‟ (פאַר מיר דעמאָלט אַן אויסדרוק, וועלכן איך האָב פריער קיינמאָל ניט געהערט) געווינען אין אָנזען, מען רעדט וועגן זיי מיט גרויס אָפּשיי. אָבער די קאָנטער־רעוואָלוציע איז שטאַרקער און דער אויפשטאַנד ווערט אונטערדריקט. איך, צו־זאַמען מיט אַנדערע „אומגעווינטשטע אויסלענדער‟, קריגן אַן „אויס־ווייז‟ צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. אין „קאַטשען‟ ווערן מיר אַריבער־געפירט צום שלעזישן וואָקזאַל, וואו עס שטייען גרייט באַנען „נאָך אָסטען‟.

אַ גרופּע חברים וואַרט מיך אָפּ ביים באַן, און איידער וואָס־ווען, שוין זיצנדיק אין וואַגאָן, ווער איך נעלם. איך בלייב נאָך אין בערלין עטלעכע טעג און פאַר שפּעטער אַריבער קיין מעק־לענבורג.

דאָ זיינען פאַראַן רייכע פּריצישע גיטער, ריזיקע פעלדער מיט קאַרטאָפל, ווייץ און קאָרן. איך ווער אָנגעשטעלט, ווי אַן אַרויס־העלפער אין די שטאַלן. די בהמות און פערד ווערן געהאַלטן ציכ־טיק. יעדן טאָג ווערן די שטאַלן גערייניקט און פריש שטרוי אונ־טערגעלייגט. יעדן פאַרטאָג רייניק איך די פערד. אין איין האַנט אַ שוואַרצע, האַרטע באַרשט פון די בעסטע חזיר־האָר, אין דער צווייטער — אַ „קאַם‟, פּוץ איך אַזוי לאַנג, ביז זייער פעל גלאַנצט ווי אַ שפּיגל. צוערשט האָב איך מורא געהאַט אויפצוהויבן אַ פוס פון פערד. שפּעטער אָבער זיינען מיר ביידע, דאָס פערד און איך, היימיש געוואָרן, — מיר האָבן זיך „פאַרשטאַנען‟. דאָס פערד בויגט־אויס דעם קאָפּ, ווען עס דערפילט מיך אַריינקומען אין שטאַל, און קוקט אויף מיר אַזוי מענטשלעך. דערנאָך טוט עס אַ הירזשע און אַ שאָקל מיטן רעכטן אויער, — דאָס איז דער „גוט מאָרגן‟. און ווען איך גיב עס אַ גלעט איבערן קאָפּ, לאַשטשעט עס זיך צו מיר, ווי עס וואָלט זאָגן: נישט געזאָרגט, מירן אַרויסהעלפן איינער דעם צווייטן . . .

צוזאַמען מיט מיר האָבן דאָ געאַרבעט צענדליקער רוסישע קריגס־געפאַנגענע, וועלכע האָבן געהאַסט די דייטשישע ערד און געוואָלט אַהיימפאָרן. שפּעט אין די אָוונטן האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון בענקעניש נאָך זייער מוטער־ערד. מיר האָבן זיך גע־חברט און זיך אַרויסגעהאָלפן ביי דער אַרבעט. גאַנץ פרי פלעג איך איינשפּאַנען די פערד און זיי אַרויספירן אין פעלד צו דער

אַרבעט. די זון האָט געבאַקן די נאַקעטע לייבער, דער קערפּער איז געוואָרן ווי קופּער, די הענט מיט וואַסער־בלאָזן און מאַזאָליעס, דאָך איז געווען מונטערקייט ביי דער אַרבעט: געלעכטער, שפּאַסן, און דער דינער קלאַנג פון דער קאָסע ביים שניידן די זאַנגען איז געווען ווי שטילע, לירישע מוזיק. מיר האָבן געשניטן און גע־דרעשט, איינגעזאַמלט, געבונדן גאַרבן און צוזאַמענגעשטעלט רי־זיקע סטויקעס היי, ווי בערג גאַנצע. דער שווייס האָט באַדעקט ס׳לייב, די זון האָט געטריקנט, אָבער איך בין געווען זאָרגלאָז, ווייל — „מיטן שווייס פון דיין לייב זאָלסטו דיין ברויט פאַר־דינען״...

שפּעט אין זומער זיינען אָנגעקומען אַ כאָפּטע דייטשקעס, העלפן אַראָפּנעמען פון פעלד. זייער „מאָראַל״ איז געווען דיזעלבע, ווי אין שטאָט. די „מלחמה־עטיק״ האָט געגרייכט אַלעמען...

און איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, עס האָט קוים געגומען שאַריען אויף טאָג, האָב איך געזאָגט דער מעלקערין דעם לעצטן „גוט מאָרגן״, געטאָן מיין פערד דעם לעצטן גלעט, און בין אַוועק צוריק קיין בערלין.

# II

## גרענעצן

איך בין געווען אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן. קיין סך פרייד אין לעבן האָב איך נאָך נישט געהאַט. די וועלט איז נאָך אַלץ געווען אַ סוד פאַר מיר. כ׳האָב בלויז געקאָנט ווערן מיט־געריסן פון איינפלוסן און באַגערן. כאָטש איך האָב שוין געהאַט דורכגעלעבט די ערשטע וועלט־מלחמה און אַ דורכגעפאַלענע רע־וואָלוציע אין דייטשלאַנד, איז מיין לעבנסוועג נאָך אַלץ נישט גע־ווען אָנגעצייכנט. איך האָב נאָך ניט געהאַט קיין פעסטע פאָליטישע ריכטונג, הגם כ׳האָב אַלע מאָל פאַרשטאַנען וואָס ס׳איז רעכט און וואָס אומרעכט, וואָס מענטשלעך און אוממענטשלעך. כ׳האָב נאָך געזען די וועלט, ווי אין אַ נעפּל, אָבער איך בין געווען אַן אַר־בעטער מיט לייב און לעבן. צו האַנדל־וואַנדל האָט מיך קיינמאָל ניט געצויגן. „אַרבעט מאַכט דאָס לעבן זיס״, און אַרבעט האָב איך געבענטשט.

נאָר אין בערלין האָב איך זיך ווידער דערפילט נע־ונד, איינ־זאַם. אויף אויסלענדער האָט מען געקוקט קרום, ווייל מיר האָבן צוגענומען ס׳ברויט און די אַרבעט פון די דייטשן. האָב איך באַ־שלאָסן (באַשלוסן זיינען ביי מיר געמאַכט געוואָרן זייער שנעל; איך האָב זיך נישט געשראָקן פאַר די קאָנסעקווענצן) — פאָרן קיין האַנאָווער, נעענטער צום רהיין.

אין האַנאָווער איז דאָס לעבן געווען געמיטלעך, מער באַשיידן,

מענטשלעכער, דאָך האָב איך זיך נישט געקאָנט איינאָרדענען און כ׳בין אָפּגעפאָרן קיין קעלן, וואָס איז געווען אָקופּירט פון גרויס בריטאַניע. כדי אַריינצופאָרן אַהין האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ פּאַס מיט אַ „שאַין״, און איך האָב ביידע זאַכן נישט געהאַט. בין איך צוגעפאָרן ביז דיסעלדאָרף. בלויז אַ טויער האָט אָפּגעטיילט די צוויי שטעט, און פאַר עטלעכע מאַרק בין איך דורך די גרענעץ.

קעלן איז געווען אַן אייגנאַרטיקע שטאָט. איין טייל — מאָדערן ביז גאָר, און די אַנדערע העלפט — היפּש קליינשטעטלדיק. קרומע געסלעך, געדרייטע ווי אַ פּראָפּן־ציער, אַן טראָטואַרן, שמאָל, אָרעם און פינצטער. דאָך האָב איך זיך איינגעאָרדנט ווי עס איז און געשלאָסן פרישע באַקאַנטשאַפטן. צווישן מיינע באַקאַנטע איז געווען אַ טייער מיידל, קעטרין. זי איז געווען העכער פון מיטעלן וואוקס, ברונעט, מיט טיף־ברוינע אויגן, אַ שטאָלצע און צוריקגעהאַלטענע, גאָר אַנדערש ווי אַנדערע דייטשישע מיידלעך. זי האָט גערעדט וועגן פּאָעזיע און גוט געקענט היינריך היינע, געטע, שילער, וועגן וועלכע איך האָב אַזוי ווייניק געוואוסט. מיר האָבן זיך גוט צונויפגעלעבט.

אין שטאָט איז אָנגעגאַנגען אַ גרויסער שמוגל מיט דייטשישע זילבער־שטיק. צופעליק האָב איך זיך איינמאָל געפונען אין אַ קאַפע, וואו מען האָט געמאַכט אַן אַבלאַווע און אַלעמען אַרעסטירט, מיך אַריינגערעכנט. מיין איינציקער געדאַנק איז געווען: וואָס וועט קעטרין זאָגן?...

צום גליק האָט אַ גלח באַזוכט אונדזער צעל. איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט קעטרין. ס׳האָט לאַנג ניט גענומען און דער וועכטער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אַ „פרוילייך״ וויל מיך זען.

צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר שוין צוזאַמען געגעסן „שווייַנעןבראָטן״ אויף דער פריי, זיך דערציילט געשיכטעס און געלאַכט מונטער און זאָרגלאָז.

קעלן איז נישט געווען מיין ציל, איך האָב געשטרעבט קיין אַמעריקע. דאָרט האָט זיך געפונען מיין ברודער מאיר־יוסף. אַחוץ דעם האָב איך דאָך ערשט געזען בלויז אַ שטיקל וועלט. אַמאָל האָב איך געמיינט, אַז די וועלט ענדיקט זיך דאָרט הינטערן וואַלד, וואו דער הימל ליגט אויף דיביימער. איצט האָב איך שוין גע־

וואוסט, אַז די אמת־גרויסע וועלט ליגט ווײַט, הינטערן גרויסן, טיפֿן אָקעאַן.

— קעטרין — זאָג איך — איך קלײַב זיך אין וועג אַרײַן.

— זאָל דיר זײַן מיט גליק!

— איך מיין עס באמת.

— איך אויך.

— וועסטו נאָכפֿאָרן?

— אפשר...

קעטרין האָט מיך באַגלייט צום וואָקזאָל און מיר מיטגעגעבן אַ פּעקעלע עסן און זיסיקייטן.

„איינשטייגען! איינשטייגען"!

מיר האָבן זיך אַרומגענומען, אַ טרער האָט אַ פינקל געטאָן אין אירע סאַמעטענע אויגן — „אויף ווידערזען! אויף ווידערזען"...

די באַן האָט מיך געפֿירט קיין אַנטווערפּן.

**

ס'איז נישט ריכטיק, אַז די גאַנצע וועלט איז איין שטאָט. אַנטווערפּן איז ריין, ציכטיק. די הייזער און גאַסן ווערן יעדן טאָג געוואַשן. אויף די ראָגן פֿאַרקויפט מען געבראָטענע קאַשטאַנעס, — וואַרעמע, מעליקע. די וויטרינעס זײַנען פֿול מיט טייערסטע מאכלים. אַזעלכע גרויסע, פעטע שטיקער שאָקאָלאַדע, וואָס בעטן זיך ממש: קויפט מיך, אַ מחיה אײַנצובײַסן... אין די קאַפעהייזער און רעסטאָראַנען שפּילט מוזיק און פֿאַרלעך טאַנצן, — אַ פריילעכע וועלט.

אויך דאָ איז פֿאַראַן אַ יידיש לעבן. איך באַגעגן באַקענטע פֿון אַלע טיילן וועלט. יידן אין געהאַקטע זשיפּעצלעך, ווײַסע זאָקן, לאַטשען, שטרײַמלען, מיט לאַנגע בערד און פּאות, יידן פֿון פּוילן און פֿון גאַליציע.

יאַקובאָוויטש שפּילט דאָ יידיש טעאַטער, און איך ווער איינער פֿון די סטאַטיסטן. איך קריג שוין אַפילו צו שפּילן אַ ראָלע אין אַ דראַמע. ווײַבער כליפּען און אַ יונג צעשרײַט זיך: „אַ כאָליערע זיי אין די ביינער! אויב איר געץ מיר נישט אָפּ ס'געלט, וועל איך"...

ס'איז אַ לעבן נישט צו פֿאַרזינדיקן...

די פלעמישע שפּראַך איז עפּעס — ניע־בע, ניע־מע. נאָר אַז מען איז יונג און דער קאָפּ איז דאָ, און עסן ווילט זיך, רעדט די צונג אַלע שפּראַכן. דרייען זיך אַ טייל יידן אויף דער בירזשע פון בריליאַנטן, אַנדערע דרייען זיך אַרום זיי, — אַלע האָבן עפּעס צו פאַרקויפן, — אַבי מען פאַרדינט אויף שבת...

נאָר איך בין יונג, זאָרגלאָז ווי אַ פויגל — עס ציט אין דער ווייטער וועלט אַריין. אַך, ווען די וועלט וואָלט ניט געהאַט קיין גרענעצן, ניט געווען איינגעטיילט אין חלקים, נאָר געווען איין וועלט, איין שפּראַך, איין פאָלק!...

איך זעץ זיך ווידער אויף דער באַן. ווידער פייפט דער לאָ־קאָמאָטיוו, די רעדער דרייען זיך און יאָגן זיך מיט מיר איבער בריסל ביז קיין פּאַריז.

# פאַריז

אָנגעקומען בין איך אין פאַריז אין אַ שבת נאָכ־מיטיק, אָנהויב ווינטער, אויסגעמאַטערט און הונגעריק. מיין באַ־גאַזש איז באַשטאַנען פון אַ ווייסן שטייפן קאָלנער, אַ רעפטל ברויט, עטלעכע בעלגישע פראַנק און אַ פאָר שטיקלעך צוקער, ווי אַ סגולה פאַר אַ זיס לעבן. די באַן האָט אויפגעפּראַלט טיר און טויער. זיינען אַלע אַרויס ווי פייגל פון אַ שטייג און זיך צעלאָפן אין אַלערליי ריכטונגען פון שטאָט.

אויף די בולוואַרן, סקווערן און גאַסן איז געווען טומלדיק. וועגענער מיט הינט־געשפּאַן, מענטשן מיט האַנט־וועגעלעך, ראָ־ווערן מיט נעט געקליידטע דאַמען, לאַסט־אויטאָס, פייפערייען — אַלץ איז געלאָפן צו זיין ציל.

אין איין טאָג איז מען מיט מיר אַרומגעפלויגן אויף דער „מעטראָ" אין אַלע יידישע געגנטן, — דאָס „פּלעצל", בעלוויל אין מאָנמאַרט, וואו יידן האָבן שפּאַצירט מיט פאַרלייגטע הענט אויף הינטן, אַזוי ווי שבת אין לאָדזש. באַגעגנט אַ סך אַלטע גוטע־ברידער. האָט מען זיך געקלאַפּט אין פּלייצע, מיך אַריינגע־פירט צו סניידערן אין רעסטאָראַן אויף רידע זעקוף, געטרונקען אַ גלעזל און געגעסן אַ זאַטן מאָלצייט. דער רעסטאָראַן איז געווען ווי אַ גאָרקיך. איינער האָט איבערגעשריען דעם צווייטן. סניידער האָט ליב געהאַט אַ כוסה, האָט ער געשריען נאָך העכער פון זיינע געסט. אָבער וועמען האָט עס געאַרט, — אַבי ס'איז געווען וואַרעם און פריילעך.

דערנאָך האָט מען מיך צוגעפירט צו משהלעס „האָטעל", וואו עס זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט דרייסיק בעטלעך איינס לעבן אַנדערן. אַזאַ בעטל האָט מען געדונגען פאַר אַ פראַנק „און מער" —

עס האָט זיך געווענדט, צי מיט אַ ליילעך, צי אָן אַ ליילעך, מיט אַ האַנטעך, אָדער אָן אַ האַנטעך, און אַזוי ווייטער... וואַנצן איז ברוך השם געווען גענוג.

משהלע, אַ קליין־געוויקסיקער, אין שטיוועלעך נאָך פון גאַ־ליציע, מיט אַ לאַנגן טלית־קטן מסתמא נאָך פון זיין זיידן, האָט קיין בוכהאַלטעריע נישט געפירט. ער האָט אָבער געהאַט אַ גוטן קאָפּ צו געדענקען. און אַז מען האָט אים „איינגעמאַכט", האָט ער זיך אויך נישט ס'לעבן גענומען. ער איז געווען אַ גוטמוטיקער. אָבער ווען ער איז געוואָרן אין כעס, האָט ער געטריבן די חברה ווי פליגן. און דאָך איז אַלע מאָל געווען פול ביי אים.

ביי וואָלף שפּייזער, אויף רידע ראַזיע, האָט מען געקראָגן אַ ציימונג, אַ ביכל. אַרבעטער און באַלעבאַטים פלעגן אַהין אַריינ־קומען כאַפּן אַ שמועס און זוכן אַרבעט, אָדער אַרבעטער. האָב איך אין אַ פּאָר טעג שפּעטער דורך שפּייזערן געקראָגן אַרבעט אַלס צושניידער ביי „שאַפּאָ פּיקע", — געשטעפּטע וויכע קאַפּעליושן, און בין געוואָרן אַ תושב אויפן „פּלעצל", ווי אַמאָל אין באַלוט.

ס'האָט ניט גענומען לאַנג און איך האָב איינגעזען, אַז „ס'פּלעצל" איז נישט גאַנץ פּאַריז. איז עס דאָך די שטאָט, וואו דאָס פאָלק האָט אויסגעקעמפט פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט. איך בין אַרויסגעקראָכן פון פּלעצל, אַנגעהויבן זען די פּאַריזער פּאַ־לאַצן, מאָנומענטן און מוזעאומס, פון שאַנסאַליזע ביזן לואוו'ר. איך האָב פאַרבלאָנדזשעט צום באָהעמישן לאַטיינישן קוואַרטאַל און צום ערשטן מאָל דערזען פּרעכטיקע, ריזיקע לייוונטן פון מאַ־לעריי, אַז דער אָטעם האָט פאַרכאַפּט.

האָסט זיך שוין באַקענט מיט דער מאַדאַם „מאָנאַ ליזאַ"? פרעגן מענטשן. ווייס איך ניט צי די לצים טרייבן גלאַט שפּאַס מיט אַ ניי־געקומענעם, אָדער מיינען זיי עס אויף אָן אמת. ערשט אין מוזעאום האָב איך זיך דערוואוסט וואָס זיי מיינען. איך האָב זייער ווייניק געוואוסט פון מאַלעריי, דאָך האָב איך זיך ניט גע־קאָנט אָפּרייסן פון די ריזיקע לייוונטן, אויף וועלכע עס זיינען געווען געמאָלן מלחמות, יאַגד און מאָלציייטן פון הויכע דאַמען און הערן, פּאָרטרעטן פון באַרימטע מענטשן, בלומען — און אָט איז אין אַ ספּעציעלן זאַל „מאָנאַ ליזאַ" מיט איר זיסן, אייגנאַרטיקן שמייכל, קלאָרע אויגן און געטאָקטע בעקעלעך.

איך האָב זיך געשעמט צו זאָגן, אַז אַנדערע בילדער האָבן גע־לאָזן אַ טיפערן איינדרוק אויף דעם וועבער־יינגל רפאל.

אַ סך פון מיינע אַרבעטער־חברים האָבן פאַרלאָזט פּאַריז און געפאָרן העלפן בויען סאָציאַליזם אין רוסלאַנד. די רעוואָלוציע אין רוסלאַנד איז פאַר מיר נאָך געווען ווי אַ טומאַן. נישט טעאָרעטיש און נישט פּראַקטיש האָב איך פאַרשטאַנען וואָס אין רוסלאַנד קומט־פאָר.

אין יידישן טעאַטער אויף רידע לאַנקרי האָט מען געשפּילט צייט־פּיעסן. אַקטיאָרן האָבן געזונגען וועגן „ווילסאָן און די צען פּונקטן" און „איצט איז שוין געקומען די גליקלעכע צייט, מיר הערן פון נאָענט און פון ווייט, אַז אין רוסלאַנד איז ליכטיק, רוס־לאַנד איז פריי. דאַ זדראַווסטוואָיע סוואָבאָדאַ, אין דר'ערד מיט ניקאָלאַי". דער עולם אין טעאַטער האָט געיובלט און געוואָרפן היטלען פאַר פרייד.

איינמאָל האָב איך באַזוכט די „אָפּערא נאַסיאָנאַל". ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט בין איך געבליבן זיצן ווי פאַר אַ פאַרכישופטער וועלט. „לאַ באָהעם" האָט מען דעם אָוונט גע־שפּילט. די מוזיק האָט מיך פאַרטראָגן צוריק קיין לאָדזש, אין דער אַלט־שטאָט שול, וואו מיר האָבן צום ערשטן מאָל געהערט חזן סיראָטאַ... דאָרט האָב איך געהערט מיט אַנגעשפּיצטע אויערן חזנישע תפילות; דאָ האָט דאָס אָרעמע סטודענטן־לעבן אויף דער בינע אַרויסגערופן עמאָציעס, וואָס נאָר אין דער פאַנטאַזיע קאָן מען זיך עס פאָרשטעלן. פאָלג מיך אַ גאַנג פון זאַנדבערגס יידישן טעאַטער אין לאָדזש, ביז דער אָפּערע אין פּאַריז!...

נאָך דער פאָרשטעלונג בין איך דער לעצטער אַרויסצוגיין. איך באַטראַכט די אַרכיטעקטור, אָרנאַמענטן, די וואונדערלעכע מאָלע־רייען אויפן סופיט און ווענט. און ווען איך בין אַרויס אינדרויסן, האָב איך אויפן אַפיש פון „טאָיס", „אַאידאַ" און „לאַ אַפריקאַנאַ" אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות: „רפאל פאָזנאַנסקי, פון לאָדזש, איז געווען אינעווייניק"...

דער אייפל־טורעם איז געווען פאַר מיר דאָס גרעסטע וואונדער אין לעבן. כאָטש ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַרויפגעפאָרן, האָט מען מיר אָנגעזאָגט: „האָב אין זינען, אַז דו האָסט אַ מאָ־מען"...

אַלס קינד אין פּוילן האָב איך זיך געשראָקן, ווען די קירכן־גלאָקן האָבן זיך צעקלונגען. ווען כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען אַ קלויס־טער האָב איך צוגעהאַלטן ס׳היטל אויפן קאָפּ, אַז אַ שייגעצל זאָל עס מיר נישט אַראָפּכאַפּן און עס אַריבערוואַרפן איבערן פּלויט. דאָ, אין פּאַריז, הייסט מען מיר גיין זען „נאָטר דאַם״ און אַנ־דערע קירכן, וואו יעדער איינער מעג אַריין און אַרויס. גיי איך, דאָס וועבער־ייִנגל פון באַלוט, צום ערשטן מאָל אין לעבן אין אַ קלויסטער, און האָב נישט מורא, אַז באַלד וועט קומען „יאַנעק״, מיך אַ פּאַק טאָן פאַרן קאָלנער און אַ געשריי טאָן: „זשידזשע, ביילים, דאָ פּאַלעסטיני״!

ווערסאַיל איז דעמאָלט געווען אויף אַלעמענס ליפּן, — דאָ איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער שלום. באַקוקן איך זיך דאָ מיט זעלטענע אַנטיקן — פון אַ קעניגלעכן פערדס פּאָדקאָווע, ביז אַ קי־ניגס שלאָף־צימער... און ווידער די גרויסע געמעלן פון קע־ניגלעכע שלאַכטן!... און גוואַלד, — די הערשער האָבן דאָך מער, ווי אַ פּאָס ווייַן און אַ געבראָטענעם אָקס ניט געקאָנט פאַרצערן — איז צוליב וואָס האָבן זיי געפירט מלחמות, געהאַלטן שקלאַפן, באַ־שאַפן גילאָטינעס?... און אַ ווידעררגעפיל דערוועקט זיך אין מיר צו די געמאָלענע העלדן, צו די סטאַטועז פון ריטער און פירשטן, און צו זייער ניט־זויבערער פאַרגאַנגענהייט.

אין לאָדזש פלעגן קינדער רעדן וועגן פּאָזנאַנסקיס גלעזערנעם פּאַלאַץ מיר האָבן אויסגעוועבט לעגענדאַרישע חלומות — וויפל הינער, קאַטשקעס, גענדז, פּעסער וויין עס ווערט דאָרט אויפגע־געסן און אויסגעטרונקען אַ טאָג. דאָס עסן ווערט סערווירט אויף גאָלדענע טאַצן, מיט לעפל, איינגעפּאַסט אין ברילייאַנטן. אַפרי־קאַנער און אַמעריקאַנער באַדינער מיט פראַנצויזישע גאָווערנאַנטקעס היטן אָפּ פּאָזנאַנסקיס הויזגעזינד — —

איינמאָל האָבן מיר זיך אַרויסגעגנבעט פון חדר, אַנצוקוקן דעם גלעזערנעם דאַך, און צוריקגעקומען אַנטציקט, מיט באַרייכערטע אויסגעטראַכטע מעשות. איצט, ווען איך האָב געזען דאָס „גלע־זערנע הויז״, דאָס שלאָפצימער פון לואיז דעם פערצנטן, דעם „זאַל פון מלחמה״, „זאַל פון שלום״ אדג״ל, בין איך געשטאַנען אַ פאַרגאַפטער און נישט געקאָנט באַנעמען, ווי אַזוי אַרבעטער־הענט און מוחות פון וויסנשאַפטלער האָבן געקאָנט שאַפן אַזאַ

גלאַנץ און רייכטום פאַר אומניצלעכע מענטשן, ווי פירשטן און קעניגן . . .

מ׳זאָגט מיר, אַז אין פּאַריז, אַ האַלבע שעה שפּאַציר פון „פּלעצל״, איז פאַראַן עפּעס אַן אויסטערליש געסל, וואָס די וועלט פאַרמאָגט עס נישט, אָבער קיינער וואָגט נישט דאָרט צו גיין. דאָס געסל הייסט: „רידע לאַפּ״. מען וואַרפט דאָרט מעסערס און קינ־זשאַלן — ס׳איז דאָס „קוילער געסל״ פון פּאַריז. אַפילו די פּאָ־ליציי האָט מורא דורכצוגיין. קיין פראַנצויזן קומען ניט אַהין, נאָר אַלזשיריאַנער.

גיי איך מיר אַזוי, בייטאָג, פאַרביי און טראַכט ביי זיך, אַז בייטאָג וועט מען מיך דאָך ניט שעכטן . . . דאָס געסל קוקט אויס, ווי קרומקע פייפּערס געסל אין לאָדזש. נאָר דאָרט, אין באַלוט, אין פייפּערס געסל, האָבן געוואוינט קאַטערינשטשיקעס, „לאַטעקעס״, „פּענטאַקעס״, ווייבער זיינען אַלעמאָל געזעסן אויף די הויז־טרעפּלעך, מענער מיט שטריק אַרומגעבונדן די הויזן און קינדער מיט אָספּערס — — און אינדערמיט געסל איז געווען אַ תלמוד תורה, וואו איך און נאָך יינגלעך האָבן געלערנט. און דאָ, אויף רי דע לאַפּ, איז שאַ, שטיל. מען זעט ניט אַ לעבעדיקע פליג. אַז ס׳גאַנצע געסל איז גרויס ווי אַ גענעץ, איז וואָס־זשע איז זיך דאָ צו שרעקן ?

איינמאָל אין אָוונט האָב איך ווידער גענומען אַ שפּאַציר — אַ־האַ ! דאָס געסל רי דע לאַפּ גייט כאָדאָראָם. די זעלבע גרויע, נידריקע הייזער מיט פאַרמאַכטע לאָדנס און שלעסער מיט איי־זערנע פּרענטעס, וואָס איך האָב געזען בייטאָג, נאָר איצט האָט עס באַקומען קאָליר, בלוט און פלייש, עס ברויזט מיט לעבן. אַ האַלבער טוצן זאַלן, קאַפייען זיינען אָפן, מוזיק שפּילט. די זאַלן זיינען טונקל, ראָמאַנטיש אילומינירט. ס׳רוב מענער טראָגן „קאַש־קעטן״ מיט שוואַרצע, גלאַנציקע דאַשקעס, פון אונטער וועלכע די גזשיוועס קוקן אַרויס וואַוילינגעריש, די הויזן קינסטלעריש פאַר־בונדן מיט קאָלירטע גאַרטלען, אויף די העלדזער גרויסע שניפּטיכער. נישט קיין ברייטפּלייציקע זיינען זיי, די מענער, סיי די טענצער און סיי די, וואָס זיצן ביי די טישלעך ווי אין אַ קאַבאַריי, זופּנדיק רויטן און ווייסן וויין. נאָר עפּעס אַזעלכע פלייצקעלעך, וואָס דערציילן, אַז אויף זיי קאָן מען ניט רייטן . . .

איך גיי אַריבער די שוועל, נישט זייער דרייסט, און קוק זיך אַרום, צי עס פליט ניט אַ מעסער...

די פרויען זיינען אויך נישט קיין וואַזשנע; נאָר עפּעס פאַר־מאָגן זיי פייער אין די אויגן און שאַרפקייט אין יעדן בליק, אַ מורא זיי אָנצוקוקן... אָבער איך באַוואונדער זייערע שוואַרצע סאַמעט־זיידענע האָר, די גרויסע אויגן מיט שיין־געשניטענע ברעמען און לאַנגע וויעס... מען שושקעט מיר אין אויער: „ווילסט גיין אַ טאַנץ״? און שוין נעמט מיך לייכט אַ „מאַדמואַזעל״ אונטערן אָרעם. איך טאַנץ מיט האַרץ־קלאַפּעניש...

איך זעץ זיך צו ביי אַ טישל, און איך דערפיל אַ שווערע האַנט אויף זיך. „אַ־האַ, איך בין אויף צרות!״ — האָט אַ בליץ געטאָן אין געדאַנק... איך דריי זיך אויס, און אַנטקעגן מיר שטייט פּיוויש זעצער, ייעלכער האָט זיך געלערנט די מלאכה אין די „לאָדזשער נאַכריכטן״, אָבער וועלכער האָט מער אַרומגעבלאָנקעט אין דער „אַלט־שטאָט״ ביי די „גרינע טישלעך״...

און אַזוי בין איך שוין דעם גאַנצן אָוונט געווען באַשיצט פון אַ „גוט־אויג״...

***

וואָס העכער עס האָבן געקלונגען די טענער איבער אייראָפּע „שטייט־אויף, איר אַלע, ווער ווי שקלאַפן״, אַלץ שווערער איז גע־וואָרן דאָס לעבן פון די איינגעוואַנדערטע. זשאַנדאַרן זיינען באַ־פאַלן האָטעלן, רעסטאָראַנען, טאַנץ־זאַלן, אַרויסגעשלעפּט פון די בעטן, און ווער עס האָט נישט געהאַט קיין פּאַפּירן, דעם האָט מען אַרויסגעשיקט פון לאַנד.

אַ טייל יונגעלייט זיינען אַוועק קיין רוסלאַנד. אַנדערע האָבן זיך געמאָלדן ביים פּוילישן קאָנסול נאָך אַ פּאַספּאָרט און צוריק־געפאָרן קיין פּוילן צום מיליטער. נאָך אַנדערע האָבן זיך אויס־באַהאַלטן און געלעבט אומלעגאַל. אַ גרויסער טייל אימיגראַנטן האָבן זיך אַרומגעדרייט הונגעריק, אָן אַרבעט, ווייל וואָס לענגער ס'איז געווען נאָך דער מלחמה, אַלץ ווינציקער אַרבעט איז געוואָרן אין לאַנד און אַלץ גרעסער איז געווען דער טעראָר. באַלד נאָך 1918 זיינען „פּאַטראָנען״ געשטאַנען אויף „גאַרדעלעס״ און „גאַר דענאַרד״, געוואַרט פאַר אימיגראַנטן, זיי אויסגעכאַפּט אַזוי שנעל,

ווי זיי זיינען אַרונטער פון באַן. אָבער שפּעטער איז ניט געווען וואו צו פאַרדינען אַ פראַנק און דער גייעג נאָך פרעמדע האָט זיך פאַרשטאַרקט. האָבן מיר געשאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל פאַר־טיידיקן די אַרעסטירטע, זיי העלפן ווי ווייט מעגלעך, און געבן עסן די הונגעריקע.

אויף רי דע ראָזע איז געווען אַ כשרער רעסטאָראַנט. די פרוי, אַ יידענע אין אַ שייטל, האָט אַליין געקאָכט און זייער געשמאַק. קאָופמאַן, דער מאַן אירער, איז געווען אַ טיפּישער ייד פון קליינעם פּוילישן שטעטל. ווען פאַרטרעטער פונעם קאָמיטעט האָבן אים דערקלערט, אַז מיר ווילן מיט אים שליסן אַן אָפּמאַך ער זאָל געבן עסן די יונגעלייט, וואָס דרייען זיך אַרום אויפן „פּלעצל" און שלינגען שפּייעכץ (און דערביי אים נאָך דערמאָנט, אַז „דער, וואָס ראַטעוועט דאָס לעבן פון איין מענטש, איז פּונקט, ווי ער וואָלט געראַטעוועט די וועלט") — האָט ער זיך באַראַטן מיט זיין יידענע און באַלד צוריקגעבראַכט דעם פּסק, אַז פאַר די אַלע, וואָס אונדזער קאָמיטעט וועט אַריינשיקן, וועלן מיר צאָלן בלויז האַלבע פּרייזן.

האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונדז אַ געלויף נאָך צעטלען פאַר מיטאָג־עסן, ווי נאָך קוויטלעך ביי גוטע־יידן. נו, אין געציילטע טעג אַרום איז דער קאָמיטעט געגאַנגען באַנקראָט...

# מיט דער שיף קיין האַוואַנאַ

אויך איך האָב דערפילט, אַז ס'איז שוין צייט ווידער זיך גרייטן אין וועג אַריין. מיר איז געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן די דע ריוואָלי, דאָס אייגנאַרטיקע פּאַריז מיט די אַלטערטימלעכקייטן, דאָס פּאַריז פון האָרעפּאַשנעם, פּראָסטן פאָלק, אַלץ, וואָס איז מיר געוואָרן אייגנס. אָבער מיין וועג איז שוין געווען אָנגעצייכנט — קובאַ.

אויף דער שיף איז מיר געווען שוידערלעך אומעטיק. דעם ערשטן פאַרנאַכט האָט נאָך די זון זיך געשפּיגלט מיט אירע לעצטע שטראַלן אין אַטלאַנטישן ים, וואָס איז דעם ערשטן טאָג געווען אַזוי רואיק און דורכזיכטיק, ווי דאָס קלאָרע טייכל פון היימישן שטעטל. אָבער שוין צומאָרגנס איז דער וועטער געוואָרן טריב, אַזוי ווי אויף דער נשמה. דער כמאַרנער הימל איז געהאַנגען איבער די קעפּ. קיינער האָט נישט געשפּאַסט. אין אַ ווינקל האָט אַ מיידל שטיל געכליפּעט, — וואָרום ווער ווייסט וואָס פאַראַ לאַנד דאָס איז, וואוהין מען פאָרט...

ענדלעך האָבן אין אַ פרימאָרגן זיך באַוויזן פון זייער ווייט הויכע בערג, וואָס האָבן דערגרייכט ביזן הימל. די מאַשינען פון שיף האָבן גענומען אַרבעטן שטילער, ווי זיי וואָלטן וועלן זיך אָפּרוען נאָך שווערע צען טעג אַרבעט.

פּאַסאַזשירן האָבן זיך געפּעדערט, און גאַנץ פרי גענומען נאָכאַמאָל בינדן מיט שטריק ס'בעטגעוואַנט, פאַרשלאָסן די קאָסטנס, אַרויס פון די קאַיוטעס, ווי באַפרייטע פייגעלעך, און אַרויף אויפן דעק פון שיף. אויפגעמונטערטע, האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מזל טוב — „אין אַ גליקלעכער שעה"! ווי דאָס גרעסטע גליק וואָלט זיי דערוואַרט.

די שיף איז געבליבן שטיין עטלעכע שפּאַן פון פּאָרט, אַרומ־גערינגלט מיט צענדליקער קליינע שיפלעך. אין די שיפלעך זיי־נען געזעסן האַלב נאַקעטע מענער און קינדער, אין ברייטע סאָמ־ברעראָס (קאַפּעליושן), אַלטע פרויען מיט געקאַרבטע פּנימער, ווי די געקנייטשטע הויט פון אַן עלפאַנט־פוס, און יונגע מיידלעך מיט שוואַרצע כישוף־אויגן. און אַלע האָבן געפילדערט, געשריגן אויף אַן אומבאַקאַנטער שפּראַך: „פּלאַטינאָס, פּיניאַ, מאַנגאַ, אַפּעלסינען, סעניאָר״!

די וועסלעס פון די שיפלעך האָבן לייכט געפּליוסקעט אין וואַסער און די פּאַרקויפער האָבן ניט געוואָלט אָפּטרעטן. האָבן מיר אַראָפּגעוואָרפן געלט, און זיי האָבן אונדז קונציק אַרויפגעוואָרפן פּירות, וואָס מיר האָבן געזען צום ערשטן מאָל אין לעבן. און איז אַ מטבע אַריינגעפאַלן אין ים אַריין, איז דאָס נאַקעטע יינגעלע נאָכ־געשוואומען, געטויכט ווי אַ פישעלע אונטערן וואַסער און עס אין די ציינדלעך געבראַכט צום אויבערפלאַך פון ים.

די טראָפּישע זון האָט געגליט ווי פייער. האָט מען אַראָפּגע־וואָרפן די שווערע קליידער, צעעפנט די קעלנער, און דאָך גע־פּאָכעט מיט דער נשמה פון היץ.

ביים ברעג האָבן מענטשן צוגעפּאָכעט מיט הענט און טיכ־לעך, באַגריסנדיק די ניי־געקומענע, און מסתם ביי זיך געטראַכט: נייע אימיגראַנטן — נייע צרות; קיין האַניק וועלן זיי דאָ נישט לעקן...

אויף אייניקע האָט געוואַרט אַ קרוב, אַ פריינט, שוין פון פריער אַהער געקומענע; אויף אַנדערע — אַ טאַטע, אַ שוועסטער, ספּעציעל געקומען פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אויף מיר האָט קיינער ניט געוואַרט. איך בין געווען פריי און לייכט, ווי אַ פויגל, — אַן פעקלעך, נאָר פליגל צום פליען האָב איך נישט געהאַט...

ביים אַראָפּגיין האָט מען באַדאַרפט ווייזן אַ וויזע אויפן פּאַס־פּאָרט און פופציק פעזאָס. אַ פּאַספּאָרט מיט אַ וויזע האָב איך גע־האַט, נאָר די פעזאָס האָבן מיר געפעלט... איך שטיי אַ פאַרצי־טערטער אין ריי. הינטער מיר שטייט אַ מיידל, שפרה. זי זעט אָפּנים מיין פאַרלעגנהייט און ראַטעוועט מיך, אונטערשטופנדיק מיר אַ קו־באַנער באַנקנאָט.

איך בין אַראָפּ פֿון שיף פּאַמעלעך, מיט געמאָסטענע טריט, באַטראַכט דעם פּאָרט און קאָן ניט באַשטימען אין וועלכער ריכטונג צו שטעלן דעם ערשטן טראָט. ווי פֿון הימל אַראָפּ לויפֿט־אָן אַ פּאַרסאָפּעט ייִנגעלע, מיט קלוגע לאַכנדיקע, גרויסע אויגן: „איר ווילט גיין וואוינען ביי מיין מאַמען?‟

# אין האַוואַנאַ

דאָס יינגל, וועלוול, האָט מיך אַריינגעפירט אין הויז מיט אַ גדולה, ווי איינער רעדט: מאַמע, איך האָב געפּאַקט אַ נייעם קוואַרטיראַנט!

די דירה אויף סאַן איגנאַציאָ איז באַשטאַנען פון אַ גרויס צימער אָן פענצטער, מיט אַ באַלקאָן צום גאַס. ביי די ווענט איז געווען אויסגעשטעלט פינף הילצערנע אויפשטעל־בעטלעך מיט פאַרזשאַווערטע דראָטן. עטלעכע הילצערנע קעסטלעך פון פרוכט האָבן זיך געוואַלגערט אינמיטן שטוב, — דאָס זיינען געווען די בענקלעך און דער טיש.

אין דעם פינצטערן צימער האָבן זיך געפונען די קוואַרטיראַנטן חיה, אַ מעוברתטע, מיט איר מאַן און אַ קליין מיידעלע, בערל, „דער חזן פון שאוועל", ר' מאיר, אַ ייד אין די זעכציקער, און זיין זון וויגדאָר; גנענדל די באַלעבאָסטע מיט אירע צוויי זין וועלוול און יצחק־חיים, און איך.

ביינאַכט האָבן מיר זיך אויסגעלייגט, צוזאַמענגעפּרעסט ווי הערינג. פיס האָבן געשטורכעט אין יענעמס זייטן, קעפּ האָבן זיך פאַרלוירן אין פרעמדע פיס.

קיין וואַסערלייטונג איז ניט געווען. אין אַ ווינקל פון הויף האָט זיך געפונען אַ קאַלטער שפּריץ; האָט זיך פון דאָרט גע־טראָגן אַ ליאַרעם, ווי פון באָד אַרויס.

דער הויף איז געווען, ווי אַ שטיינערנער קאַסטן. אין דער שטאָט פון פּאַלמען איז קיין גרעזעלע אָדער גרין בלעטל אין הויף ניט געוואַקסן. אינמיטן הויף האָט געברענט אַ פייערל, וואָס האָט געטליעט אַ גאַנצן טאָג. דאָ האָבן די קובאַנער שכנים געבאַקן טאָרטיאַס.

אין אַ ווינקל פון הויף איז געזעסן אַן אַלטע חושכדיקע פרוי,

און געפּיפּקעט אַן אויסגעלאָשענע ליולקע. אויף אַ ראַגיזשע פאַר דער אויפגעפּראַלטער טיר איז געזעסן אַ שווער־וואַגיקע האַלב דרימלדיקע פרוי און געהאַלטן אַ ציגאַר אין מויל.

מיר זיינען אַרויס זיך באַקענען מיט דער שטאָט. דורכשפּאַצירט די בולוואַרן פּראַדאָ און וועדאַדאָ, און אויסגעמאָסטן אַלע ווינקעלעך פון דאָרטיקן רייכן און אָרעמען לעבן. געזען פרויען, וואָס פאַרקויפן פאַר אַ פּעזאָ זייער ליַיב, נידערגעשלאָגענע מענער, באַגאָטיש־פרום און אָרעם, ווי די פינצטערע נאַכט. און אויף דיזעלבע בולוואַרן — רייכטום, הולטאַיסטווע, נאַכט־קלובן, וואו איבערגעזעטיקטע לעבנס גיסן אין זיך שאַמפּאַניער...

איך בין שוין דריי טעג אין האַוואַנאַ, שליַנג דאָס שפּייעכץ און ווייס ניט וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען. כמעט אַלע ניי־געקומענע האָבן זיך אָנגעהאַנגען קעסטלעך מיט שיך־בענדלעך, קראַוואַטן, זאָקן, שפּילקעלעך, וואָס זיי האָבן איינגעקויפט פאַר עטלעכע פּעזאָס, שלייכן אַרום פאַרשמייעט איבער די גאַסן און זוכן „פּרנסה״... וואָס זאָל איך טאָן?... אַ דייטשישער ייד שטעלט מיך אָפּ און שלאָגט מיר פאַר אַ געשעפט, ביי וועלכן מ׳קאָן נתעשר ווערן: ער האָט אַ נייע דערפינדונג, — עראָפּלאַנען, אַ שפּילצייג פאַר קינדער. אויב איך וויל, זאָגט ער, אַרויסגיין מיט דעם איבערן שטאָט פאַרקויפן, וועט ער מיר ווייזן ווי אַזוי דאָס ווערט צוזאַמענגעשטעלט, ווי הויך עס פליט, און מיר וועלן ביידע רייך ווערן.

— פאַרוואָס ניט — זאָג איך — מיט באַנען און שיפן בין איך שוין געפאָרן, און תמיד איז דער דלות געלאָפן גאַלאָפּ פאַרויס פאַר מיר — אפשר אויף אַן עראָפּלאַן וועט ער מיך נישט אָניאָגן...

לאָז איך זיך אַרויס אין גאַס מיט דעם נייעם מסחר. עס קלייבן זיך אַרום מיר קינד און קייט, יונג און אַלט, און איך נעם דעמאָנסטרירן, ווי דאָס הויבט זיך אויף און לאָזט זיך אַראָפּ. איך רעד דייטש, פראַנצויזיש, יידיש, פּויליש, געבראָקט מיט שפּאַניש, און פּלוצלינג, איך דריי זיך אויס — מיינע אַלע עראָפּלאַנען זיינען פאַרשוואונדן!... נישטאָ, כאָטש שריי חי וקים — ווי אין וואַסער אַריין.

וואָס טוט מען?

גיי איך ווידער איבער די גאַסן שליַנג און שלאַנג און לעב מיט ברויט און פּלאַטינאָס פאַר צער סענטאַוואָס אַ טאָג.

יעדן טאָג, זעקס אינדערפרי, גיי איך צום פּאָרט, וואו די שיפן קומען אַריין. הונדערטער קובאַנער אַרבעטער, מיטברייטע פּליי־צעס און שטאַרקע מוסקולן, שטייען אין ריי און וואַרטן מען זאָל זיי רופן אויף אַ טאָג, אָדער עטלעכע שעה אַרבעט. אויך איך שטעל זיך אין דער ריי און זע־אויס צווישן זיי, ווי אַ קליין יידעלע צווישן גבורים פון אַן אַנדערן פּלאַנעט. אָבער יעדעס מאָל גיי איך צוריק אַן אַנטוישטער, צוזאַמען מיט אַ העלפט פון די ריזיקע מענער — נישטאָ גענוג אַרבעט פאַר אַלעמען.

פּאָרטן זיינען פאַראַן עטלעכע. דאָרט, וואו עס האָט זיך גע־לאָזט, האָבן אימיגראַנטן מיט שטאַרקע מוסקולן זיך געקויפט עט־לעכע וואָכן אַרבעט, באַצאָלנדיק אַ היפּשע סומע פאַרן פאַרדינסט פון דריי פּעזאָס אַ טאָג. בין איך אויך אַוועק צום פּאָרט „קאַסאַ בלאַנקאַ" מיט אַרומגעוויקלטע הענט, ס'זאָל אויסזען ווי מוסקולן, מיט אַן אַרויפגעוואָרפן אַרבעטער־רעקל אויפן אַקסל — אפשר...

פון דעם פּאָרט־הויז קומט יעדן אינדערפרי אַרויס דער שטאַלטנער אַמעריקאַנער, טעד דזשאַנסאָן, אין אַ ווייס זיידענעם העמד, די אַרבל פאַרקאַטשעט, די הענט אין די קעשענעס פון די בלויע אַלפּאַנגאַ־הויזן, גייט־דורך צווישן בײדע רייען אַרבעטער און אויף וועמען ער טייטלט מיטן פינגער, דער גייט אַריין דורך אַ שמאָל טירל צו דער אַרבעט. טאָג־נאָך־טאָג שטעל איך זיך אַזוי אין די רייען און יעדעס מאָל גיי איך אַוועק אַ פאַרשעמטער. פאַלט מיר איין, אַז — מעגלעך, ווען איך זאָל אים בעטן, דערציילן וועגן מיין דאָברע־מזל, אפשר וועט ער זיך צוהערן. וואַרט איך אים אָפּ, ווען ער דאַרף פאָרן עסן, און נעם צו אים איינטענהן מיט די הענט און אויף „דייטש־ענגליש"... לאָזט ער מיך רעדן, ווי ניט אים מיינט מען, און פאָרט אַוועק.

ביי מיר אין קעשענע געפינט זיך נאָך אַ לעצטע פּעזאָ מיט עטלעכע סענטאַוואָס. שפּרינג איך אַריין אין אַ טאַקסי און גיב צו פאַרשטיין דעם שאָפער, ער זאָל אים נאָכפאָרן.

דזשאַנסאָנס אויטאָמאָביל שטעלט זיך אָפּ פאַר אַ הויז, וואָס איז איינגעטונקען אין בלומען. אויך מיין טאַקסי שטעלט זיך אָפּ. דערזעענדיק מיך, כאַפּט דזשאַנסאָן אַרויס אַ זילבערנעם רעוואָלווער, שטעלט אים אָן אויף מיר, און נעמט אויף גיך שטאַמלען: „קאַם, מאָרנינג, טומאָראָ, וואָרק, טראַוואַכאָ", — איך זאָל, הייסט עס, מאָרגן

אינדערפרי קומען צו דער אַרבעט — און ער פאַרשווינדט אין הויז.

דעם גאַנצן האַלבן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אין אַ חלום. און ביינאַכט אין שלאָף האָב איך געהאַלטן אין איין אויס־לאָדן און אָפּלאָדן פון די שיפן גרויסע קאַסטנס מיט גאָלד און ווייַנען...

אינדערפרי האָט זיך טעד דזשאַנסאָן באַוויזן אין טיר פון האָפן. וועט ער מיך דערקענען? ס'האַרץ נעמט קלאַפּן, ווי עס וואָלט זיך וועלן אַרויסרייסן. ער גייט ווידער צווישן די רייען, טייטלט מיטן צייג־פינגער: רעכטס־לינקס, רעכטס־לינקס — די רייען ווערן שיטערער, ער גייט מיך, דאַכט זיך, פאַרביי — מיר שטייען נאָך אַלץ אויסגעשטעלט ווי סאָלדאַטן, — און ענדלעך טוט ער זיך אַ קער צוריק און טייטלט אויף מיר מיטן פינגער...

ווי אַ זיגער מאַרשיר איך אַריין אין פּאָרט צו די פּאַראַנקערטע פראַכט־ און פּאַסאַזשיר־שיפן, צוזאַמען מיט די קרעפטיקע קו־באַנער אַרבעטער, וועמענס לייבער האָבן געגלאַנצט, ווי קופּער קעגן דער זון, און אויפן געדאַנק קומען מיר די ווערטער פון יוליוס צעזאַר: „וועני, ווידי, וויצי" — געקומען, געזען, און כ'האָב גע־זיגט...

# אין דער קובאַנער סביבה

געאַרבעט האָבן מיר כמעט נאַקעט. צוויי טעג בין איך געווען דער גליקלעכסטער מענטש. אויפן דריטן טאָג האָב איך זיך בישט געקאָנט רירן. מיין לייב איז געווען דורכגעגליט פון דער זון ביזן ביין. איך בין געלעגן אויפן בעט אין יסורים און פיין. אַ וואָך צייט האָב איך געשוועבט צווישן לעבן און טויט. אָבער ווען מען אַרט עס? אויף מיין פּלאַץ האָבן געוואַרט הונדער־טער אַנדערע שקלאַפן.

קובאַ האָט דעמאָלט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַרום פיר מיליאָן מענטשן. צו זיי האָט געהערט דאָס וואַסער פון דער זויער־מילך; די סמעטענע האָט געהערט צו אַמעריקע. אין אַזאַ לאַנד איז שווער צו לעבן דעם אימיגראַנט, אָבער נאָך שווערער איז דעם קובאַנער. דער אימיגראַנט קאָן אַנטלויפן; דער קובאַנער מוז בלייבן, לאָזן פון זיך אַרויסציען דעם מאַרך פון דיביינער, געשלאָגן ווערן פון דעם פרעמדן קנוט און שווייגן.

איך האָב ליב געהאַט דאָס לאַנד, די האַרעפּאַשנע מענטשן, די כוואַליעס פון ים, אַפילו די טראָפּישע רעגנס, וואָס פאַלן דאָרט ווי אַ מבול. ליב און אייגן איז מיר געוואָרן די שפּראַך און מנהגים. פיינט געהאַט האָב איך דעם פרעמדן הערשער, די פרעמדע „אַריס־טאָקראַטיע", וועלכע פריידיקט „ליבע" און פאַרנעמט זיך מיט רויב אין פרעמדע לענדער.

דאָס יידישע קולטור־לעבן האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן שפּראָצן צווישן דער יידישער אַרבעטער־יוגנט פון פוילן, ליטע און פון אַנ־דערע לענדער. הגם ס'איז געווען צווישן זיי אויך אַ קליינבירגער־לעכער עלעמענט, וואָס האָט זיך געריסן צו מאַכן געלט אויף צו פאָרן צוריק אַהיים, און דאָס האָט זיי ביט זעלטן געטריבן צו שטרייק־ברעכעריי אין די האַפּנס.

מיטן גרינדן דעם ערשטן אַרבעטער־קלוב האָט דאָס אימי־גראַנטישע לעבן געקראָגן אַ תיקון. פּאָליטיש־רייפע, קולטורעלע פרויען און מענער האָבן אָנגעהויבן העלפן די קובאַנער אַרבעטער אין זייערע עקאָנאָמישע קאַמפן דורך אויפקלערונג און ברידערן זיך מיט זיי. ראַסן־העצער און אַנטיסעמיטן האָבן עס ניט געקאָנט פאַרטראָגן און געפונען אַ פעלד פאַר דיסקרימינאַציעס. דער קו־באַנער איינוואוינער האָט אָנגעהויבן אַרויסרעדן נישט פריינטלעך דאָס וואָרט „כודיאָ" (ייד).

צווישן די קובאַנער אַרבעטער אַליין זיינען געווען פייערדיקע רעדנער און גלענצנדע פירער. זיי האָבן אַלע מאָל גערעדט וועגן דער באַפרייאונג פון רוסישן אַרבעטער און געהאַט גרויס דרך ארץ פאַר רוסלאַנד. ווען לענין איז געשטאָרבן, האָבן זיי אין די אַרבעטער־לאָקאַלן דראַפּירט לענינס בילד אין שוואַרצן. און אין טאָג פון דער לוויה איז דער גאַנצער פאַרקער, טראַמווייען אין גאַס און די אַרבעט אין די האַפנס, אָפּגעשטעלט געוואָרן. דעמאָלט האָט מען געקאָנט זען, אַז:

„ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל,
בלייבן אַלע רעדער שטיל"...

אויף גראָזן, צווישן קוסטעס איז מען געווען פאַרזאַמלט. אַזוי האָט מען אויף דער פרייער נאַטור פאַרבראַכט ביז זון־פאַרגאַנג. עס זעט זיך נאָך דער לעצטער גאָלדענער אָפּשיין אויף די שפּיצן בוימער, און אָט באַווייזן זיך שוין מיליאָנען פינקלדיקע שטערן, אָבער דער עולם הערט נאָך אַלץ געשפּאַנט די פייערדיקע רעדעס.

עס וועט קומען אַ צייט — האָבן די רעדנער פאַרענדיקט — ווען די וועלט וועט זיין פול ליכט און זון. קיין שונאים פון פאָלק וועלן מער נישט געוועלטיקן איבער דער מענטשהייט. דער וועלט־אַל וועט זיין אָן גרענעצן, אָן מלחמות — וואָרום אַלע פעלקער, אַלע ראַסן וועלן זיין ברידער פון איין גרויס, מעכטיק פאָלק — די מענטשהייט.

## אויף דער קובאַנער פּראָווינץ

ווען מ׳לעבט אין דער הויפּט־שטאָט פון לאַנד, קאָן מען קיין באַגריף נישט האָבן, ווי אַזוי ס׳לאַנד זעט אויס. איך האָב געוואָלט זען דעם צווייטן ברעג פון קובאַ, נאָך דעם ווי איך האָב זיך שוין געהאַט אויסגעוואָגלט אין אַלע פּיצענקע שטעטלעך און דערפלעך אַרום האוואַנאַ.

לעבן קאַמאַגוי האָט די רעגירונג געבויט אַ באַן. פון דאַנען ביז סאַנטאַ קלאַראַ, זאָגט מען, איז אַ שפּאַציר, און פון סאַנטאַ קלאַראַ ביז סאַנט יאַגאָ דע קובאַ — אַ קאַצן־שפּרונג. איז וואָס איז דאָ צו וואַרטן?

רעגירונגס־אַגענטן לויפן־אַרום איבערן שטאָט זוכן אַרבעטער. זיי זאָגן־צו פרייע טראַנספּאָרטאַציע, אומזיסט עסן אַ גאַנצן וועג און אַ פּעזאָ פופציק אַ טאָג, מיט טרינק־וואַסער. לאָזט מען זיך אין וועג אַריין.

די באַן איז געפּאַקט מיט הונדערטער פרעמד־געבוירענע אַר־בעטער, — יידן, פּאָליאַקן, רוסן, טשעכן, אונגאַרן, קובאַנער און קאַסטעלאַנער. אַלע זיינען אויסגעהונגערט, ווי נאָך אַ תענית. קייעט מען אויףביידע באַקן און מ׳איז צופרידן. אין אָנהויב איז מען געזעסן שווייגנדיקע, אָנגעצויגענע, אַפילו בייז און אומע־טיק. אָבער אָט לייכטן־אויף די אויגן, עס ווערט, דאַכט זיך, ליכ־טיקער אין באַן, אַז די זעלבע קליידער און פּנימער קריגן אַן אַנ־דערן אויסזען. עמיצער פּאַרציט אַ ניגון, עס יאָוועט זיך אַ האַר־מאָניקע. אַן אוקראַינער נעמט פּאַטשן מיט די הענט, און אָט פלעכט ער שוין פיס אויפן דיל. די באַן גייט כאַדאָראַם און עס ווערט פריילעכער אויף דער נשמה.

סאַנט יאַגאָ דע קובאַ איז געווען אַ גרויסע האַפן־שטאָט. דאָ זיינען די פּאָרט־אַרבעטער געווען בעסער אָרגאַניזירט, ווי אין האַ־

וואַנאַ. ווען איך האָב זיי געוויזן מיין סינדיקאַטן־ביכל, האָבן זיי זיך געחידושט וואָס אַ פרעמדער זאָל זיין אַ האַפן־אַרבעטער. די אַרבעטסלאָזיקייט איז דאָ געווען גרויס; יעדן טאָג זייַנען אָנ־געקומען נייע אימיגראַנטן אויף אַרבעט. דאָך איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז דעם „קאָמפּאַנעראָ־רוסאָ" דאַרף מען געבן עטלעכע טעג אַרבעט. ווען ס'איז געקומען צום אָפּשטימען, האָבן אַלע געשריען „סעגוראָ" — זיכער.

די אַרבעט איז ניט קיין שווערע, נאָר מיט וואַסער איז צרות. קיין וואַסערלייטונג איז ניטאָ. טרינק־וואַסער ווערט געבראַכט אין פעסער. דאָס וואַסער ווערט דורכגענומען פון דער טראָפּישער זון, איז פול מיט פליגן און איבלדיק צום טרינקען. ווערט אַ גרויסע צאָל קראַנק. איינער איז אַפילו געשטאָרבן פון בויך־קרעמפּן.

אָבער איך האָב זיך איינגעלעבט אין אָט־דער משפחה און בין געוואָרן אַן אייגענער צווישן דעם אָרעמען, נאַקעטן פאָלק. אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט איז געווען אַ גוט האַרץ און אויפריכ־טיקייט. ס'גאַנצע מעבל זייערס איז באַשטאַנען פון צוזאַמענגע־קלאַפּטע ברעטער און הייליקע בילדער און אָרעמע שפּייז — קוים די נשמה צו דערהאַלטן.

קומט אין אָוונט, זעצן מיר זיך אויס אין גאַס, אין פראַנט פון די הייזער. אַ לויטערער בלויער הימל מיט ליכטיקע שטערן אי־בער אונדז. איך דערצייל וועגן לענדער און מענטשן. מיר זינגען לידער, באַגלייט מיט מאַנדאָלינען און גיטאַרעס. לידער פון בויט און פיין, שקלאַפעריי און עקספּלואַטאַציע, אָבער מייסטנס פּרימי־טיווע, סענטימענטאַלע לידער פון ים און ראָמאַנסן, וואָס שלעפערן איין און מאַכן בלינד אַ פאָלק.

אַז מען ווערט פאַרטיק מיט אַ טאָג עסן, באַדאַרף מען אַרבעטן נאָך אַ טאָג, כדי אָפּצוצאָלן פאַר דעם נעכטיקן טאָג עסן. שלאָפן מיר אין הילצערנע באַראַקן, אין הינערשע הייזלעך פון ברעטלעך מיט בלעכענע דעכער. נאָך דער אַרבעט גייט מען אַריין אין שטוב, ווי אין אַ באַק־אויוון. די „קויקעס" זייַנען אַרומגעצוימט מיט נעצן, וואָרום מיקן זינגען און טאַנצן, ווי אויף אַ חתונה...

דער ברייט־פּלייציקער בערל, פון שאַוועל, שלאָפט אויפן דיל, אונטערגעלייגט זיין פאַלטאָ. אויף דער קויקע ליגן מיקאָלס פון רומעניע און אַלעקסאַנדער פון טשעכאָסלאָוואַקיע. איך גיי אַרום

ווי אַ לעמעלע אין אַ שטייג. צווישן זיך רעדן מיר פּויליש, טשע־כיש, רומעניש, אַנדערע זידלען אויף שפּאַניש.

דער רומענער איז אַן אַנטיסעמיט. מיט זיינע „לויפנדיקע" אויגעלעך זעט ער אויס ווי אַ ציגיינער. אַנדערש איז אַלעקסאַנ־דער. אַ נאַש־בראַט, די גוטסקייט אַליין. ער טיילט זיך מיטן ביסן פון מויל. מיט מיר האַלט ער זיך זייער נאָענט. ווען ער דער־וויסט זיך, אַז איך האַלט ביים אַוועקפאָרן, בעט ער זיך — נעם מיך מיט, איך וועל דאָ אויסגיין... זיינען מיר ביידע אַוועק קיין סאַנטאַ קלאַראַ.

סאַנטאַ קלאַראַ איז אַן אומעטיקע שטאָט. אַ שטאָט אָן יידן, האָב איך געמיינט. אָבער איך האָב געפונען אַ יידן, און דווקא אַ וואוילער יאַט, אַ שמאַטע־הענדלער, וואָס איז אַפילו אַביסל בקי אין די קליינע אותיותלעך.

קיין סך צו טאָן האָט ער נישט געהאַט. פלעגן מיר זיצן מיט נאָך חברים ביי אים אין „סקלאַד", זינגען לידער, חלומען, און זיך דערציילן אונדזער לעבנסגעשיכטע. אין די אָוונטן פלעגן מיר שפּאַצירן איבער דער שטילער, טויטער שטאָט און אָפּט אויס־גיין פאַר איינזאַמקייט. איז מען דערנאָך אַוועקגעפאַלן שלאָפן אויף די האַרטע ברעטער. אונטערגעלייגט מיין פאַריזער ווינטער־מאַנטל, פון וועלכן איך האָב אָפּגעשונדן די צוויי רייען גרויסע קנעפּ, איז געווען ווייכער צו שלאָפן.

איינמאָל פאַרטאָג דערהער איך דורך מיין האַרטן שלאָף אַ האַרמידער פון גיטאַרעס, פידל, באַלאַלייקעס — אַ גאַנץ קלאַפּער־געצייג מיט כלי־זמר. איך כאַפּ זיך אויף און שטעק אַרויס דעם צעשויבערטן קאָפּ, נייגעריק צו זען וואָס עס קומט דאָרט פאָר, ווערט אינדרויסן אַ געלעכטער.

דאָס האָבן מיינע חברים, „אַמיגאָס און קאָמפּאַניעראָס", זיך דערוואוסט, אַז ס'איז מיין געבורטסטאָג, זיינען זיי געקומען מיך באַגריסן.

אַ מנהג אַזאַ ביי די קובאַנער. דאָס איז געווען ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן, ווען מענטשן האָבן זיך דערמאָנט, אַז איך בין גע־בוירן געוואָרן...

# ווידער געוואַנדערט

אַ שיף איז געפאָרן קיין קינגסטאָן, אין דער ענגלי־
שער קאָלאָניע דזשאַמייקאַ. מאַדאַם זשאַרמעין, אַן עלטערע פרוי
פון עפּעס אַ יחוס, האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זי באַגלייטן און
דערפאַר מיר צאָלן צוויי פּעזאָס אַ טאָג. איך האָב די איינלאַדונג
אָנגענומען, ווייל אין יענער צייט בין איך געווען ווי אַ קינד, וואָס
מיינט, אַז הינטערן וואַלד ליגט אַ נייע וועלט.

אַראָפּגייענדיק פון שיף אין קינגסטאָן, ווער איך ווידער גע־
פלעפט פון דער גרויסער אָרעמקייט, וואָס איך האָב דערזען. מייד־
לעך, נאָך קינדער, שטייען ביים אַרויסגאַנג און בעטן מענער זאָלן
גיין פאַרברענגען מיט זיי עטלעכע שעה... יינגלעך בעטלען. די
לייבער שוואַרץ, אויסגעלאָשענע אויגן, נאַקעט און באָרוועס. ווען
מאַדאַם זשאַרמעין וואַרפט זיי צו עפּעס עסן, ווערט אַ געשלעג, ווי
צווישן וועלף.

אויפן גאַס האָט געברענט אַ הייסע זון. מיר זיינען פאַרביי־
געגאַנגען אַ פּלאַץ, וואו הונדערטער מענטשן זיינען געזעסן און
פאַרקויפט שטיקלעך פלייש, געטראַנקען, אָנטועכץ, פּאַטשערקעס און
אַנדערע שמאָכטעס. די פּנימער מיט טיפע קאַרבן פון דער לויז־
געוואָרענער הויט, די איינגעפאַלענע ווייבערשע בריסטן הענגען־
נאָך ווי טאָרבעס. און אַלע האַלטן אין איין שרייען, רופנדיק קונים
פאַר זייער סחורה.

מאַדאַם זשאַרמעין האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ באַלעבאַ־
טיש הויז, וואו זי האָט מיך באַקענט מיט איר אייניקל, מאַריאַ,
אַ זעלטן־שיינע מולאַטין פון אַ יאָר פינף־און־צוואַנציק. מעגלעך,
אַז די מאַדאַם האָט געהאַט אַ מיין דערביי, — אָבער מער ווי צוויי
מעת־לעת האָב איך ניט פאַרבראַכט מיט אָט־די אמת פיינע מענטשן.
איך האָב געהאַט גענוג געלט צו פאָרן קיין גוואַטעמאַלאַ, דאָס

פּיצינקע לענדעלע אין צענטראַל־אַמעריקע. ווען איך האָב די פּרויען געזאָגט, אַז איך פֿאָר נישט צוריק קיין סאַנט יאַגאָ דע קובאַ, איז עס פֿאַר דער אַלטער געווען אַ שטאַרקע אַנטוישונג. אָבער ביידע האָבן מיך באַגלייט צו דער שיף מיט אַ האַרציקן „אַדיאָס".

אין גוואַטעמאַלאַ האָבן דעמאָלט אַרבעטער פֿאַרדינט פּופּציק סענטאַוואָס אַ טאָג. אַ מאָלצייט אין רעסטאָראַנט האָט געקאָסט אַ פּעזאָ. האָט דאָס נאַקעטע, באָרוועסע פֿאָלק געלעבט אויף די קאַ־לירטע בעבלעך — „טאָרטיאָס" און „פֿריכאָלעס". קיין וואונדער וואָס די שטערבלעכקייט, באַזונדערס צווישן קליינע קינדער, איז געווען אוימגעהויער גרויס. און די „דערוואַקסענע" — נידעריק, מאָגער, קוים אויף די פֿיס זיך געשלעפּט. מיידלעך־קינדער מאַכט מען יונג חתונה, כדי פּטור צו ווערן פֿון זיי. אַנדערע מיידלעך, דער מאַמעס מילך נאָך אויף די ליפּן, פֿאַרקויפֿן די אויסגעמאַ־טערטע לייבער פֿאַר אַ שטיקל ברויט.

אויך דאָ, ווי אין אַנדערע לאַטיין־לענדער, זעט זיך שטאַרק אָן דער קאָנטראַסט צווישן די, וואָס האָבן צופֿיל, און די, וואָס פֿאַרמאָגן גאַרנישט. מענטשן וואוינען אין לעכער, היילן, אָדער אין פֿון ברוכוואַרג אויפֿגעשטעלטע בודעס. בעת אַנדערע לעבן אין רייכע הייזער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן און ווילטאַגן.

אַזוי איז אויך דער קאָנטראַסט צווישן דער קליינער שמאָלער פֿערד־טראַמוואַי, וואָס שאָקלט זיך ווי אַ לולב, און די רייכע פּרי־וואַט־אויטאָמאָבילן פֿון די געלט־זעק.

איך האָב זיך אויסגערוט אַ פּאָר נעכט, געזען די מיאוסע און שיינע פּאַנאָראַמע, און טראַכט זיך: — וואָס וועסטו דאָ טאָן ? . . .
אין קעשענע איז נאָך פֿאַראַן אַביסל געלט, גענוג ביז צו דער מעקסיקאַנער גרענעץ. מ'רעדט דאָ, אַז אין מעקסיקאָ איז בעסער. פּאַק איך איין דאָס ביסל אָרעמקייט און היידאַ צו דער מעקסיקאַ־נער גרענעץ.

# ביי דער מעקסיקאַנער גרענעץ

„וואַסערן און גרענעצן, גרענעצן און וואַסערן, די כאָלעריע זאָל עס נעמען״! — בייזערט זיך מיין פריינט חיים — ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט? דאָ איז גוואַטעמאַלאַ, דאָרט איז מעקסיקאָ — בלויז עטלעכע שפּאַן; שטייען וועכטער מיט ביקסן, צו אַלדע גוטע יאָר — ווער האָט אַזאַ פּאַזשאַנדעק באַשאַפן״?

מיר איז גוט — איך האָב אַ פּאַס מיט אַ גרויסן פּוילישן אָדלער, מיט סטעמפּלען און וויזעס... כאָטש איך האָב אים זייער פיינט, אָט־דעם אָדלער מיט די גזלנישע נעגל. איך היט דאָס אָבער ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווייל ווען איך וויז עס גרענעץ־מענטשן, און גיב זיי נאָך אַ פּאָר פּאַפּיראָסן, האָבן זיי אַביסל אָפּשיי פאַר אונדז — פאַר מיר מיטן אָדלער...

אין דעם שטילן גרענעץ־דערפל איז גוט זיך אָפּרוען. פאַר־טאָג האָט הינטער מיין פענצטער אַ האָן זיך צעשריען „קו־קע־רי־קו!״ מיט אַזאַ גדלות, ווי דער גאַנצער פרימאָרגן וואָלט צו אים געהערט. אַ קאַנאַריקל איז געשטאַנען אויף אַ יונג בוימל אַנטקעגן פענצטער און שירה געזונגען צו דער אויפגייענדיקער זון. איך האָב עס אָנגענומען פאַר אַ גוטן צייכן און מיר זיינען אַרויס אין דרויסן.

דער הימל איז בלוי און ליכטיק. די באָרוועסע מענטשן, אַלט און יונג, מאַן און פרוי, באַוועגן זיך קוים, אָן רעש, אָן טומל. אַפילו זייער „בוענאָס־דיאָס״ (גוט מאָרגן) איז אַ רואיקער.

אויף דעם וואַסער, וואָס דאַרף מיך „אַריבערראַטעווען״ קיין מעקסיקאָ שווימען קאַטשקעלעך ערשט אויסגעבריטע. זיי פּאָרויס, די מאַמע־קאַטשקע נאָך זיי, — ווי פריי, ווי פריי — — איך בין זיי פשוט מקנא.

צופעליק האָב איך זיך באַקענט מיטן מעקסיקאַנער קאָנסול.

ס'איז געווען ביים קאָווע־טרינקען. דער אייגנטימער האָט מיך פאַרגעשטעלט און אַ וואונק געטאָן צו אים מיט אַן אייגל, און איך האָב נישט פאַרשטאַנען, צי מיינט עס, אַז דער קאָנסול זאָל מיר העלפן, אָדער — — ער האָט געהאַט זייער אַן אינטעליגענט אויס־זען און אויסגעקוקט צו זיין אַ ליבעראַלער מענטש.

צומאָרגנס בין איך שוין אין זיין אָפיס, וואָס האָט ביים אַריינ־גאַנג אַ שליד „עסטאַדאָס יונידאָס מעקסיקאַנאָס". די פענצטער פונעם געררוימען צימער זיינען געווען ברייט אָפן און דורך די דראָטענע פענצטער־נעצן האָבן זיך אַריינגעגאָסן ליכטיקע שטראַלן פון דער זון.

מיר האָבן פאַרפירט אַ שמועס וועגן גרענעצן און וויזעס. אונדזער ביידנס אויפמערקזאַמקייט האָט צוגעצויגן אַ פילפאַרביק זומערפייגעלע, וואָס האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן דער דראָטענער נעץ פון פענצטער און זיך געריסן אין צימער אַריין.

— זעסט — זאָגט דער קאָנסול — צו וואָס מען בויט גרענעצן? אַז קיין אומגעוואונטשטע זאָלן זיך נישט אַריינכאַפּן...

— פאַר פינף־און־צוואַנציק פעזאָס — זאָג איך — האָט מען מיך געוואָלט אַריבערפירן די גרענעץ. נאָר איך האָב פיינט צו זיין אַן אומגעבעטענער גאַסט.

— אַפילו — זאָגט ער — ווען איך זאָל דיר געבן אַ וויזע, וואָס וועט דיך קאָסטן פינף פעזאָס, וועט מען דיך סיי ווי צוריק־שיקן פון יענער זייט, אויב דו וועסט נים האָבן צו ווייזן אַ סומע פון פופציק פעזאָס.

— וואָסזשע טוט מען?...

ער גיט מיר אַן עצה איך זאָל פריער זיך אַריבערשיפלען אויף יענער זייט. אַהין און צוריק וועט מיך קאָסטן איין פעזאָ. אויב זיי וועלן מיר דאָרט דערלויבן אַריינצוקומען אין לאַנד אָן געלט, וועט ער לייגן אַ סטעמפּל אויף מיין פּאַס.

ביים ברעג איז געשטאַנען אַ באָרוועסער מענטש אין צע־ריסענע פּלודערן מיט אַ גרויסן, אַלטן שטרויענעם „סאָמבּרעראָ" אויפן קאָפּ. צו אַ הילצערנעם בריקל איז געווען צוגעבונדן אַ שיפל מיט צוויי וועסלעס.

— וועסט אַריבערפירן פאַר פופציק סענטאַוואָס?

ער קוקט מיך אָן: — כ'וועל פירן.

אָבער אינמיטן וועג איז ער זיך מישב, אַז פּאַר פּופציק סענ־טאַוואָס וועט ער מיך נישט פירן בײדע וועגן.

— איך וועל דיר געבן אַ פּעזאָ, נאָר זאָלסט מיך פירן דרײַ מאָל.

ער גייט־איין דערויף.

דאָס וואַסער איז גלאַטיק ווי סאַמעט, קלאָר ווי געשליפן גלאָז. די זון־שטראַלן האָבן זיך געמינעט אין דער פּאַר מיר היסטאָרישער אָזערע. אַזוי פּאַרטראַכטערהייט זײַנען מיר צוגעשוואומען צום צווייטן ברעג.

איך גיין אַרײַן צו די גרענעץ־וועכטער. אַזאַ גאַסט, ווי איך, איז פאַר זיי געווען אַ נײַעס. זיי פירן מיך צו אַ מאַן מיט שוואַרץ־געדיכטע, אַראָפּגעלאָזענע וואָנצעס. ער איז היפּשלעך פעט, מיט קלײנינקע אויגעלעך, פּוכקע, קורצע הענט. זײַן אָנגעבלאָזענער בויך איז אַרומגענומען מיט אַ ברייטן פּאַסיק פול מיט פּאַטראָנען, פון וועלכן עס שטעקט אַרויס אַ לאַנגער רעוואָלווער מיט אַ פּערל־מוטער הענטל. ער הערט־אויס מײַן פּאַרלאַנג.

— מעקסיקאָ איז אַן אָרעם לאַנד. מיר קאָנען נישט אַרײַנלאָזן קיין מענטשן אָן געלט! — צעשרייט ער זיך אויף מיר.

— סעניאָר, — טענה איך צו אים — איך פאַרשטיי און ווייס אַלץ. ביזט גערעכט. אָבער זע מײַנע הענט, פיל מײַנע מאַזאָליעס, איך בין אַ גוטער פּאַכמאַן. זעסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין גזלן; אַן ערלעכער אַרבעטער, איך קען לייגן ציגל. אָט איז מײַן גע־צייג, — אַ וואַסער־וואָג, אַ קעלניע, אַ העמערל — —

— כוליאָ, — זאָגט ער שוין געלאַסן צו אַ צווייטן — גיב אים אַ פּאַפּיר צום קאָנסול ראַדריגעז. זאָל ער דעם „פּאַלאַקאָ" געבן אַ וויזע. קיין געלט האָט ער נישט.

מיט עטלעכע שעה שפּעטער בין איך שוין געווען אַן אײַנ־וואוינער פון אַ נײַ לאַנד.

# ווי אין אַמאָליקן לאַנד כנען

די טונקל־ברוינע טעכטער פון לאַנד האָבן אונדז באַ־געגנט מיט ליימענע קריגן פול מיט וואַסער, וואָס זיי האָבן גע־טראָגן אויף זייערע קעפּ, ווי קרוינען. באָרוועסע, נידעריקע, אָבער שיין זיינען זיי געווען. מיט טיף־ברוינע אויגן האָבן זיי פאַרחידושט געקוקט אויף די מענער, וואָס ניט פון זייער שטאַם. און מיר, פון פרעמדן שטאַם, האָבן געגאַפט, ווי געשיקט זיי טראָגן די קריגן וואַסער אויפן שפּיץ קאָפּ, גייענדיק איינע הינטער די אַנדערע, ווי געלאָדענע קעמלען אין מדבר. זיי האָבן זיך באַוועגט, ווי אַ קאַרעוואַן, טייל מיט צוגעבונדענע קינדערלעך אויפן רוקן אין שיינע, קאָלירטע טיכער, „סאַראַפּעס״, אַנדערע האָבן געטראָגן היטן מיט שיינע, ברייטע ראַנדן — „שאַראַס״.

אַ חמימה האָט געברענט, די נאַקעטע פּיס האָבן געגליט אויף פרעמדער ערד. די טראָפּישע זון האָט געטריבן צום טייך.

דאָס קלאָרע וואַסער איז געווען פריש און לויטער, באַשאָטנט דורך שיטערע קוסטעס, וואָס האָבן געוואַקסן ביי די ברעגן. עט־לעכע יונגע טעכטער מיט זייערע מאַמעס זיינען געשטאַנען אַנט־בלויזט ביז די היפטן און געוואַשן וועש. זייערע קליינע בריסט־לעך האָבן זיך ריטמיש באַוועגט. נישט די מאַמעס און נישט די טעכטער האָבן זיך געוואונדערט וואָס פרעמדע מאַנסבילן קוקן אויף זיי. נידעריקער פון די היפטן זיינען די פרויען געווען אַרומגע־וויקלט מיט אַ שטיק געוואַנט, אַרטיסטיש פאַרוויקלט אַרום דעם גאַרטל.

מיר האָבן זיך אַוועקגעשאַרט הינטערן שאָטן פון אַ אור־אַלטן בוים, אַראָפּגעוואָרפן די שטויביקע קליידער און דערפרישט ס'לייב מיט מילדן, לויפיקן וואַסער.

ס'איז פלוצים נאַכט געוואָרן, — אַזוי געדיכט פינצטער, אַז אַ

פחד איז באַפאַלן. אָבער באַלד האָט דער הימל זיך באַשאָטן מיט מיליאָנען שטערן. און אָט האָט איין שטערן זיך אָפּגעריסן פון זיין שטאַם, און פאַלנדיק, געלאָזן הינטער זיך אַ לאַנגע פייער־שנור, ווי אַ ראַקעטע און אין זעלבן אויגנבליק איז ער פאַרשוואונדן.

„אַז דו זעסט אַ שטערן פאַלן, מיין קינד — פלעגט די מאַמע אונדז לערנען — זאָג: נישט מיין מזל״. אָבער יענע נאַכט וועל איך אייביק געדענקען. די שיינע טעכטער האָבן אונדז פאַרבעטן אין זייערע ליימיקע שטיבלעך און מכבד געווען מיט טאָרטיעס, פלאַטינאַס און רויטע בעבלעך. אין די רייד פון זייערע מאַמעס איז געווען לויטער גוטסקייט. און זייערע טאַטעס און ברידער האָבן אונדז געבענטשט, ווי אייגענע שוועסטער און ברידער.

אַ מידער בין איך ליגן געבליבן. איך האָב געוואָלט זיך אויפ־שטעלן און נישט געקאָנט. דער קאָפּ שווער, ס'פּנים גליט — איך ווייס מער נישט וואָס עס טוט זיך מיט מיר...

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און די אויגן געעפנט, איז מאַריאַ געשטאַנען ביי מיין צוקאָפּנס און געקעמט מיט אירע ווייכע פינגער מיינע האָר. אין אירע אויגן איז געלעגן אַזויפיל פרייד, ווי ביי אַ מאַמען איבער איר אייגן קינד.

ווערט אַזוי גוט אויפן האַרץ און עס וועקט זיך ליבשאַפט צום נייעם לאַנד פאַר איר גוטסקייט צום פרעמדן און אַ האָפענונג ווערט געבוירן פאַר אַ שיינעם ליכטיקן מאָרגן.

כ'וואָלט געוועזן דאָרט געקאָנט פאַרבלייבן ווער ווייסט ווי לאַנג. ס'איז אָבער פאָרט ניט קיין תכלית צו לעבן פון טאָרטיאָס אין אַ ליימיק הייזל אין אַ העק, קוקן אויף טרוקענע, מאָגערע פעל־דער, וואָס באַקן זיך כסדר אין דער זון און זעען־אויס, ווי שטיקער מאַסיוו גאָלד אין הרודעס. כ'האָב מער נישט געקאָנט זיצן ביי הונגעריקע משפחות, וואָס ווייסן נישט דעם טעם פון פיש, פלייש אָדער ברויט. מ'דאַרף ווייטער וואַנדערן.

— ראַפאַעל, פאָרסט אַוועק? געדענק אַמאָל אין אונדזער הויז, — זאָגט צו מיר מאַריאַ מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — דער־מאָן זיך אַמאָל אין אונדזער הויז...

ווען זי קאָן לייענען, וואָלט זי זיכער געבעטן, איך זאָל איר אַמאָל אַ בריוול שרייבן...

# מיר וואַנדערן איבער מעקסיקאָ

מיר זיינען נאָך אַלץ פיר חברים, וואָס וואַנדערן צוזאַ־מען און העלפן־אַרויס איינער דעם צווייטן. און געוואַנדערט האָבן מיר אַן אַ מאַפּע, אַן אַ קאָמפּאַס. מיר זיינען „געפלויגן" שטאָט־איין, שטאָט־אויס, אָן אַ ציל און אָן געלט, בחוש געטראָפן וואו מיר זיינען און קיינמאָל נישט פאַרבלאָנדזשעט.

דער רומענער איז געווען דער צושטעלער פון עסן; דער טשעכאָסלאָוואַק האָט געקענט געאָגראַפיע און זיך אָריענטירט אין יעדער געגנט; חיים פלעגט אין די פאַרוואָרפנסטע ווינקעלעך קריגן צוגעשיקט געלט פון זיין אַמעריקאַנער טאַטן; און איך האָב געפירט די ווירטשאַפט.

אָפּגעמאַכט האָבן מיר צווישן זיך, אַז אויב איינער גייט אונ־טערוועגנס פאַרלוירן, טרעפן מיר זיך אַ טאָג, אָדער צוויי שפּע־טער אין נאָענטסטן דאָרף, אָדער שטאָט. מיר פלעגן זיך אַרויפ־כאַפּן אויף לויפנדיקע באַנען. האָט אָבער פּאַסירט, אַז בלויז איי־נער, אָדער צוויי פון אונדז האָבן געקאָנט באַווייזן אָט־די קונץ. בעת מיט מיר האָט גאָר איינמאָל פּאַסירט אַן אַנדער מיכשול. מיר בעטן זיך איין ביים קאָנדוקטאָר פון אַ פראַכט־באַן, ער זאָל אונדז מיטנעמען. — יאָ — זאָגט ער — אָבער מיטן תנאי, אַז איידער מיר פאָרן אַריין אין ווערא קרוז, וועלן זיי פאַרלאַנגזאַמען דעם גאַנג פון באַן און מיר זאָלן העלפן אַראָפּוואַרפן אַביסל געהילץ. אָפּגעמאַכט.

פּאַסירט, אַז אינמיטן אַרונטערקאָליערן אַ לאַנגן רונדיקן קלאָץ, האָב איך זיך מיטגעגליטשט. די באַן איז זיך ווייטער געפאָרן צו איר ציל, און איך בין געבליבן ליגן אַ האַלב פאַרטייעטער. די נאַכט איז געדיכט־פינצטער, אַז ווייטער פון זיך זעט מען נישט. אַ שרעק באַפאַלט מיך. פאַר מורא נעם איך קריכן אויף אַלע פיר, אָבער די כחות פאַרלאָזן און איך בלייב ווידער ליגן.

איך בין אַפּנים אַנטשלאָפן געוואָרן. וואָרום אָט דאַכט זיך מיר, אַז איך געפין זיך ערגעץ אין אַ דזשאָנגל — — ווי אַזוי בין איך עס פאַרקראָכן אין אַזאַ מאָדנע הייל?...

איך האָב דערהערט אַ מענטשן־געפּילדער. ס'איז שוין געווען טאָג. אַרום מיר זיינען געשטאַנען עטלעכע מענער מיט שיטערע האָר, ווי נאָדלען אויף זייערע אויבערשטע ליפּן און גאָמבעס, און געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַן אויסטערליש באַשעפעניש.

איך האָב זיך ווי עס איז דערשלאָגן ביז ווערא קרוז. דאָ זיינען געשטאַנען פאַראַנקערט שיפן פון אויסטראַליע, אינדיע, אַפ־ריקע און אייראָפּע. ווי וואָלט זיין — זיך פאַרדינגען אויף אַזאַ שיף אויף אַרבעט?... איך האָב בלויז באַדאַרפט באַשליסן מיט וועלכער שיף צו פאָרן.

די אויסטראַלישע שיף האָט מיר אימפּאָנירט. זי איז געווען גרויס, שיין, מיט אַ פאַרנעם. איך רעד צום קאַפּיטאַן. ער געפעלט מיר און איך אים אויך. האָב איך אָפּגעגעסן אַ געשמאַקן מאָל־צייט, — געדיכטע רייז מיט פליש, און פאַרטרונקען מיט אַ שעפּ וואַסער, און דערווייל געגאַנגען אָנקוקן די שטאָט.

שפּאַציר איך אַזוי געמיטלעך, ערשט — איך באַגעגן אַלטע גוטע חברים פון לאָדזש, פּאַריז, דייטשלאַנד. זיינען מיר אַריין אין אַ „פּולקעריא", וואָס האָט אויסגעזען, ווי שניידערס פּאַריזער רעס־טאָראַציע, גענומען אַביסל „מעסקאַל", און ביים געזעגנען האָבן זיי מיר נאָך אַריינגעשטופּט עטלעכע פּעזאָס אין קעשענע. איצט אייל איך צוריק צום פּאָרט. אָבער ביז איך בין אָנגעקומען, איז מיין שיף שוין געווען ווייט פון ברעג...

וואָס טוט מען איצט? מ'דאַרף אָנהייבן אַ „ניי קאַפּיטל". אָבער נישט אין ווערא קרוז. מיך ציט צו דער פאַרלאָקנדיקער שטאָט מעקסיקאָ, די שטאָט, וואָס איז ביי קליין און גרויס אויף די ליפּן.

# מיט דער באַן צו דער הויפּטשטאָט

מיר, די געשוואוירענע פיר חברים, רעכענען זיך פאַר פּאַכלייט פון דער בוי־אינדוסטריע און זיינען זיכער, אַז די הויפּט־שטאָט מעקסיקאָ וועט אונדז פאַרצוקערן.

קיין געלט צו פאָרן אויף באַנען, אָדער שיפן האָבן מיר נישט. און סיי ווי פאַלט קיינעם פון אונדז נישט איין צו באַגיין אַזאַ נאַרישקייט, ווי באַצאָלן פאַר יאַזדעס. נאָר די באַנען זיינען באַוואַכט פון זעלנער. אמת, טאַקע באָרוועסע זעלנער; זעלטן איינער טראָגט לעדערנע לאַטשען — „הוראַטשעס״ אויף די פיס. אָבער קאַראַבינען טראָגן זיי. קוקן מיר אויף די קליינע, אויסגעדאַרטע יונגע זעלנערלעך מיט רחמנות, אָבער אויך מיט מורא...

פונדעסטוועגן געפינען מיר יאַקאָש אַ וועג ווי זיך אַרויפצוכאַפּן אויף אַ באַן.

קליקעס פון פּריצים און גענעראַלן פירן אַן מיט באַנדעס, באַפאַלן באַנען, שעכטן אייגענע מענטשן, ראַבירן, פאַר מאַכט און געלט פאַר אַ אויסגעלאַסן לעבן, אויפן חשבון פון פאָלק.

דער צוג שלענגלט זיך באַרג אַרויף — העכער און העכער, דער לאָקאָמאָטיוו סאָפּעט. צו ביידע זייטן וויסטע, מאָגערע „פּרעיריס״ מיט ליידיקע כאַטעס, אונטערגעשפּאַרט מיט דרענגלעך, פון וועלכע עס ווייעט אַ מעלאַנכאָליע. דאָ און דאָרט גרינט אַ שטיקל פעלד. פּאַשען זיך מאָגערע קי, אָדער אַ דאַר שעפּסעלע; אַ פּיצעניקע לאַשעקל לויפט נאָך דער פאַרהונגערטער קאָבילע, וואָס האָט ניט מיט וואָס צו זויגן. ס'שווימען פאַרביי באַרגיקע געגנטן מיט ווילדע טראָפּישע געוויקסן, — פון וואָס לעבן דאָ די מענטשן?...

ס'לאַנד איז צעטיילט צווישן פעאָדאַלן, גענעראַלן און גלאַט פּריצים, וועלכע פאַרמאָגן אייגענע שטעט, פּראָווינצן גאַנצע. רייסן

פון אָרעמאַן די הויט און הויפּן־אַן גאָלד און זילבער, — ניט אין די בענק, נאָר פּשוט אין זעק און פּעסער ביי זיך אין די פּאַלאַצן און קעלערס.

שקלאַפּט דאָס אָרעמע פאָלק און הונגערט.

דער דאָזיקער קאָנטראַסט מערקט זיך אויך אין באַן. פאָרן מענער, גרויסע, אָנגעפּרעסענע, מיט מאָרדעס פון חזיר־קעפּ, עפּעס גאָר אַנדערע, ווי מיר האָבן געזען ביז איצט. און נעבן זיי אָנגע־פּודערטע, פּערפומירטע סעניאָריטאַס, מיט איינגעשנורעוועטע טאַל־יעס און שטיקער נאַקעט פליש איבערן פעטן בוזעם.

און אין אַ ווינקל זיצט אַ פרוי, אַן איינגעדאַרטע, קליין, מיט אויסגעלאָשענע אויגן. אַ צעשראָקן קינד קוקט־אַרויס פון אירע אָרעמס, און דערנעבן גריזשעט אַ גרעסער קינד אַ „קאַניאַס", אַ צוקער־שטעקן. דער מאַן אינעם לייוונטן העמדל איז ממש אַ זעקל מיט מאָגערע ביינער. עס ווערט טרויעריק אויף דער נשמה...

***

פיר מענער, הונגעריקע ווי וועלף, זיינען מיט ליידיקע מאָגנס פּלוצלינג שטיין־געבליבן אויף אַ לעבהאַפטן סקווער און באַוואונדערט די ריזיקע מאַרמאָרנע געביידעס, ווי פּאַלאַצן. אייזעלעך, רייט־ווע־געלעך, פערד און מענטש האָבן זיך ווי אויסגעמישט אין איין ריזיקן קנויל, און דאָך לייכט זיך פון אים אַרויסגעפּלאָנטערט.

אַ טייל פון שטאָט האָט מיך דערמאָנט אין באַלוט, — און אפשר נאָך ערגער. דער גאַנצער שטח איז געווען איין גרויסער מיסטקאַסטן. פאַרוואָרלאָזטע קינדער, מענטשן אין שמאַטעס, בלינדע און אַנדערע קאַליקעס בלאָנקען צווישן הייזער פון בלעך, ברוכ־וואַרג — — איין שטיק וויסט, אונטערגייענדיק לעבן. און איין שפּאַן ווייטער — קאַבאַרעטן, הולטייסטווע, זנות אין פּאַנטאָפּעלעך, אויסגעלאַסנקייט פּאַר וואוילטאָג, שאַמפּאַניער מיט טייערע איידל־שטיינער, היימען — פּאַלאַצן...

עס האָט זיך געבויט אַ ריזיקע רעגירונג־געביידע. האַלב נאַ־קעטע לייבער האָבן מיט באָרוועסע פיס זיך געטאָפּטשעט אין ליים, שלעפּנדיק פולע קוישן אויף די פּלייצעס, אָנגעהאַנגען מיט אַ ברייטן פּאַסיק איבערן שטערן, וואָס דאַרף העלפן טראָגן די משא. אַזוי ווי מוראַשקעס האָבן מענטשן זיך געיאָגט איינער הינטערן צווייטן,

אַרויף און אַראָפּ אין בלאָטיקן גרוב, — אַרויף מיט פולע קוישן ליים און אַראָפּ מיט שטיינער...

— וואָס קוקט איר? גייט אַרבעטן! — הערן מיר אַ באַפעלעריש קול.

— וויפל?

— צוויי פעזאָס.

— פאַר אַ גאַנצן טאָג?

נאָר אַ ברירה האָט מען?... צוויי טעג האָבן מיר געאַרבעט און געוואָרן איינער צווישן אַ סך מענטשן־מוראַשעקס. אויפן דריטן טאָג האָט פערעז, אַ שפּאַניאָל פון סיציליע, אונדז געגעבן אַ „קאָנטראַקט" אויף אַ שפּאָגל־נייעם מויער פון איין עטאַזש, אויסצופּאַרטיקן די אינעווייניקסטע ווענט. ווען מיר זיינען פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט און געבעטן געלט, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן אַ מוראַדיקע רציחה און ער האָט צו אונדז אַרויסגעכאַפּט אַ מעסער...

די שטאָט געפינט זיך אויף אַ באַרג, וואו עס איז אַמאָל געווען אַן אָזערע. וואָס טיפער מען גראָבט, אַלץ מער איז דער באָדן ליימיק און וואַסערדיק. דערציילט מען, אַז ניט לאַנג צוריק איז דאָרט אויפגעבויט געוואָרן אַ פּראַכטפולע געביידע — מיט די הענט פון מעקסיקאַנער אַרבעטער און אַמעריקאַנער אינזשענירן. פּלוצלינג האָט מען באַמערקט, אַז דער בנין פון מאַסיוון געבוי זינקט. די אינזשענירן זיינען באַלד אַנטלאָפן, און פון אַמעריקע האָבן זיי צוגעשיקט אַ באַדויערונגס־בריוו, אין וועלכן זיי האָבן געלאָזט וויסן, אַז די מאַרמאָר־שטיינער זיינען געווען צו שווער, דער באָדן צו ווייך, — איז עס, הייסט עס, ניט זייער שולד.

דאָך האָב איך צום ערשטן מאָל באַוואונדערט די אַמעריקאַנער אַרכיטעקטור...

# טאַמפּיקאָ — מעקסיקאָ

פון מעקסיקאָ סיטי, איז אונדז איינגעפאַלן, דאַרף מען פאָרן קיין טאַמפּיקאָ. דער באַשלוס צו פאָרן איז אונדז אָנגעקומען לייכט, מחמת וואַנדערן איז געוואָרן אונדזער צווייטע נאַטור. איי מיר האָבן נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה, האָבן מיר דערפאַר אַ פולע מאָס בייגעריקייט, און דאָס אַליין פאַרשאַפט אונדז פאַרגע־ניגן.

היינטערן וואַקזאַל איז געשטאַנען אַ לאַנגער „פאַטשאַנג״. אַזוי האָט נאָך ביי מיר געהייסן אַ פראַכט־צוג. אַזוי ווי אַ קאַץ, וואָס זיצט פאַרן מויזן־לאָך און וואַרט אַ שפּרונג צו טאָן נאָך איר גע־פאַנג, אַזוי האָבן מיר אָפּגעוואַרט די ריכטיקע מינוט — און אָט ליגן מיר שוין ווי ביים טאַטן אין ווייגאָרטן, איינגעקאָרטשעטע אין די ווינקלען פון די וואַגאַנען און קנייפּן זשעדנע שטיקער ברויט פון אונטער דער פּאָלע.

די רייזע איז אַ לאַנגע. אָבער ווער ציילט טעג, אָדער וואָכן, אַז מיר ציילן גאָר די מינענדיקע שטערן אין די נעכט, וואָס זיינען איינגעהילט אין אַ וועלט מיט סודות; ווען אַ רגע שלאָף קאָן שטעלן ס׳לעבן אין געפאַר. מחמת דער, וואָס היט די „טאָרמאָזן״ לויפט איבער אַלע וואַגאָנען פון פראַכט־צוג און אויב מען האָט ביי אים נישט נושא־חן געווען, מוז מען אַראָפּשפּרינגען פון דער לויפנדיקער באַן און אַמאָל פאַרלירן דערביי אַ שוך... טראַכט מען אויס אַ נישטגעשטויגענע מעשה פון טויזנט און איין נאַכט, מען ווערט מיט אים „בלאַט״, לאָזט ער זיך דינען און ווערט צערטלעך, ווי אַן אייגענער פאָטער.

ביי יעדן אָפּשטעל שפּרינגען מיר אַראָפּ, שטאָפּן־אָן די קעשע־נעס מיט פּלאַטינאָס און מוזן שטאַרק זיך אויסהיטן פאַר אַ „בייז אויג״, וואָס מ׳האַלט אויף די אומגעבעטענע געסט.

עס דרייט זיך דער משופּעדיקער וועג, ווי אַ שרויפּנציער צווישן פֿאַנטאַסטישע פייערלעך, וואָס ציִנדן זיך אָן אין דער סאַמעטענער נאַכט. און דער פרימאָרגן שיילט זיך אַרויס פון הינטער גיגאַנטישע בערג, באַקרוינט מיט מילך־וואָלקנדלעך, וואָס ציִען זיך געמיטלעך איבערן לויטערן הימל־ים און מישן זיך אויס מיט די זיילן רויך פון לאָקאָמאָטיוו־קוימען.

אַזוי נאַכט־איין נאַכט־אויס, טאָג־איין טאָג־אויס.

די זון ווערט וואָס אַמאָל וואַרעמער, ברענט און בראָט די דאַרע, מידע ביינער פון „אַ פרעמדן מענטש אין וועג", וואָס שטייט אָנגעלענט אָן די אָנגעגליטע אייזן־שטאַנגען און לעכצט, ווי אַ זויג־קינד נאָך דער מאַמעס ברוסט, נאָך אַ טראָפּן וואַסער, צו באַנעצן די צעשפּאָלטענע טרוקענע ליפּן.

די באַן שלינגט־איין שטעט און דערפער. עס צעפּייפט זיך דער לאָקאָמאָטיוו, ווי אַן אָנזאָג, אַז אָט־אָט האָבן מיר דערגרייכט דעם ציל. מיט אַמאָל טוען די רעדער אַ שטאַרקן גרילץ, — און מיר שפּרינגען־אַראָפּ אַזוי לייכט, ווי אַקראָבאַטן פונעם צירק־שטריק. „אַדיאָס אַמיגאָס, אַדיאָס קאָמפּאַניעראָס!" — מיר האָבן דערגרייכט דעם ציל.

איך ווייס נישט פאַרוואָס עס איז געווען אַזוי גוט אויף דער נשמה. ווייל ווי נאָר מיר האָבן אַריינגעשפּאַנט אין שטאָט, האָט אונדז אַרומגענומען אַ היץ־כוואַליע פון נאַפּט און אַ געדיכטע, נודנע לופט האָט אַ שלאָג געגעבן אין נאָז, אַז עס איז איבלדיק געוואָרן ביים האַרצן. די פאָרט־שטאָט, דער האַפן, האָט זיך באַוויזן אין איר גאַנצער „פּראַכט"...

מיר שטייען נעבן בײדלעך, וואו מען פאַרקויפט „פולקו", אַ געטראַנק ווייס ווי מילך, טערפּקע, ווי פאַרלעגטער רעטעך, אַז „קיין ייד זאָל נישט וויסן פון דעם טעם"... די געבראָטענע פיש און שטיקער געריכערטע פלייש עגבערן אין נאָז. געשרייען, ווי אויף אַ יריד. פליגן זשומען, מענטשן זשומען, און מיר אינמיטן. איך זעץ זיך אַוועק אויף אַ הויכן שטול און נעם פאַר צען סענטאַוואָס אַ גלאָז קאַווע מיט „טאָרטיעס" — אַ שטאָק די הויך.

פּוּ ווייטן זעען זיך אַרויס עטלעכע הויכע מויערן, האָטעלן, וואָס געהערן צו אַמעריקאַנער און מעקסיקאַנער גבירים. דאָס דער־מאָנט אונדז, אַז מ'דאַרף זוכן אַ פּלאַץ וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן.

אַנטקעגן געפינט זיך אַ פּאָליציי־סטאַנציע. גייען מיר אַריין פרעגן צי מען קאָן איבערנעכטיקן. מען נעמט אונדז אויף זייער פריינט־לעך און מען ווייזט אונדז אָן דעם גלאָטן, צעמענטענעם דיל. ציען מיר זיך אויס ווי פּריצים און שלאָפן איבער ביז פאַרטאָג אין איין אָטעם, ווי עס וואָלט געווען דער רייכסטער האָטעל מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן...

אַרויסגעלאָזט זיך אינמיטן העלן טאָג צו באַטראַכטן די שטאָט, זיינען מיר אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ פון פּראָסטיטוציע־הייזער. פאַר־בייגיין איז געווען ווי דורך אַ בראַנד. שערענגעס הייזער, גאַנצע גאַסן זיינען געווען פול מיט יונגעקע מיידלעך פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. גערופן די דורכגייער האָבן זיי אויף פראַנצויזיש, שפּאַניש, דייטש און אַנדערע שפּראַכן. פון אַ פענצטער האָט אַרויס־געשטעקט אַ יונגער בלאָנדער קאָפּ מיט בלויע אויגן, וואָס האָט אונדז גערופן אויף כלערליי שפּראַכן. מיר האָבן געשאָקלט דעם קאָפּ אויף ניין.

— כ׳פאַרשטיי נישט קיין וואָרט, — זאָג איך צו איר אין שפּאַס אויף יידיש.

אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן: — יידן? פון וואַרשע זענט עץ?

— כמעט — ענטפער איך.

— קימץ אַראַן, כ׳האָב גוטן וואָן.

מיר זיינען אַריין.

איר געשיכטע איז געווען, ווי אַלע אַנדערע געשיכטעס פון דעם סאָרט מיידלעך. מיר האָבן עס שוין אַ סך מאָל געהערט.

— עץ קענט שרייבן יידיש? — פרעגט זי.

— איך קען.

— שרייבץ מיר אַ בריוו צו טאַטעשי און מאַמעשי, — בעט זי זיך מיט פלאַטער אין די אויגן.

זי דיקטירט: „ליבע טאַטעשי און מאַמעשי, — עטץ ווייסט צו־ליב וואָס עך בין אַוועקגעפאָרן פון וואַרשע. ס׳שוין באַלד צוויי יאָר. כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל באַלד זיין אין אַמעריקע. אין אַרגענטינע איז מיר געווען נישט גיט. איצט, מאַמעשי און טאַ־טעשי, בין איך דאָ. איך אַרבעט אין אַ זיידן־געשעפט, ביי טער־קישע יידן, ס׳גייט מיר גיט. איך האָב האָפענונג, אַז אינגיכן וועל

איך זיין אין אַמעריקע. מיט הערצלעכע גריסן און קישן, פון אייער ליבער טאָכטער..."

דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען דערשלאָגן פון דעם באַגע־געניש. דאַכט זיך — אַזויפיל מיידלעך פון פאַרשידענע פעלקער, און דאָס יידישע מיידל פון וואַרשע האָט מיך אַממייסטן צענו־מען...

***

עטלעכע טעג שפּעטער איז געווען דער ערשטער מאַי. דעם טאָג האָבן מיר נישט געאַרבעט. דער "סינדיקאַט" איז געווען אָפן, דער זאַל דעקאָרירט. מיר האָבן געגעסן, געטרונקען, געזונגען. מען האָט מיך אויפגעפאָדערט צו רעדן וועגן ערשטן מאַי. מיין שפּאַניש איז געווען ניט שלעכט, האָב איך דערציילט וועגן ערשטן מאי אין צאַרישן רוסלאַנד.

אין אָוונט האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין פּאַרק "ליבערטאַד", וואָס איז געווען כמעט אין צענטער פון שטאָט. דאָ האָבן מיר גע־פּראַוועט די ערשטע מאַי־דעמאָנסטראַציע. ביים אַריינגאַנג האָט אַ פרוי צעטיילט קאָפּיעס פון דער אַרבעטער־צייטונג פון מעקסיקאָ סיטי, די "מאַטשיטאַ". געווען אַ גרויסער עולם האַפן־ און בוי־אַרבעטער. באַרוועסע איז מען געשטאַנען, אָבער פול מיט מוט און דערוואַרטונג. די רעדעס וועגן ערשטן מאַי זיינען באַגלייט געוואָרן מיט געזאַנג און גיטאַרע־מוזיק. די שטימונג איז געווען אַ גע־הויבענע און דער עולם האָט געשמאַק אַפּלאָדירט.

פּלוצלינג — אַ רעוואָלווער־שאָס, און נאָך אַ שאָס! די קויל איז געווען געצילט אויפן הויפּט־רעדנער, און געטראָפן האָט זי אַן אומשולדיק קינד אויף דער פּלאַטפאָרמע.

אַ פּראָוואָקאַציע, פאַרשטייט זיך. סיי ווי — אַ שיינער "ברוך הבא" פאַר מענטשן פון אַ ווייט לאַנד, וואָס האָבן געגאַרט נאָך אַ פרידלעך לעבן, — אַ "סאַלוט" צו די געסט פון דער "נייער" וועלט...

שפּעט אין אָוונט, ווען די זאַטע און צופרידענע זיינען שוין געשלאָפן אין זייערע ווייכע בעטן, און די באָרוועסע און הונגעריקע זיינען געלעגן אין גאַס, מיט דער האַרטער פויסט אונטערן קאָפּ, האָט אונדז אַ דאָרטיקער פריינט באַגלייט אַהיים פון אַרבעטער־לאָקאַל.

גייענדיק, האָט ער שטיל געפּירט די פינגער איבער זיין גיטאַר. די צאַרטע שטאָלענע סטרונעס האָבן געוויינט און געזונגען. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט אַ מענטש דערציילט וועגן זיין פאָלק, וועגן אומרעכט און צאָרן, וואָס האָט זיך דורכגערעדט מיט אַנדערע אונטערדריקטע פעלקער פון דער וועלט, און איך האָב דערפילט און פאַרשטאַנען אָט־דעם טיפן מיין פון די שטאָלענע סטרונעס . . .

# מיטן לינקן פוס אין אַמעריקע

אַרונטער פון דער שיף בין איך אַביסל אַנדערש ווי אַנדערע אימיגראַנטן. געוויינלעך שטעלט מען קודם אַראָפּ דעם רעכטן פוס. איך האָב באַטראָטן די אַמעריקאַנער ערד קודם מיטן לינקן, מחמת דעם רעכטן פוס האָב איך צעקלאַפּט אויפן שיף.

געקומען בין איך מיט מיין חבר חיים, ווי מיר וואָלטן שוין געווען אַלטע תושבים אין לאַנד. פון גאָרניט זיינען מיר נתפּעל געוואָרן, קיין זאַך האָט אונדז ניט אימפּאָנירט. די מענטשן, הייזער און געשעפטן האָבן אויסגעזען אַביסל אַנדערש — דאָס אַלץ. גע־פלעפּט זיינען מיר בלויז געווען פון אַ ראַדיאָ־הויכרעדנער, וואָס מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערהערט ביי אַ פאָנאָגראַף־געשעפט.

קיין וואַליזעס, אָדער אַנדערע פּעקלעך האָבן מיר נישט געהאַט. אונדזער האָב און גוטס איז באַשטאַנען פון דעם, וואָס מיר האָבן געטראָגן אויף זיך. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, אָבער אַ מילד־פרישׂ ווינטל האָט געגלעט ס׳פּנים. האָבן מיר אַרונטערגע־וואָרפן די רעקלעך און געשפּאַנט איבערן ברייטן בולוואַרד — אַמעריקע!

געקומען בין איך צו אַ וויטן קרוב אין אַ פּאָרט־שטאָט אין דער סאָוט. ביים שיף האָט מיך קיינער נישט אָפּגעוואַרט. איך האָב אָבער נאָך קיינעם נישט געבענקט. די גאַנצע וועלט איז פאַר מיר געווען איין שטאָט און אַלע מענטשן, ווי ברידער.

די ערשטע נאַכט אין אַמעריקע. איך בין געשטאַנען פאַרן שפּיגל אין מיין צימער און גערעדט צו זיך: ווי אַלט ביסטו, רפאל, זיבן־און־צוואַנציק, אָדער זיבן־און־זיבעציק?...

ווערליק וואָס איך בין דורכגעגאַנגען, פּאַסט עס פאַר אַן אַלטן מאַן. אָבער מיין אויסזען איז נאָך פאַרט יונג און לייטיש.

איך בין נייגעריק, וואָס פאַראַ איינדרוק איך וועל מאָרגן מאַכן

אויף מיין קרוב. מ׳זאָגט, אַז אין אַמעריקע זיינען מענטשן קאַלט. איז ווי וועט מיין קרוב זיין?...

כ׳האָב צעעפנט די פענצטער, בין אַריין אין ווייכן בעט און זיך צוגעדעקט מיט די ווייסע ליילעכער, וואָס האָבן געשמעקט מיט זון און פרישער לופט. אין קאָפּ איז מיט אַ שווינדלדיקער שנעל־קייט דורכגעלאָפן מיין זיבן־און־צוואַנציק יאָריק לעבן — — לאָדזש, בערלין, אַנטווערפּן, קובאַ, צענטראַל־אַמעריקע, מעקסיקאָ — די גאַנצע וועלט...

מיר איז געקומען אויפן געדאַנק „אָנקל טאָמס קעבין" פון העריעט ביטשער סטאָו, וואָס איז שוין פינף־און־זיבעציק יאָר אַלט. איך האָב זיך דערמאָנט אין דער געשיכטע וועגן דער בירזשע מיט די שקלאַפן אין ניו־אָרלינס. פאַר מיינע אויגן איז אויפגעקומען דער מאַרק, וואו מען פאַרקויפט דעם מאַן, די טאָכטער, און די מאַמע צו באַזונדערע הענדלער. איך האָב געהערט סוויסטשען די לאַנגע בייטש איבער די לייבער פון געזונטע נעגערשע מענער, כדי אָנצואוואָרפן שרעק, זיי זאָלן זיין געהאָרכזאַם. פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען דער אייגנטימער סאַנט קלעיר, דער „גוטהאַרציקער", וואָס האָט געשיקט צום פאַרקויפן זיינע געטרייע דינער אַדאָלף און טאָם, און די פאַרקויפטע נשמה, דער קונצנמאַכער סאַמבאָ.

מיין האַרץ האָט זיך געקילט, ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן אַ גע־שלעג און סאַמבאָ האָט געקראָגן אָנגעבראָכן די ביינער פון שקלאַף אַדאָלף.

און ווידער זע איך די ליציטאַציע אויפן מאַרק. ווי ביים פאַר־קויפן פערד קוקט מען מענטשן אין די ציינער, מ׳באַטאַפּט זייערע מוסקולן, די בריסטן, — און ווער עס גיט מער, איז אַראָפּ פון יאַטקע־קלאָץ, און דער מענטש־שקלאַף איז פאַרקויפט...

עס האָט מיך אויפגעשוידערט ווי אַזוי דער אינקוויזיטאָר, דער האַר סיימאָן האָט טאָמען דערהרגעט, ווייל ער האָט נישט גע־וואָלט זיין קיין פאַרעטער און דערפאַר וואָס ער האָט געהאָלפן פרויען אין דער אַרבעט, ווייל זיי האָבן נישט געקאָנט צושטעלן זייער נאָרמע אַרבעט.

איז דאָס אַמעריקע, דאָס פרייע לאַנד?...
איך בין קוים מיט מי איינגעשלאָפן.

*****

אופגעשטאַנען, האָב איך זיך דערפילט אַביסל לייכטער. אָבער פּונקט אַזוי „לייכט“ איז שוין געווען אין מיין קעשענע.

ס'האָט מיך פּלוצים אַרומגענומען אַ בענקשאַפט נאָך מיין מאַ־מען און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט שרייבן אַ בריוו:

„כ'ווייס, טייערע מאַמע מיינע, אַז דו האָסט אין דיין לעבן פיל געליטן. נאָר אַלץ, מיט וואָס איך קאָן דיר דערווייל העלפן, איז אַ ליבע־בריוול שיקן. איך שטיי איצט ביים אָפענעם פענצטער און איך זע דיינע צאַרטע, מאַמעשע בליקן. מאַמע, כ'בעט דיך, פאַר־שטיי, — אפשר פון נייעם לאַנד וועל איך דיר אַ רענדל שיקן, ווייל זינט איך בין פון דער היים אַוועק האָב איך אימער געדענקט אָן דיר. נאָר וואָס קאָנען געדאַנקען העלפן, ווען ס'מזל איז נישט מיט מיר? אפשר פון היינט אָן, וועלן די וואָלקנס פאַרגיין און די זון וועט זיך אַ לויטערע באַווייזן“.

*****

דער קרוב האָט מיך אויפגענומען מיט פרייד און ליבשאַפט:

— ביזט דאָך שוין נישט קיין גרינער! ווי לאָזט מען דאָס ניט וויסן, אַז — כ'ווי'? זע, מינדל! גאָרנישט קיין בטלן. זעט־אויס צו זיין אַ פיינער באַי. דערלאַנג עפּעס צו אַכלען, און — נו, לאָ־מיר טרינקען לחיים און זאָל דיר זיין מיט מזל אין נייעם לאַנד!

איך האָב זיך דערפילט היימיש.

— זע, נאַרישע יידענע, וואָס וויינסטו? — האָט ער זיך גע־ווענדט צו דער פרוי — רוף אַרויף די קינדער, זאָלן זיי זען אונ־דזער ליבן גאַסט.

מיין קרוב האָט געהאַט אַ האָטעל אין אַ מיטל־מעסיקער געגנט פון שטאָט און געהאַט בכבודיק פּרנסה. ליאָן, זיין שכן, אַ יונגער מענטש, האָט געהאַט נישט ווייט פון פּאָרט אַ געשעפט פון אַל־טע און נייע גומי־רעדער צו אויטאָמאָבילן. ער איז געווען זייער אַ צוגעלאָזענער מענטש און אין אַ וויציקן טאָן מיך געפרעגט: — תכלית...?

צומאָרגנס בין איך געשטאַנען ביי ליאָן אין „סטאָר“ און זיך געלערנט אַ שפּאָגל־נייע מלאכה.

## אפשר איז דאָס גאָרנישט אַמעריקע?

אויף מײַנע וואַנדערונגען איז געווען פאַר מיר אַ נאַטירלעכע זאַך זיך צו ברידערן מיט מענטשן פון פאַרשידענע פעלקער, — מיט די נעגערשע האַפן־אַרבעטער אין קובאַ, מיט דעם נידערגעשלאָגענעם „פּעיאָן", דעם ערד־אַרבעטער אין מערב פון מעקסיקאָ. איך האָב מיט זיי געגעסן, געטרונקען, געאַרבעט צוזאַמען. און דאָ... איך גיי אַרײַן אין „סטריט קאַר", איז אָפּגעצוימט פאַר „קאָלאָרד פּאַטראָן". און אַז איך האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט און זיך צוגעזעצט נעבן אַ נעגערשער פרוי, איז געקומען אַ וואָרנונג פון אַלע זייטן...

עס איז געווען זונטיק. אין קעשענע איז געלעגן מיין ערשטער פאַרדינסט דאָ — פינף־און־צוואַנציק דאָלאַר פאַר אַ וואָך אַרבעט. ביזט אין אַמעריקע, ברודערקע — טראַכט איך — ס'געפעלט דיר?...

די גאַסן זיינען געווען שטיל, ווי שבת צום דאַווענען אין באַלוט. געציילטע מענטשן האָבן געמיטלעך שפּאַצירט, געמאָסטן די טריט און זיך געפילט דערהויבן אין די זונטיקדיקע קליידער. איך האָב זיך צוגעהערט צו די אויסגעצויגענע פייפן פון שיפן. דער פאָרט האָט זיך געפונען אַ צוואַנציק מינוט גאַנג פון מיין היים.

אין „קאַפע", וואו איך בין אַרײַן, זיינען געווען אַ צענדליק מאַטראָזן פון מעקסיקאַנער און קובאַנער און אַנדערע האַנדלס־שיפן. נאָך איידער איך האָב זיך אַוועקגעזעצט, הער איך שרייען: „אַמיגאָ, קאָמפּאַנעראָ רוסאָ"! כ'דריי אויס דעם קאָפּ, — ס'איז ענדי! ער לויפט מיר אַקעגן מיט צעשפּרייטע הענט.

ענדי איז אַ נעגערשער האַפן־אַרבעטער פון קובאַ, אַ יונג אַ ריז. מ'ר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין האַפן סאַנטאַ קלאַראַ, געוואָרפן זעקלעך רייז, מעל, בעבלעך, גאַנצענע בערג, מיר האָבן

געגעסן פון איין טעלער. ווען מיינע מוסקלען האָבן נישט געדינט, האָט ענדי געטאָן אַביסל פון מיין חלק אַרבעט — — שוין צוויי יאָר האָבן מיר זיך ניט געזען!... מיר האָבן זיך געהאַלדזט, געקלאַפּט אין פּלייצע לויטן שפּאַנישן מנהג — ס'איז גרויס געווען די פרייד.

מיר האָבן שפּאַצירט אויף רעמפּאַרט סטריט אין אַרבעטער־געגנט, איבערגעלעבט פרײדיקע מאָמענטן פון אַמאָל און נעכטן — מיר האָבן זיך גאַרנישט געקאָנט זעטיקן. און מיט אַמאָל — עס קומט אונדז אַקעגן אַ פעסט־געבויטער מאַן, אַנגעטאָן פּראַנטיש, און דערלאַנגט מיר אַ זעץ מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס בלוט לאָזט זיך מיר פון דער נאָז.

אַ צעטומלטער, אַ פאַרלוירענער, האָב איך נישט באַנומען וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. ערשט ענדי קלערט מיר אויף: דאָס איז דער־פאַר, ווייל איך ברידער זיך מיט איינעם פון דעם נעגערשן פאָלק.

מיין ערשטער „ברוך־הבא" אין אַמעריקע...

⁂

מיין באַלעבאָס, ליאָ, האָט זיך געעפנט מיט גרויס פּאָמפּ אַ ניי געשעפט מיט אַ שויפענצער אין ראָג גאַס. פאַרקויפט האָט ער נייע טיילן פאַר אויטאָמאָבילן, ריירן, „טייערס" אדג"ל. ער האָט מיר אָנגעבאָטן צו קויפן זיין אַלט געשעפט. איך האָב פאַרמאָגט אינגאַנצן צוויי הונדערט דאָלאַר, און ער האָט געבעטן פינף הונ־דערט. נאָר אַזוי ווי באַלד איינצאָלן האָב איך באַדאַרפט בלויז הונדערט, בין איך איינגעגאַנגען אויפן משא־ומתן, איבערגענומען די סחורה און געוואָרן באַלעבאָס פאַר זיך.

ס'איז אַוועק ניט שלעכט. קיין סך אַרבעט דערביי איז ניט געווען און איך פלעג די אָוונטן האָבן פאַר זיך. גיי איך אַמאָל אַזוי אין אָוונט פאַרטאָן אין רעיונות און שטויס זיך אָן אויף אַ נידעריק הייזל אין אַ זייטיק געסל. אינעווייניק איז פינצטער, אָבער די טיר איז אָפן. גיי איך אַריין, מאַך ליכטיק — ס'איז אַ שטוב מיט ספרים! מיין שכן מאיר איז פאַרבייגעגאַנגען, געזען ליכט, איז ער אַרייַנגעקומען.

— אַמאָל, — זאָגט ער, — איז דאָ געווען היימלעך. דער לייען־צימער דאָ איז געווען די צווייטע היים. איצט זיינען יידן צו „פּראַק־טיש", צופיל פאַרביזנעוועט. אַ רחמנות נאָר אויף די ביכער...

— ס׳איז מער רחמנות אויף די יידן — ענטפער איך אים — אַט־וואָס עס איז געוואָרן פון אונדזער עם־הספר...

**
*

כ׳האָב ניט לאַנג זיך געהאַלטן מיט מיין „געשעפט״. מ׳האָט אָנגעהויבן מיר אומקערן די סחורה, און איינמאָל האָט זיך אַפילו פאַרזאַמלט אַן עדה מענטשן פאַר מיין „סטאָר״ און געהויבן פויסטן אויף מיר. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט איין קלייניקייט: די „טיובס״, וואָס ווערן אַריינגעלייגט אין די גומי־רעדער, זיינען געווען צעפוילט און אַזוי שנעל, ווי מען האָט זיי אָנגעבלאָזן מיט לופט, האָבן זיי איינע נאָך דער אַנדערער געפּלאַצט.

דאָס האָט מיר מיין געוועזענער באַלעבאָס, ליאָ, אונטערגערוקט די צעפוילטע סחורה.

איך האָב די קונים צוריקגעגעבן דאָס געלט און געוואָרן אויס סוחר.

# מיין קרוב מאַכט מיך פאַר „מענעדזשער"

דער האָטעל, וואָס מיין קרוב האָט געהאַלטן, איז גע־שטאַנען אין אַ געגנט פון „מיטלשטאַנד". אין מיין פריער צייט פלעג איך אַריינקומען און זיך צוקוקן צו די „אייגנוואוינער".

— וואָלסט וועלן אַרבעטן ביי מיר אין האָטעל? — פרעגט מיך איינמאָל מיין קרוב — איך וועל דיך מאַכן פאַר מיין מענע־דזשער. איך וואָלט וועלן פאָרן אויף וואַקאַציע, זיך אָפּרוען אַביסל.

— ס'איז מיר נישט צום האַרצן אַזאַ פּרנסה — ענטפער איך.

— נאַרעלע, — זאָגט ער — קיין סך אַרבעט איז דערביי נישטאָ. כ'האָב באַמערקט, אַז אָפט פאַרשרייבסטו עפּעס אין אַ העפט. דאָ וועסטו האָבן גענוג צו באַשרייבן.

איך האָב זיך געלאָזט צורעדן און גענומען אויף זיך אַ שווער פעקל.

איך בין נאָך געווען אַ גרינער אין לאַנד און אַ גרינער אין פאַרוואַלטן מיט אַזאַ אַרבעט. מיין קרוב האָט געהאַט מיט מיר אַ לאַנגן געשפּרעך, מיר אָנגעוויזן יעדן דעטאַל, געוואָרנט נישט צו זיין שטרענג, זיין אויסגערעכנט אין וועלכער סע־ניט־איז געשעעניש, נעמען יעדע פּאַסירונג קאַלט, זיך ניט אָפּעסן ס'האַרץ. אַ האָטעל, האָט ער געזאָגט, איז ווי אַ ים מיט פאַרשידענע פיש. עס שווימען דאָ אַריין שלייען, פלאָטעצעס, קאַרפּן, העכט, און אַמאָל גאָלדענע, אומשולדיקע פישעלעך.

מיין קרוב איז נישט געווען פון די ראַפינירטע כיטראַקעס. אין אַ געוויסן זין איז ער געווען אַן ערנסטער געשעפטסמאַן מיט אַ ברייטער האַנט און אַ מיטפילנדיק גוט האַרץ, און זיכער מער ער־לעך, ווי דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער „ביזנעסמאַן". איך האָב געקאָנט נעמען זיין וואָרט.

דער האָטעל איז געווען אַ גרויסער און געשטאַנען האַלב ליי־

דיק. איצט, פּאַר ניי־יאָר, זיינען געקומען געסט אין שטאָט פון נאָענט און פון ווייט. די געשעפטן האָבן אומעטום זיך געבעסערט און אויך ביי אונדז אין האָטעל איז געוואָרן מער טומלדיק, ווי ווען־סע־ניט־איז פריער. מיין קרוב איז שוין געווען אָפּגעפּאָרן אויף אַ לאַנגער וואַקאַציע און מיר האָבן זיך יאַקאַש אַליין אַן עצה געגעבן. די אָנגעשטעלטע האָבן בלויז נישט געקאָנט פאַרשטיין פונוואַנען עס האָבן זיך גענומען אויף אַמאָל אַזוי פיל געסט אין האָטעל.

איך ווייס נישט צי מיין „מענעדזשמענט" האָט עפּעס געהאַט צו טאָן מיט דעם. אָבער איינס איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן: מיין קרוב איז געווען גערעכט, אַז דאָ וועט זיין „וואָס צו באַשרייבן"...

אַ סך פון יענע געשטאַלטן האָבן זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, — מייסטנס בילדער אומאַנגענעמע, וואָס איך האָב קיינמאָל מער ניט פאַרגעסן. עס איז געווען „די ערשטע לופט", וואָס איך האָב איינגעאָטעמט אויף דער אַמעריקאַנער ערד, און די איינדרוקן זיינען פאַר מיר געוואָרן ווי אַ סימבאָל פון דעם קווער־שניט פון אַמעריקאַנער לעבן.

***

צוויי יונגעלייט האָבן געדונגען אַ ביליקן צימער. זיי האָבן זיך אָנגעגעבן פאַר סטודענטן און אַזוי איז אויך געווען זייער אויסזען. זיי האָבן ביידע אויסגעקוקט צו זיין אין די צוואַנציקער יאָרן און געמאַכט אַ גוטן איינדרוק.

אַכט אינדערפרי קומט צולויפן די באַדינערין אַ צעשראָקענע: זי איז אַריין צו זיי אין צימער מאַכן אָרדענונג, און באַמערקט אין בעט דריי קעפּ — צוויי מענער מיט דריי קעפּ!

איך האָב זיך צעלאַכט פון איר נאַאיוויטעט און איר געהייסן זיי לאָזן שלאָפן.

***

„מר. און מרס. בראון". אַזוי האָבן זיי זיך פאַרשריבן אין „רעקאָרד בוך". זי איז געווען די „דאַרלינג", און ער דער „האָני". ער איז געווען אַ מאַן אין די פערציקער, שטאַרק געבויט, מיט אַ

רויטן קאַרק, קליינענקע אייגעלעך און אַ נאָז, ווי אַ רונדיקע קאַר־טאָפל. שווער געווען צו טרעפן וואָס זיין באַשעפטיקונג איז.

זי איז געווען מיט אַ צען יאָר יינגער, הויך און דאַר, מ׳קאָן זאָגן אַ שיינע, נעט אָנגעטאָן און זייער העפלעך.

זי איז יעדן פרימאָרגן געגאַנגען צו דער אַרבעט, און צוריק־געקומען, ווען דער אַרבעט־טאָג האָט זיך געענדיקט. ער פלעגט אַוועקגיין ערגעץ אויף אַ גאַנצן, אָדער האַלבן טאָג און צוריקקומען אַ וואַקלדיקער...

אין איינעם אַ פאַרנאַכט איז בראַון געקומען מיט אַ פרוי און פאָרגעשטעלט: „מיין שוועגערין". זיין פרוי איז געווען אין צימער. שפּעטער איז געקומען אַ מאַן און זיך פאָרגעשטעלט פאַר אַ נאָענטן פון די בראַונס. באַזוכער איז אין דעם האָטעל געווען דערלויבט.

אינמיטן נאַכט — איך האָב באַזוך: פּאָליציי. זיי פרעגן זיך אויף דעם פּאָרל בראַון. איך פיר זיי אַרויף, קלאַפּ־אָן און עפן פאַר זיי דאָס צימער. די מענער ליגן אין בעט; מרס. בראַון שטייט אַ נאַקעטע און ציטערט, און די „שוועגערין" האָט זיך מיט עפּעס פאַרדעקט דאָס לייב און נישט געוואוסט וועלכן טייל פון קערפּער צו פאַרשטעלן...

עס איז געווען קאָמיש און טראַגיש. איך האָב זיך געריבן דעם שטערן און נישט געקאָנט עס באַנעמען.

**
*

זיטאַ איז געווען אַ ברונעטע פרוי אין די דרייסיקער יאָרן. זי האָט געוואוינט אין האָטעל נאָך איידער איך האָב איבערגענומען די אַרבעט. זי איז געווען באמת שיין, מיט צווי חן־גריבעלעך אין פיין־געשניצטן פּנים, אַ שלאַנקע. איר אָנטועכץ האָט אַלעמאָל האַר־מאָנירט מיטן וועטער און מיט דער צייט פון יאָר.

זי האָט געאַרבעט אין אַ גרויס געשעפט אין דער קאָסמעטיק־אָפּ־טיילונג און האָט זיך אַריינגעפּאַסט אַהין, ווי אַ בלום אין גאָרטן. נאָר אַזוי שנעל, ווי זי איז אַהיימגעקומען, האָט זי זיך גענומען צום ביטערן טראָפּן. און טרינקען האָט זי געקענט ווי אַ פיש אין וואַ־סער. ווען מען האָט זיך גוט אַריינגעקוקט אין איר פּנים, האָט מען געקאָנט באַמערקן פּיצענקע בלוי־רויטלעכע פלעקעלעך, — סימנים פון אַלקאָהאָליקער.

זיטאַ האָט זייער ליב געהאַט מענטשן. צווישן מענטשן איז זי געווען זייער באַרעדעוודיק און פריש, ווי ניי־געבוירן. מיט מיר האָט זי ליב געהאַט צו רעדן פראַנצויזיש און שפּאַניש, און די רוסישע שפּראַך האָט זי ממש פאַרגעטערט. די שפּראַכן האָט זי געלערנט אין אוניווערזיטעט, אָבער מער נאָך אין פּאַרקער צווישן מענטשן. זי האָט אויך ליב געהאַט זיך צו באַרימען, אַז זי שטאַמט פון עמיגראַנטישע יידישע עלטערן. אַ סימן — זי קען עטלעכע יידישע ווערטער, און גראָד ניט דרוקבאַרע...

איינמאָל האָב איך אָנגענומען איר איינלאַדונג צו גיין מיט איר זיך פאַרווײַלן. מיר זיינען אַוועק אין אַ נאַכט־קלוב אין אַ רייכער געגנט פון שטאָט.

מאַסיוו געבויט, מיט אַן אייגנאַרטיקן סטיל און וואונדערבאַרע אָרנאַמענטן, האָט דאָס פּלאַץ אויסגעזען צו זיין געמיטלעך. אָבער אינעווייניק האָט געהאַנגען אַ געדיכטער רויך, וואָס האָט זיך געצויגן ביז דער סטעליע. מיר האָבן זיך געזעצט ביי אַ טיש אין ווינקל. מען האָט געטרונקען, געטאַנצט און ווידער געטרונקען.

אַ מאַן, נעט אָנגעטאָן, האָט זיך צוגעזעצט צו אונדז. האָבן מיר פאַרבראַכט זאַלבעדריט. די צייט האָט זיך געשלעפּט און עס איז געוואָרן היפּש שפּעטלעך. מיט זיטאַן און דעם פרעמדן מאַן האָט זיך שוין געדרייט די וועלט. האָב איך פּאַמעלעך זיך אויפגעהויבן און זיך אַרויסגעשאַרט פון קלוב.

אַ פריש ווינטל האָט אַ יאָג געטאָן אין פּנים. איך האָב טיף איינגעאָטעמט די ריינע לופט. דער הימל איז געווען אויסגעשטערנט. איך האָב שפּאַצירט פּאַמעלעך, אַביסל נערוועז, און פון צייט צו צייט אַ הוסט געטאָן, כדי איבערצורייסן די מאָנאָטאָנע שטילקייט.

אַ האַלבע לבנה איז מיר נאָכגעגאַנגען און זיך געהויבן אַלץ העכער און העכער.

עטלעכע טעג האָב איך זיטאַן נישט געזען. ערשט — זי שטעלט מיך אָפּ מיט אַ פריילעכער בשורה: „עס איז מיר אומעטיק צו זיין אַליין. איך גיי חתונה האָבן".

דעם צווייטן טאָג איז זי אַוועקגעפאָרן אין אַ דערביאיקן שטעטל פראָווען איר צוזאַמען־לעבן.

עס נעמט נישט לאַנג, און זי איז דאָ צוריק: „דער מאַן איז

מיר פאַרלוירן געגאַנגען — זאָגט זי און אירע צוויי חן־גריבלעך מיט אירע ברוינע גרויסע אויגן לאַכן — אַהיימפאַרנדיק, בין איך איינגעשלאָפן, און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער מער נישט געסטייעט... אויב ער וועט קומען מיך זוכן, זאָג אים, אַז איך וואוין דאָ נישט מער".

אַ מאָדנע פרוי געווען.

***

די ניינצן־יאָריקע מאַרטאַ האָט געהאַט אַ לייב ווייס ווי מילך, ליכטיק ווי די זון. אירע שטייפע בריסטלעך און היפטן זיינען געווען אויספאַרמירט, ווי ביי אַ סטאַטוע. איר פּנים איז נישט געווען איבעריק שיין, האָט אויסגעקוקט עלטער, ווי איר לייב. די האָר פון זאַמד־קאָליר און איר נאָז זיינען ווי עפּעס נישט געווען צו־געפּאַסט צום פּנים.

מאַרטאַ האָט אַ האַלב יאָר געטאַנצט, פּופצן מאָל אַ וואָך, אין אַ גרופּע פון צען מיידלעך, און געקראָגן צוויי און צוואַנציק דאָ־לאַר אַ וואָך. פון דעם האָט זי דערנערט זיך און איר קראַנקע מוטער. הגם אַ טענצערין, האָט זיך קיינער אויף איר ניט אומ־געקוקט. זי איז געווען „איינע פון צען", זיינען מענער ניט גע־ווען זשעדנע נאָך איר...

מיטאַמאָל האָט זיך געיאַוועט אַ „באַגליקער", דער באַלעבאָס פון אַ נאַכט־קלוב — ער „וויל זי מאַכן פאַר אַ סטאַר".

שטייט זי אָפּ חדשים פאַרן שפּיגל, מעסט איר פיגור און קנייטשט די ביינער — פאַרטיק! זי דאַרף היינט אויפטרעטן אין איר ערשטער סאָלאָ אין גרויסן קלוב אויף קאַנאַל־סטריט, אין אַן אַפריקאַנישן טאַנץ.

מיר זיינען אַלע געקומען צון איר דעביוט.

ווען דער פאַרהאַנג האָט זיך געעפנט, איז זי געשטאַנען עט־לעכע סעקונדן באַוועגלאָז, ווי אַ סטאַטוע. ענדלעך האָט זי גענו־מען אַראָפּשיילן פון זיך דעם הימל־בלויען וואואַל און איז גע־בליבן שטיין כמעט אַ נאַקעטע. איר קערפּער האָט אָנגעהויבן זיך באַוועגן ווי אַ שלאַנג, אַלץ שנעלער און ריטמישער אונטער די קלאַנ־גען פון דער דזשעז־מוזיק.

מאַרטאַ האָט געטאַנצט איין מאָל און נאָכאַמאָל. די גאַנצע שיינ־

קייט איז געלעגן אין די באַוועגונגען פון אירע היפטן און אין די געטאַקטע פיס. איר בויך, פלאַך ווי אַ ברעט, האָט זיך געהויבן אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ וואָרעם, וואָס מאַכט הויקערס, ווען ער קריכט. דאָס איז געווען אַביסל וואולגאַר, אָבער איר פּנים איז געבליבן אומשולדיק, ווי פון אַ דאָרפיש מיידל, וואָס טאַנצט דאָס ערשטע מאָל מיט אַ בחור.

די באַגייסטערונג פון עולם איז געווען אין־לשער. ווען איך בין אַוועק, האָט מען געהאַלטן נאָך אין איין אַפּלאָדירן.

דער האָטעל איז דעם צווייטן טאָג פאַרשאָטן געוואָרן מיט בלו־מען. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן וואָכנלאַנג. ביז די בלומען זיינען זעלטענער געוואָרן, און מאַרטאַס פּנים אַלץ בלאַסער און בלאַ־סער . . .

איצט ליגט זי אויף איר בעטל אַן אַנטוישטע און צעווייטיקטע. „וואָס — קלאָגט זי — האָט דער ׳ברוט׳ געוואָלט פון מיר ? פאַר־וואָס האָט ער מיין לעבן רואינירט״ ? . . .

אָרעמע, אָרעמע מאַרטאַ.

**
*

דאָס אַמעריקאַנער לעבן איז געווען פאַר מיר אַ רעטעניש. עס האָט צעמישט מיינע געדאַנקען און מיך אַרויסגעשטויסן פון גלייכ־געוויכט. געסט זיינען געקומען, זיך רעגיסטרירט אין האָטעל, איינ־געצאָלט און מער האָב איך זיי ניט געזען. אַנדערע פלעגן זיך אַריינציען, אָפּוואוינען אַ שטיק צייט, און פּלוצלינג פאַרשווינדן, ווי אַ שטיין אין וואַסער, איבערלאָזנדיק דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס אין האָטעל. ס׳האָט מיט דער צייט זיך אָנגעקליבן אַ היפּש ביסל חפצים, און כ׳האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן דערמיט. בין איך אַוועק צו דער פּאָליציי, געפרעגט אַן עצה — האָט דער סאַרדזשענט געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ יאָלד . . .

כ׳האָב אָפט געטראַכט : איז דאָס טאַקע דאָס איינציקע אַמע־ריקע ?

צום גליק האָב איך זיך באַקענט אויך מיט אַנדערע מענטשן. דיקי איז געווען אַן אָפטער אַריינגייער ביי מיר. ער איז געווען פאַרהייראַט, געהאַט צוויי קליינע קינדער און אַ טייערע פרוי. און דורך אָט־דער אינטעליגענטער פאַמיליע איינגעזעסענע אַמעריקאַנער

האָב איך דערזען נאָך אַן אַנדערע אַמעריקע. די פֿאַמיליע איז גע־וואָרן די ערשטע, וואָס האָט מיך געבעטן אַ ביישטייערונג פֿאַר אַ צוועק, וואָס איז מיר געווען נאָענט צום האַרץ. איך האָב זיך גע־מוזט מודה זיין פֿאַר זיי: „איר האָט געראַטעוועט אַמעריקע פֿאַר מיר, ווייל איך זע, אַז אין לאַנד געפֿינען זיך צוויי אַמעריקעס, — דאָס אמתע און דאָס פֿאַלשע".

„דאָס לאַנד איז גרויס — זאָגן זיי — און פֿאַרשידנאַרטיק, ווי דער ים. באַקען זיך מיטן לאַנד, שטודיר עס, און וועסט זען, אַז ס'האָט אַלע מעגלעכקייטן צו ווערן דאָס בעסטע לאַנד אין דער וועלט".

איך האָב זיי געפֿאָלגט. איך האָב זיך קוים דערוואַרט, ביז מיין קרוב איז צוריקגעקומען פֿון זיין לאַנגער וואַקאַציע. ער האָט מיר באַלד פֿאָרגעשלאָגן שוין צו בלייבן אין דער משפּחה און אין גע־שעפֿט אויף שטענדיק. אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. כ'האָב עטלעכע טעג זיך אויסגערוט, דערנאָך זיך האַרציק צעקושט מיט אַלעמען און זיך אַרויסגעלאָזט איבער די ברייטע שליאַכן פֿון לאַנד צו באַקענען זיך מיט דער אמתער אַמעריקע.

## אַ שפּיל מיט מאַסן

נישט שווער געווען דעמאָלט צו קריגן אַרבעט. וואַנ־דערנדיק פון שטאָט צו שטאָט, האָב איך גענוג זיך אָנגעגעסן מיט דער ברענענדיקער היץ און שטיקנדיקן רויך פון די פאַבריקן, מיט דעם „סמאָג", וואָס הילט־איין די גרויסע שטאָט, בייסט אין די אויגן און קריכט אין די לונגען. עס האָט זיך געגלוסט אַביסל אַרויס פון דעם שטאָטישן טומל. אַן אָפּגעשפּאָרטער טאָלער איז געווען, האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַן אויטאָמאָביל, און — היידאַ, אַרויס אין גאָטס נאַטור.

די מאַשין האָט געקלעטערט, לייכט סאַפּענדיק, צווישן באַרג און טאָל. אַלץ אַרום איז שטיל, סודותדיק, די לופט — פריש, פריי. די געגנט איז פּרעכטיק. קיינער יאָגט זיך דאָ נישט אין שאַפּ אַריין; אַפילו די רעדער פון די לאַסט־אויטאָמאָבילן ווייזן דאָ אויס צו דרייען זיך געלאַסענער, רואיקער.

— עס לוינט צו לעבן אויף דער וועלט! — שרייט־אויס איינער פון אונדזערע פיר פאַרשווינען.

— לאָמיר זינגען! — כאַפּט אונטער אַ צווייטער, און עס דער־הערט זיך באַלד דאָס האָפערדיקע ליד:

„און זאָל ווי ווייט נאָך זיין די צייט
פון ליבע און פון שלום,
דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט,
די צייט — עס איז קיין חלום".

אַן עכאָ פון אונדזער ליד האָט אָפּגעקלונגען צווישן די בערג פון דעם „ציוויליזירטן" מדבר.

די שטימונג איז אַ געהויבענע, די זון באַקט, בערג און טאָל

שמאַכטן נאָך אַביסל וואַסער און מיר אויך. פאַרקירעוועז מיר אויפן שליאַך 101, וואָס פירט צו דער גרענעץ פון אונדזער מעקסיקאַנער שכן. די מאַשין פליט זיבעציק מייל אַ שעה דורך אַ לאַנגן ים־פּאַס. פון איין זייט הויכע בערג, פון דער אַנדערער — דער שטומי־קער פּאַסיפישער ים, און איבער זיין ברעג יאָגט זיך מיט אימפּעט אַ באַן.

אַ שטרעקע לאַנד איז דאָ צום פאַרקויפן. די, וואָס האָבן אַלץ, האָבן טאַקע אויפגעבויט שיינע זומער־היימען אויפן שויס פון ים. איר קאָנט דאָס אויך טאָן, — ווענדט זיך צו דער „באַנק אָוו אַמע־ריקע״, זאָגט אַ רעקלאַמע.

מיר פאָרן פאַרביי ריזיקע שטרעקעס מיט רייפע מאַראַנצן. עס זעט זיך אָן אויפשריפט: „פרייע אָראַנדזשעס, — נעמט, וויפל אייער האַרץ גלוסט״. ווייסן מיר ניט צי איז דאָס אמת, אָדער אַ לץ האָט עס אָנגעשריבן...

איבערגענעכטיקט אונטערוועגנס, פאָרן מיר אַריין אין פּאָרט פון סאַן דיעגאָ. ס'איז זונטיק, דער האַפן איז שטיל. אויף די פאַר־אַנקערטע גרויע שיפן באַוועגן זיך בלויז געצייילטע מאַטראָסן. אין אַ זייט וויגט זיך אַן אונטער־וואַסער שיף, — אַן „אומברענגער פון לעבן״, באַמערקט איינער פון אונדז.

אין שטאָט קלינגען קלויסטער־גלעקער מיט אַזאַ אומפאַר־שטענדלעכער שפּראַך, — — עס ווערט היימלעכער פון די מענגעס מענטשן, וואָס גייען פון די קירכן. נאָר קיין מאַטראָז זעט מען נישט צווישן זיי. די מענטשן פון די קריגס־שיפן פּאַקן־אָן די שענקן. אַ טייל צווישן זיי, נאָך גאָר יונגע, דער מאַמעס מילך ליגט נאָך אויף זייערע ליפּן; אָבער צוביסלעך ווערט די „מילך״ אָפּגעשווענקט פון ביר און ליקער...

די שטאָט איז גרויס, גלאַנצט מיט רייכטום פון יעדן ווינקע־לע — אין די הויפּט־גאַסן. גייט מען אָבער אָפּ אין אַ זייט, אין די הינטער־געסלעך — ווייעט גרויס אָרעמקייט, זעט מען דאָקעטע, באָרוועסע קינדער גריזשען צעפוילטע פרוכט...

**
*

דער אויטאָמאָביל גליטשט זיך ווייטער איבערן אַספאַלט, — דער „ספּידאָמעטער״ ווייזט, אַז מיר פאָרן דריי־און־זיבעציק מייל

אַ שעה. ס'האַרץ פּאַלט שיער איין. מעלווין, וועלכער זיצט ביים רעדל, וויל מיך באַרואיקן: „צעשטרייאונג איז זייער גוט פּאַר די נערוון; איך האָב עס געלייענט אין אַ מעדיצינישן זשורנאַל".

אויטאָמאָבילן פליען אונדז פאַרביי. קענטיק, אַז אויך זיי האָבן געלייענט דעם רעצעפּט פון יענעם זשורנאַל... אָבער אָט טרעפן מיר אויפן וועג צוויי איבערגעקערטע נייע אויטאָמאָבילן, — און אונדזער מעלווין פאַרקלענערט אַביסל דאָס שנעלע פאָרן...

און אָט זיינען מיר ביי דער גרענעץ פון אונדזער מעקסיקאַנער שכן. אָן שום שוועריקייטן פאָרט מען אַריין דורך אַ פאַראַדנעם טויער אין דער איינציקער הויפּט־גאַס „רעוואָלוציאָן". דאָס ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן, איז — „קאָ־קאָ־קאָלאָ".

אַ גאַנצע וואָך איז דאָ שטיל; נאָר אין די רו־טעג קאָכט דאָ ווי אין אַ בינענשטאָק מיט אַמעריקאַנער און מיט היימישע — פון נאָענט און ווייט קומט מען אַהער איינהאַנדלען מציאות.

נאַכט־קלובן, קאַבאַרייען, ביר־הייזער געפינען זיך איינס איבערן אַנדערן. שיכורע מאַטראָזן פילן־אָן די גאַסן. די אַמעריקאַנער שלעפּן אונטער די אָרעמס זייערע באַטרונקענע פראַנצויזישע קריגס־קאַמעראַדן, אין די בלויע היטעלעך מיט רויטע קוטאַסן, און שרייען: „וויוואַ לאַ פראַנס!"

אַ באָרוועס ייִנגעלע, מיט אַ קעסטעלע און שיך־בערשטלעך, לויפט אונדז נאָך: „לימפּיא" — פאַר איין ניקעלע וועט ער אויס־גלאַנצן אונדזערע שיך.

אויף אַן אייגנאַרטיק וועגעלע, די גרויס ווי אַ גענעץ, מיט טיי־פּישע הויכע רעדער, צו וועלכע עס איז איינגעשפּאַנט אַ קליין גע־שטרייפט אייזעלע, שטייט אַ ווייסער עמער, איינגעדעקט מיט אַ האַנטוך — דאָס פאַרקויפט דער באָרוועסער באַלעגאָלע הייסע „טאַקאָס".

די ווייבער זיינען אַריין אין אַ סואוועניר־געשעפט עפּעס איינ־קויפן, וואָרום — ווי קומט מען דאָס אַהיים אָן אַ סואוועניר? און מעלווין און איך שפּאַצירן דערווייל. פון אַ זייטיק פינצטער געסל רוקט זיך אַרויס אַ פראַנטל, פיין אָנגעטאָן, מיט פאַרשניצטע, לייי־טישע וואָנסעלעך, און טוט אַ שעפּטשע אויף האַלב ענגליש: „ווילסט גיין זען שיינע יונגע מיידלעך? מעקסיקאַנער, פּאָרטאָ־ריקאַנער" — פאַר טשיקאַוועטש וועגן גייען מיר אים נאָך.

אַ טונקל, טוכלע הויז, מיט אַ סך קליינענקע שטיבעלעך, באַלויכטן מיט אַ מאַט־ראָזעווע ליכט. עס שטעלן זיך אויס סינאָריטאָס איינער נעבן דער צווייטער, ווי אין אַ „באַרבער־שאָפּ״ די שערערס ביי זייערע שטולן, און וואַרטן איר זאָלט זאָגן, צו וועלכער אייער האַרץ גלוסט... אַ רחמנות נעמט אַרום צו קוקן אויף די נאָך גאָר יונגענקע קינדער, וואָס פאַרקויפן זייערע לייבער צו די מאַטראָזן און געסט פון זייער אַמעריקאַנער שכן...

***

מיר מוזן זיך צואיילן, כדי ניט צו פאַרשפּעטיקן דעם אָקסן־קאַמף. אין היינטיקן „בול־פאַיט״ באַטייליקט זיך דער באַרימטער מעקסיקאַנער פילם־אַקטיאָר קאַנטיפלאַס. ער ווערט דאָ, זאָגט מען, פאַררעכנט פאַר דעם מעקסיקאַנער טשאַרלי טשאַפּלין. אַ בילעט אין דער שאָטנדיקער זייט קאָסט אַ סך געלט; אין דער זוניקער זייט — בלויז קאַרגע דריי דאָלער.

דאָס פּלאַץ אין טיאַוואַנאַ, וואו דער אָקסן־קאַמף קומט־פאָר, נעמט אַריין טויזנטער מענטשן. דער עולם איז אַ געמישטער: מעקסיקאַנער, אויסגעפּוצטע אין גרויסע קאַפּעליושן, „סאָמבעראָס״, וואַזשנע אַנגעטאָן, געקומען פון ווייטע שטרעקעס. פון די עלעגאַנט־פאַרפּוצטע, קאָקעטישע פרויען שמעקט אָדע־קאָלאָן. מען זעט אָבער אויך אָרעמע פרויען און מענער, אין לאַפּטשעס, באָרוועסע, מיט פּיצלעך קינדער, איינגעהילטע אין שאַלן, — אָרעם און רייך, יונג און אַלט זיינען פאַרטאָן אין אָקסן...

עס הויבט זיך אָן מיט אַ פּאַראַד פון אויסגעפּוצטע רייטער אויף זשוואַווע פערדלעך. נאָך זיי גייען די מעטאַדאָרן, וואָס וועלן זיך באַטייליקן אין היינטיקן ספּעקטאַקל, — אַלע אין קאָסטבאַרע, זילבערנע און גאָלדענע קאָסטיומען. דער ריזיקער עולם באַגעגנט זיי מיט אָוואַציעס.

דער ערשטער אָקס, אַ׳ יונגער, שווערער, מיט גרויסע, שפּיציקע הערנער, וועלכן מען האָט אַריינגעלאָזט אין דער אַרענע דורך אַ שמאָלן דורכגאַנג, בלייבט שטיין אַ צעטומלטער. קענטיק, אַז ער איז אַ לאַנגע צייט געהאַלטן געוואָרן אין דער פינצטער, ווערט ער פאַרבלענדט פון דער שאַרפער זון. אַ באַדינער שטעכט אים אַריין אין קאַרק אַ לאַנגע, דינענקע שפּיז מיט אַ רויטער בלום ביים קעפּל.

עס הויבט זיך אָן די ווילדע סצענע מיטן רויטן טוך. דער מעטאַדאָר, באַהאַנגען מיט קמיעות, וואָס דאַרפן איםביישטיין אין אַ עת־צרה, איז גראַציעז און פאָכעט פלינק מיטן טוך. דער אָקס איז צערייצט, — דער ערשטער קינזשאַל שטעקט שוין צווישן זיינע הערנער. דער עולם ליאַרעמט „וויוואַ! הוראַ! מאַגניפיסאָ!" אָבער דאָ צעיאָגט זיך דער אָקס מיט אימפּעט און קראַכט אַריין מיט די הערנער אין רייטער. דאָס פערד קערט זיך איבער און שלעפּט־מיט דעם מעטאַדאָר, וועלכער ראַטעוועט זיך קוים דורך אַריבערשפּרינגען איבערן פּלויט. ער גיט אָבער נישט אויף דעם קאַמף. נאָך אַ לענגערן געפּעכט שלעפּט מען אַרויס דעם אָקס אַ טויטן.

עס באַווייזט זיך קאַנטיפלאַס, אַ קליינער, אַ דאַרער, זעט אויס ווי אַ נעבעכל — זאָל דאָס קאָנען אַוועקלייגן אַן אָקס?

קאַנטיפלאַס איז אָנגעטאָן אין איינפאַכע קליידער, אַביסל פון קאָמישן אויסזען. ער שטייט גרייט. קומט אַריינצולויפן אַ קליין שעפּסעלע, און עס ווערט אַ געלעכטער. אָבער אָט שטייט שוין אַן אָקס, שוואַרץ און גלאַנציק. קאַנטיפלאַס שפּילט זיך מיט אים, און איידער וואָס־ווען זיצן שוין צוויי מעסערס אין קאַרק פונעם אָקס...

קאַנטיפלאַס פּראַוועט קאָמישע שטיק מיטן אָקס, נאָר פאַרן עולם איז דאָס ווייניק. „בלוט! טויט דעם אָקס!", צעשרייען זיך טויזנטער קולות. אַזוי איז דער מנהג פון לאַנד, אויף דעם האָט מען זיי דערצויגן...

יעדעס קאָרופּטירטע לאַנד, האָט זיך זיינע וועגן, ווי אַזוי איינ־צושלעפערן די מאַסן, כדי זיי צו האַלטן אין כאָמעט.

# דעפּרעסיע

אין לויף פון דער צייט האָב איך גענומען זיך באַ־קענען מיט דער אַמעריקאַנער געשיכטע און אירע גרויסע געזעץ־געבערישע פּרינציפּן. איך האָב געלייענט די „דעקלאַראַציע פון אומאָפּהענגי־קייט" און זיך געפילט דערהויבן מיט איר דערהויבנקייט. איך האָב שטודירט די קאָנסטיטוציע מיט אירע גאַראַנטיעס פאַר פרייער רעדע ביי פרידלעכע פאַרזאַמלונגען און פרייע פּרעסע פאַר אַלע — אָן שום חילוק פון הויט־קאָליר, אָפּשטאַם, אָדער רעליגיע.

איך האָב זיך דערוואוסט וועגן דער „מאָנראָו דאָקטרין", וועגן לינקאָלנס „געטיסבורגער רעדע" און זיין קאַמף פאַר באַפרייען די נעגערס — „אַלע מענטשן זיינען גלייך געבאָרן, גלייכע רעכט פאַר אַלע" — און אויך וועגן רעכט פון פאָלק צו קאָנען ענדערן, אָדער אָפּשאַפן די רעגירונג, אויב זי רעגירט נישט אין גייסט פון די קאָנסטיטוציאָנעלע פּרינציפּן.

איך האָב זיך אָבער אויך דערוואוסט וועגן דער „היימאַרקעט טראַגעדיע", וועגן די מעשים־תעתועים פון „קוקלוקס קלען", וועגן קאָרופּציע און שווינדל אין די העכסטע פלעצער...

הואווער האָט דעמאָלט געפּרוווט פאַרטשאַדען די אָנקומענדיקע דעפּרעסיע מיט רעדעס וועגן „אַ 'טשיקן' אין יעדן טאָפּ און אַ אויטאָמאָביל אין יעדן 'גאַראַדזש'" — — דערווייל קראַכן באַנקען און אַרבעט־וויליקע וואַלגערן זיך אין בלעכענע בודקעס און בעטן אַ „ניקל" אין די גאַסן...

אויך איך פאַר זוכן אַרבעט פאַר מיינע פאַרמאַזאָליעטע הענט און וואָגל אַרום — וואו געטאָגט, דאָרט נישט גענעכטיקט...

און אָט שטיי איך ביים קבר פון דוד עדעלשטאַט, אין דענ־ווער, קאָלאָראַדאָ:

„אַ גוטע פריינט, ווען איך וועל שטאַרבן,
טראָגט צו מיין קבר אונדזער פאָן,
די פרייע פאָן מיט די רויטע פאַרבן,
באַשפריצט מיט בלוט פון אַרבעטסמאַן" — —

דאָס ליד האָט מען געזונגען אין לאָדזש אויף באַריקאַדן, מיט דעם ליד האָט מען באַגלייט די געפאַלענע אין די שטורעם־טעג פון 1905. דאָס און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע לידער זיינען געווען שטאַרקער פון שפּיזן, נאַגייקעס און טורמעס.

פאַנאַנדערגעוויקלטע, פלאַטערדיקע רויטע פאָנען זיינען גע־טראָגן געוואָרן פון אַרבעטער, מענער און פרויען, וואָס האָבן גע־לעבט אין קעלערס, אויף בוידעמער, צווישן חרובע, ווילגאָטנע ווענט.

***

שפּעטער ווערט שרה מיין באַגלייטערין, מיין מיטפאָרערין. אין צווייען איז מען האָפערדיקער, מוטיקער, מער געשטאַרקט.

פאָרן מיר אָפט „אויפן גראָבן פינגער": איך באַהאַלט זיך הינטער אַ בוים און אַזוי שנעל ווי די פיר רעדלעך שטעלן זיך אָפּ, שפּרינג איך אַפיר פון באַהעלטעניש, און מיר פאָרןביידע. אָבער נישט תמיד געלינגט עס. פּאַסירט אָפט — דער אָנטרייבער דערזעעט אַ מאַן, כאַפּט ער הענדום־פּענדום און לאָזט אונדז ביידן מיט אַ נאָז...

אויף דעם אופן זיינען מיר אָנגעקומען אין ניו היווען. כדי צו זיין זיכער מיט די קאַרגע צוויי הונדערט דאָלער, וואָס האָבן זיך „געוואַלגערט" ביי אונדז אין אַ „קניפּל", טראָגן מיר אַריין די העלפט אין „העמדען באַנק" און דעם רעשט אין „בראָדוויי באַנק". ס'איז גראָד געווען די צייט, ווען די פינאַנץ־זיילן האָבן זיך צע־טרייסלט, — און — אַ דאַנקען גאָט, וואָס מיר האָבן מער נישט פאַרמאָגט...

קראָמען זיינען געווען אָנגעפילט מיט אַלדאָס גוטס, זיך גע־בעטן ביי דורכגייער: „קויפט, עסט — וואַרעמע קליידער פאַר אייער לייב, מילך און האָניג פאַר אייערע קינדער". נאָר גיי קויף, אַז פאַבריקן זיינען געשלאָסן, קוימענס רויכערן נישט, אַפילו אויף

וואָל־סטריט איז אַ מהומה און גבירים שפּרינגען פון „עמפּאַיר סטייט בילדינג״...

אין ניו הייווען זיינען אָנגעקומען הונגער־מאַרשירער פון ראָוד איילאַנד, קאָנעדיקוט און מאַסאַטשוזעטס. נעגערשע צוזאַמען מיט ווייסע אַרבעטער האָבן זיך פאַרזאַמלט אין „צענטראַל גרין״ און געפאָדערט ברויט, אַרבעט, מילך פאַר קינדער, אַ דאַך איבערן קאָפּ.

אַרבעטסלאָזע האָבן מאַרשירט איבער דער לענג און ברייט פון לאַנד. דאָס פּיצעלע שטעטל וואָטערבארו, קאָנעדיקוט, האָט אַרויס־געפירט אין די גאַסן צען טויזנט דעמאָנסטראַנטן. אַ ריזיקער הונ־גער־מאַרש האָט זיך געצויגן קיין וואַשינגטאָן, צום ווייסן הויז. צווישן די אַמעריקאַנער לידער האָבן זיך אויך געהערט די לידער פון באָוושאָווער, עדעלשטאַט, ווינטשעווסקי, און אַזוי איז דאָס ליד פון די היימישע רעוואָלוציאָנערן געוואָרן איינס מיטן ליד פון אַמעריקאַנער האָרעפּאַשניק.

# אין שיקאַגאָ

אין אַזאַ צייט קום איך צוריק אין דער גרויסער שיקאַגאָ, די גרעסטע מיטל־מערב אינדוסטריעלע שטאָט. איך זוך אַרבעט כאָטש פאַר איין דאָלאַר אַ טאָג.

די שטאָט איז געווען גרוי, — געדיכטע וואָלקנס הענגען אי־בער דעכער. אַ גאַנצע נאַכט איז געפאַלן דער שניי, איצט איז ער קויטיק, פאַררויכערט, און דערדריקט נאָך מער דאָס שווערע געמיט און דעם ליידיקן מאָגן.

אין די מיינסטע אַרבעטער־היימען איז קאַלט און פינצטער, מחמת די גאַז און עלעקטריק איז געשלאָסן פאַר נישט־באַצאָלטע חובות. באַשטענדיקע אַרבעטער זיינען צו שטאָלץ צו גיין בעטלען הילף ביי די שטאָט־טאַטעס. אָבער דאָס קינדערשע געוויין נאָך עסן איז שטאַרקער און ברעכט דעם שטאָלץ. כאַפּט מען זיך אַריין אין „רעליף ביוראָ" דורך אַ הינטער־טיר, בגנבה, — און מען דער־וויסט זיך, אַז קיין בעטן און בעטלען העלפט אויך ניט.

ערשט איצט זעט־איין דער הילפלאָזער מענטש, אַז זיין איינ־ציקער וואָפן, צו שטילן דעם הונגער, איז געמיינזאַמע אַקציע. איבערנאַכט וואַקסן־אויס אָרגאַניזאַציעס פון דרייסטע, פּראָגרעסיווע מענטשן פון אַרבעטער־קלאַס, וועלכע שטעלן זיך איין פאַר גע־קריוודעטע, שעמעוודיקע און נויט־באַדערפטיקע.

דער האָמבאָלדט פּאַרק איז געווען פול מיט דעמאָנסטראַנטן. טויזנטער מאַמעס און טאַטעס האָבן זיך פאַרזאַמלט נעבן רעליף ביוראָ מיט פּלאַקאַטן אין הענט און געפאָדערט ברויט, מילך און מעדיצינישע הילף.

פּאָליציי האָט ניט געשוויגן. זיי זיינען געשטאַנען גרייט מיט „קלאָבס" און קוילן. אויפן דאַך פון „וואולוואָירט" האָבן זיך באַ־וויזן מאַשין־ביקסן. ס'האָבן אויסגעבראָכן געשלעגן צווישן פּאָליציי

און דעמאָנסטראַנטן. קאַלבעס, רעוואָלווערן אין פּאָליציייִשע הענט האָבן געשפּאָלטן קעפּ, און די הונגעריקע האָבן זיך געווערט מיט שטיינער, שטעקנס און „סאָלידאַריטי פאָר עווער". דאָס געזאַנג האָט מער צעטומלט די געזעצהיטער, ווי דער אָרגאַניזירטער ווי־דערשטאַנד.

וועטעראַנען פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ סך אָן הענט, אָדער אָן פיס, האָבן געקראָגן די „פּריווילעגיע" צו פאַרקויפן עפּל אין די גאַסן. אַזוי זײַנען טויזנטער העלדן געוואָרן געשעפטסלײַט איבער אַ גאַנץ קעסטל עפּל — „אַ ניקל אַן עפּל"... ס'איז אַפילו געשאַפן געוואָרן אַ לידל, געזונגען מיט דער מעלאָדיע פון „קו־פּיטיע בובליטשקע":

„קויפט שיינע עפּעלעך, העי, רויטע עפּעלעך —
קיין אַרבעט איז שוין לאַנג נישטאָ.
אין הויז איז ווי און ווינד,
עס הונגערט ווייב און קינד —
קויפט שיינע עפּעלעך, העי־האָ!"

קיין סך איבעריקע ניקעלס האָט דער ברייטער עולם נישט געהאַט, האָבן די פאַרשעמטע מלחמה־העלדן צוביסלעך אַליין אויפ־געגעסן „ס'געשעפט" און זיך אָנגעשלאָסן אָן די רייען פון די הונ־גער־מאַרשירער.

מוראדיקע בילדער פון יענער צייט האָבן זיך טיף אייַנגע־קריצט אין מוח.

אַ לאַנגע ריי אויסגעהונגערטע מענטשן איז געשטאַנען ביי דער טיר פון דער „רעליף־ביוראָ", געבלאָזן אין די פאַרפרוירענע הענט, אונטערגעטאַנצט, צו דערוואַרעמען די גלידער אין צוויקנדיקן פראָסט, און געשאָלטן... עס קומט־אָן אַ מחנה מענטשן מיט פּלאַ־קאַטן: „נעמט אַרויס די פּאָליציי פון די רעליף ביוראָס". ריטמישע שטימען הילכן: „מילך פאַר קינדער! ברויט, באַהייצונג!". אַ ברייטפּלייציקער יונג מיט לאַנגע געזונטע הענט העלפט מיט־שרייען. ענדלעך קומט זיין ריי און ער גייט אַריין דורכן שמאָלן טירל. אַ יונגע פרוי מיט דינענקע ליפּעלעך קוקט אים אָן מיט זייער ניט קיין פריינטלעכע אויגן:

— מיט אַזעלכע פּלייצעס און הענט קומט מען בעטן „רעליף״ ?

— אַזעלכע פּלייצעס און הענט ווילן אויך עסן — וויצלט זיך נאָך דער בחור — פון מיין אַפּעטיט זאָל מען אַפּגעהיטן ווערן...

— ס׳אַ געזעץ — ענטפערט אים שוין דער פּאָליסמאַן — אומ־פאַרהייראַטע קריגן נישט קיין הילף.

— זומער קאָן מען נאָך שלאָפן אין פּאַרק און עסן גראָז — בעט זיך דער יונג — אָבער איצט, ווען די ביינער טרעשטשען פון פראָסט...

— נעקסט ! — רופט־אויס דער פּאָליסמאַן און שאַרט אים אַוועק אין אַ זייט.

ער האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן. אַן אַנדערן האָט מען שוין פאַר אַזאַ „חוצפה״ אַרויסגעפירט אַ צעבלוטיקטן.

עטלעכע טעג שפּעטער שטייט דערזעלבער בחור ווידער פאַר דערזעלבער פרוי. זי צעשרייט זיך גיפטיק:

— מיר האָבן דיר שוין געזאָגט, אַז קיין אומפאַרהייראַטן קאָנען מיר ניט העלפן! טויזנטער פאַמיליעס מיט קינדער שטייען אין ריי און לאָזן נישט לעבן!

דער בחור שלעפּט אַרויס פון קעשענע אַ שטייף פּאַפּיר און לייגט עס אַוועק אויפן טיש:

— אָט איז מיין חתונה־פּאַפּיר. לעצטע וואָך אַרויסגענומען. איך האָב זיך נישט געקאָנט העלפן. אין צווייען, האָב איך גע־טראַכט, איז לייכטער. איצט בין איך שוין פאַרהייראַט, פאַרהייראַט! איז גוט ?...

די פרויקע שטעלט־אָן אויף אים אַ פּאָר גלאָצערס, טוט זיך אַ קראַץ מיטן בלייפעדער אין די געפאַרבטע האָר, קוקט איינ־זייטיק אויפן פּאַפּיר און טוט אַ שעפּטשע מיט די דינע ליפּעלעך: „סמאַרט״... ווי כיטרע!

***

אַנטקעגן מיין גאַס, אין אַ הינטער־הויף, איז געשטאַנען אַ הייזל, וועלכעס מ׳האָט קוים אַרויסגעזען. צעקרומט, אָפּגעשיילט, מיט אויסגעהאַקטע שויבן. ביים אַריינגאַנג איז געשטאַנען אַ פאַר־וואַרלאָזטער יאַטקע־קלאָץ, — דער איינציקער סימן, אַז אַמאָל איז דאָ געווען אַ פלייש־געשעפט.

ווען ניט דאָס אָפּגעשליסענע מיידעלע, וואָס באַוויזט זיך אויפן הויף מיט אַ קויטיקער קאַץ, ווען די זון שיינט דאָרט אַמאָל, וואָלט קיינער ניט געגלויבט, אַז דאָ וואוינט אַ מאַמע מיט דריי קינדער.

נישט געווען מיט וואָס איבערצוקומען אַ טאָג, — ווער רעדט שוין וועגן באַצאָלן דירה־געלט...

איז די מוטער אַוועק אין רעליף־ביוראָ און מיטגענומען די דריי קינדער, — אפשר וועט מען רחמנות האָבן.

האָט מען זי אויסגעהערט, אַלץ פאַרשריבן און געהייסן גיין אַהיים — זאָל זי וואַרטן, ביז די „קעיס" וועט דערליידיקט ווערן.

אַהיימגעקומען, דערזעט זי מענטשן פאַר איר הייזל — און איר גאַנצע באַלעבאַטישקייט ליגט צעוואָרפן איבערן הויף: צוויי צע־פאַלענע בעטן, אַ וואַש־ברעטל, אַ פאַר צעקרומטע בענקלעך, אַ שענקל מיט ביכער און עטלעכע צעקנוידערטע קליידער.

דאָס האָט דער „לענדלאָרד" זיי „געזעצלעך" אַרויסגעשטעלט פאַר נישט באַצאָלן קיין דירה־געלט.

די צעשראָקענע קינדערלעך צעוויינען זיך. אָבער די מוטער זעצט זיך אַוועק אַ שטומע צווישן די צעוואָרפענע זאַכן, און וואַרט... זי וואַרט אויף דער רעליף־ביוראָ — אפשר וועט מען רחמנות האָבן...

און — ניט ווייט פון יענעם פּלאַץ, אויף 157 וועסט גרענד, איז נאָר־וואָס פאַרענדיקט געוואָרן אַ נייע היים פאַר — הינט און קעץ, וועלכע האָט אָפּגעקאָסט אַ קיילעכיקע סומע פון פינף־און־זיבעציק טויזנט דאָלאַר. דאָס איז איינער פון די מאָדערנסטע היי־זער מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן — אַ פּאַלאַץ. אין פאַרהויז — אַ אינפאָרמאַציע־טיש. אַ פּראַכטפולער אָפיס מיט אַ נעץ טעלעפאָנען. אַ קליניק מיט מאָדערנסטע איינריכטונגען, אַפילו אַן עקס־רעי־לאַבאָראַטאָריע, מיט דאָקטוירים, אַסיסטענטן, „נוירסעס", באַדינער, אַ באַזונדערער שטאַב ספּעציאַליסטן — אויף קראַנקע מענטשן גע־זאָגט געוואָרן. טויזנטער אַמעריקאַנער קינדער וואָלטן געווען פון די גליקלעכסטע צו באַקומען אַזאַ צערטלעכע באַהאַנדלונג. איז דאָך עפּעס אַמעריקע דאָס לאַנד פון רייכע, גוט־האַרציקע מענטשן, וואָס באַזאָרגן אַפילו שטומע באַשעפענישן...

**

און נאָך אַ חידוש האָט שיקאַגאַ — די מויז „מיני". זי איז באַרימט געוואָרן איבער נאַכט. די מוזיק־וועלט פון שיקאַגאָ גייט כּאַדאָראָם. ערשט נעכטן איז מיני געווען אַ מויז ווי אַלע מייזלעך, געלעגן אין אַ לאָך פון אַ קעלער און מיט מורא געוואַרט אויף אַ גינסטיקן מאָמענט זיך מיט עפּעס אונטערצולענען ס'הערצל... היינט האָבן זיך מוזיק־ליבהאָבער, „וויסנשאַפטלייט", אַרטיסטן, געשעפטסלייט אַ לאָז־געטאָן און מען וויל פון מינין מאַכן אַ „מענטש".

ס'איז די „זינגענדיקע מויז". געפונען האָט מען זי אין אַ קעלער פון אַ קינדער־היים, און טאַקע די קינדער האָבן די ערשטע אַנטדעקט איר „געזאַנג".

„מיני" האָט שוין אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט מיט דער „נעשאָנאַל בראָדקעסטינג קאָמפּאַני". מ'האָט זי געשטעלט אויף אַ ספּעציעלער דיעטע און זי איז פאַרזאָרגט אויף איר גאַנץ מויזיש לעבן.

ס'מזל פון אַ מויז — ווערן אַ „סטאַר" איבער נאַכט. אָבער פּונקט ווי אַן אמתער אַמעריקאַנער „קינסטלער"...

אַ גאָלדן לאַנד אַמעריקע, וואָס פאַרלאָזט ניט — גאָט צו דאַנקען — אַפילו אירע מייז...

# אויף אָפּרו

מיינע טריט זיינען דעמאָלט נאָך נישט געווען קיין זיכערע, מיין וועג נאָך נישט קיין אויסגעטראָטענער, כאָטש איך בין אויף אים געגאַנגען זינט מיין קינדהייט. איך האָב געקוקט אויף דער וועלט מיט אָפענע אויגן, אָבער ניט געזען גענוג קלאָר אירע ווידערשפּרוכן. האָט פּאַסירט, אַז איך בין געפאָרן אין אַ קעמפּ, ניט ווייט פון ניו־יאָרק. עס איז געווען מיין ערשטע וואַקאַציע אין לויף פון מיינע דרייסיק יאָר.

אין קעמפּ איז רואיק. אַ מילדער זומער־אָוונט. איך האָב גע־קוקט צום אויסגעשטערנטן הימל, זיך צוגעהערט צו דער שטיל־קייט פונעם אַרום, וואו זשוקלעך האָבן זיך געפרייט מיט דער איינ־זאַמקייט פון דער נאַכט, און דאָס קליינע טייכל האָט מיט אַ ווייך קול דערציילט מעשיות.

דער קעמפּ איז געשלאָפן. ווען איך האָב זיך צוגעלייגט, האָבן זילבערנע לבנה־שטראַלן זיך אַריינגעגאָסן דורך מיין קליין פענצ־טערל.

אויפגעוועקט האָט מיך דאָס קרייען פון אַ האָן פון אַ דערביי־איקן דאָרף. ער האָט זיך צעקרייט מיט אַזאַ גדלות, גלייך אַן זיין קרייען וואָלט די זון ניט אויפגעגאַנגען.

אויף מזרח האָבן זיך דורכגעריסן די ערשטע רויטלעכע זון־פלעמלעך. דאָ און דאָרט האָט זיך שוין באַוויזן אַ קעמפּער, און די באַנגעלעך איז געוואָרן „לעבעדיק״.

דער עס־זאַל איז אָנגעפילט מיט חברשאַפט. פרעמדע זיינען געוואָרן אייגענע, איין גרויסע משפחה.

איבערן זאַל טראָגט זיך אַ שטיל געזאַנג. יעקב שייפער, וועל־כער זיצט פונקט אַנטקעגן מיר, שמייכלט צופרידן.

עס איז שטיל געוואָרן — „אַלגין וועט האַלטן אַ לעקציע״. פּנימער האָבן אויפגעלויכטן. גרויס איז די דערוואַרטונג.

**
*

אַ וואַרעמער נאָכמיטיק. אויף אַ בערגל הינטער אַן אַלטן, געדיכט־באַצווייגטן בוים זיצט יונג און אַלט, — מ'וואַרט מיט געשפּאַנטקייט.

עס באַווייזט זיך אַלגין מיט זיין אייגנאַרטיקן גאַנג. פּנימער לייכטן־אויף — פרייד אין אַלעמענס הערצער. ס'איז די ליבע צום לערער און וועג־ווייזער.

אַלגין רעדט:

„...מען דאַרף נאָר קאָנען זען מיט אָפענע אויגן דעם גאַנצן אומגעהויערן פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אין לאַנד, אַז דאָס מינדסטע געפיל פון פאַרצווייפלונג זאָל זיך ניט קאָנען אַריינגנבענען אין האַרצן אויף קיין איינציקער מינוט — —

„ווען מען קוקט אויף דער וועלט דורך אַ רויט־געפאַרבט גלאָז, פאַרענדערט זיך דער הימל און די ערד...

„אַ נעפּל פאַרהילט איצט אַמעריקע פון עק ביז עק...

„מען דאַרף דאָס פאָלק דערוועקן, די בלאָנעס אַראָפּנעמען...

„אַ וועלט מיט אַרבעט, חברים!"

אַרום איז שטיל, — מען קאָן הערן דאָס קלאַפּן פון פּולס. יוגנט זאָגט נאָך אין דער שטיל יעדעס וואָרט.

אַלגינס אויגן לויכטן מיט באַגייסטערונג. ער רעדט איצט וועגן דעם נייעם לאַנד, וואָס בויט סאָציאַליזם אויף אַ זעקסטל פון דער ערד, פון וואַנען ער איז אָקאָרשט צוריקגעקומען — —

אומדערוואַרט בלייבט אַלגין שטיל, טוט אַ טיפן הייזעריקלעכן הוסט, צעשמייכלט זיך און ווענדט זיך צום עולם:

— נו, וואָס זיצט איר אַזוי ווי פאַרגליווערט? זייט איר פון אַלץ צופרידן וואָס איך דערצייל? וואָס שווייגט איר? ווי לאָזט מען עס אַ מענטשן אַליין רעדן אַזוי לאַנג? רייסט איבער, שטעלט פראַגן! נו, מאַכט עס לעבעדיק!

נעמען זיך אַ שאָט טאָן אַ ריי פראַגן:

— ווי אַזוי ווערט דאָרט געלייזט די נאַציאָנאַלע פראַגע?

— וואָס פאַר אַ ראָל שפּילט דאָרט די פרוי?

— וועט דער סאָוועטן־פאַרבאַנד אויסהאַלטן, ווען מען וועט אים באַפאַלן אין אַ מלחמה?

— איז דערלויבט רעליגיע צו פּראַקטיצירן ?
— קענען מאַמעס האַלטן אייגענע קינדער ?...
צען פּראַגן, — צוואַנציק — אין די צענדליקער.
— אָט אַזוי האָב איך ליב, — איז אַלגין צופרידן — מען דאַרף זיך לערנען פון דעם סאָוועטישן מענטשן. זיי דאַרטן וועלן ניט לאָזן אַ פירער רעדן די גאַנצע צייט און אַליין שווייגן.

אַלגין ענטפערט מיט זיכערקייט און מונטערקייט. עס רעדט זיין טיפער גלויבן, אַז סאָציאַליזם וועט זיגן, גערעכטיקייט וועט טריאומפירן.

מיר דאַכט, אַז יענעם נאָכמיטיק איז עס געווען, ווען איך בין געוואָרן אַ פאַרשטענדיקער, באַוואוסטזיניקער מענטש.

און ווען איך בין מיט אַ צייט שפּעטער נאָכגעגאַנגען נאָך אַלגינס לוויה — געזען שטראָמען מענטשן פון וואַרשטאַטן און קראָמען, ווייסע און שוואַרצע, שרייבער און קינסטלער און קינדער פון די שולן, וועלכע האָבן מיט געבויגענע קעפּ געטרויערט אויפן פאַרלוסט פונעם גרויסן פירער — זיינען מיר אויך קלאָר געוואָרן פּרצעס ווערטער:

„ווייסע, שוואַרצע, ברוינע געלע, —
מישט די פאַרבן אויס צוזאַמען.
אַלע מענטשן זיינען קינדער
פון איין טאַטן, פון איין מאַמען".

# III

## פּאַריז — 1946

איך האָב געהאַלטן דעם צוזאָג, וואָס איך האָב געגעבן מיין מוטער: אין 1946 זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין פּוילן — אין דעם נייעןֿ, פרייען פּוילן מיט, צום גרויסן צער און ווי, אַזאַ קליינער צאָל יידן...

די שיף „דזשאָן עריקסאָן" האָט אין דער גרויסער באַפרייאונגס־מלחמה קעגן נאַציזם און פאַשיזם געפירט צענדליקער טויזנטער אַמעריקאַנער באַוואָפנטע סאָלדאַטן אַהין און צוריק איבערן אַטלאַנטיק — איצט שטייט זי אין ניו־יאָרקער האַפן און וואַרט אויף אונדז, „ציווילע". איך פאָר איבער פּאַריז קיין פּוילן, ווידער צו זען „מיין" לאָדזש, וועלכע האָט קורץ פאַר דער מלחמה פאַרמאָגט קאַרגע זיבן הונדערט טויזנט איינוואוינער, צווישן זיי כמעט אַ פערטל מיליאָן יידן.

מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך די שטאָט פאַרלאָזט. איצט פאָר איך זוכן אַ שפּור פון מיינע שוועסטער און ברידער, פעטערס, מומעס, פלימעניקעס, — איז דען מעגלעך, אַז אַלע זיינען אומגעקומען?

געוועזן אַמאָל אין לאָדזש עטלעכע יידישע טעאַטערס, — איז כאָטש איינס געבליבן? וועל איך באַגעגענען אימעצן פון מיינע אַמאָליקע חברים, מיט וועלכע איך האָב אין חדר און אין תלמוד תורה געלערנט?...

איך שטיי אויפֿן דעק פֿון שיף פֿאַרזונקען אין זכרונות און באַ־מערק אַפֿילו נישט, ווען ס'נעמט קלאַפּן און זידן אין די געדערעם פֿון דער שיף. פֿאַוואָליע שווימען מיר אָפּ פֿון ברעג. גרויסע מעוועס זייַנען אונדזערע באַגלייטער. און באַלד ווערט דער גאַנצער אַרום פֿאַרלוירן פֿון אויג. מען זעט שוין בלויז דעם ווייטן בלויען הימל און שטורמישע כוואַליעס פֿון ים, און אויפֿן האַרץ ווערט, ווי אַ פֿרומען ייִדן יום־כּיפּור צו כּל־נדרי...

די גאַנצע צייַט פֿון פֿאָרן איבערן אַטלאַנטיק זייַנען מייַנע רעיונות פֿאַרנומען מיט דערינערונגען פֿון דער ווייטער און נאָענטער פֿאַרגאַנגענהייט. שטוין איך, ווען די שיף דערנענטערט זיך צו לע־האַווער, — שוין?...

די פּאַסאַזשירן פֿעדערן זיך. איך פֿיל אַזוי פֿיל פֿרייד, און דאָך ווער איך אומרואיק. עס באַהערשט מיך עפּעס אַ מאָדנע גע־פֿיל, אַז ס'ווילט זיך ווייַנען... די שיף גיט דעם לעצטן אויסגע־צויגענעם פֿייַף, מאַטראָזן וואַרפֿן אַריבער שטריק, זיי נעמען אַר־בעטן ווי די בינען.

איך באַטראַכט דעם פּאָרט, און זע צום ערשטן מאָל דעם שאָדן, וואָס די היטלעריסטן האָבן געמאַכט.

שרה קומט צולויפֿן אָן אָטעם:

— זיסל, דייַן שוועסטער, דייַן ברודער זאַוול מיט דייַן גע־שוועסטערקינד און דער שוואָגער יאָסל זייַנען דאָ!

פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַן אומדערוואַרטע פֿרייד, — ס'איז דאָך ערשט געווען נאָכן קעלצער פּאָגראָם אין פּוילן... ס'האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיק קלאַפּן און טרערן האָבן גענומען שטראָ־מען.

אַ שעה שפּעטער האָבן מיר זיך געהאַלטן אַרומגענומען און נישט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. ס'האָט זיך געמישט פֿרייד מיט געוויין. יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן זיך דערמאָנט אין נאָענטע, אין אייגענע, וואָס זייַנען פֿאַרציקט געוואָרן צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן ייִדן, האָט אַ שטראָם געטאָן אַ פֿרישער קוואַל טרערן.

מיר זייַנען אַרייַן אין צוג, וואָס איז געשטאַנען גרייט פֿאַר די שיף־פּאַסאַזשירן. מיר זייַנען געווען פֿינף אין אַ „קאָמפּאַרטמענט": מייַן שוועסטער און ברודער, שרה, איך און אַ פֿרעמדער. מייַן שוועסטער זיסל האָט פֿאַרגרייט אַ שטיקל „סעודה" לכּבוד די אָמע־

ריקאַנער געסט. זי האָט אויסגעלייגט אַביסל עסן און אַלץ מיר געקוקט אין פּנים, ווי וועלנדיק זיכער זיין מיטן פאַקט, אַז דאָס איז טאַקע איר ברודער פון אַמעריקע, וואָס זי האָט דערלעבט צו באַגעגענען.

אויך דער פרעמדער האָט אויפגעשטעלט דאָס טישעלע, וואָס איז צוגעפּעסטיקט צו דער וואַנט ביים פענצטער, אַרויסגענומען אַ פּעקעלע עסן — אייער, וואורשט, פרוכטן — פּאַמעלעך געקייעט און זיך צוגעהערט צו אונדזערע שמועסן.

דאָס איז געווען דער פּוילישער גענעראַל־קאָנסול פון פּאַריז, טאַמאַס פּיעטקאָ. ער איז צוריקגעפאָרן פון אַ פּוילישן מיטינג, וואָס האָט פאַרדאַמט די באַנדיטן פון אַנדערס' אַרמיי און פּראָטעסטירט קעגן אַמעריקע פאַר קעכלען די פירער פון פּוילישן „אונטער־גרונט", וועלכע שעכטן פּוילישע דעמאָקראַטן און יידן.

— ווייסט מען ביי אייך — פרעגט ער מיך נאָך אַ קורצן גע־שפּרעך — אַז ענגלאַנד צאָלט זיבן טויזנט זלאָטעס צו אַנדרעס' אונטערגרונט־באַנדיטן אין פּוילן פאַר יעדן רויט־אַרמייער, וואָס זיי וועלן טויטן? ווייסט איר, אַז ווען ניט ענגלאַנד, וואָלט קיין קעלצער פּאָגראָם ניט געווען און קיין טראָפּן יידיש בלוט וואָלט נישט פאַרגאָסן געוואָרן נאָך דער מלחמה? דאָס איז געווען פאַר אונדז אַן אַליאַרם, אַז אונדזער רעגירונג אין פּוילן איז אַרומגע־רינגלט מיט אינערלעכע און אויסערלעכע שונאים.

דאָס איז געווען מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט אַ רעגירונגס־מענטש פון דעם נייעם פּוילן. ער איז אַ געוועזענער קוילן־גרעבער, און איז אַ שונא פון פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

— איך פאַרזיכער אייך, — זאָגט ער — אַז אין דעם נייעם פּוילן וועט דער אַנטיסעמיטיזם אויסגעראָטן ווערן צוזאַמען מיט די באַנדיטן, וואָס ווילן צעשטערן די נייע פּוילישע רעפּובליק.

— נו, און דאָ, אין פראַנקרייך?

— דאָ וועלן די באַר־קאַמאַראָווסקיס און די אַנדרעסעס ניט וואַגן אַריבערטרעטן די שוועל — מען וואָלט זיי פאַרשטיינערט.

***

אין פּאַריז זיינען מיר אָנגעקומען, ווען ס'איז שוין געווען שטאַרק פינצטער. די גאַסן זיינען געווען מאַט באַלויכטן. ביים באַן האָט

מע אונדז באַגעגנט מיט בלומען. לויטער יונגוואַרג — עוועלין, ראָזין, בערטאַ, זשאַק, שאַרלאָט. עס איז געווען אַן אומבאַשרייב־לעכער מאָמענט אין מיין לעבן. נאָר מיין ייִנגסטער ברודער, משהלע, איז צו דער באַן נישט געקומען...



משהלע

(ר. פּאָזנערס ברודער, אומגעקומען מיט פרוי און קינדער אין די גאַז־קאַמערן אין פראַנקרייך)

אונדזער משהלע מיטן „וואַסער בייכל"... אַ שיין פּנימעל געהאַט, פול מיט קליינע. געראָטן אין דער מאַמען. נאָר אַ קרענק־לעכער געווען. איז די מאַמע מיט אים געפאָרן קיין טשאַכאָטשינעק, דאָרט וועש געוואַשן, אַ ציבעלע מיט ברויט געגעסן, אַבי ראַטעווען דאָס קינד. און ווען זי האָט אים זעקס חדשים שפּעטער צוריקגע־בראַכט אַ געזונטן, איז ער געוואָרן דער מאַמעס „קרוין פון קאָפּ". אַלע האָבן אים ליב געהאַט; ער האָט פאַרמאָגט דער מאַמעס חן און איר גוטסקייט.

משהלע איז געוואַקסן אַ שטאָלצער, אַ גראָד־ליניקער. נאָך נישט קיין צוואַנציק יאָר, איז ער אַנגעקומען אין פּאַריז, דאָרט צו „אָטעמען מיט גרויס־וועלטלעכער קולטור פון אַ פרייער וועלט", צו בויען אַ נעסט און אַ צוקונפט...

ער האָט דאָ געלעבט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער — שוין אין פּאַריז געבוירענע. אָבער ער און די פרוי האָבן קיין וואוינרעכט נישט געהאַט. נאָך פאַר דער מלחמה האָט די רעאַקציאָנערע, פּראָ־פאַשיסטישע רעגירונג איינגעפירט ווייסע, גרינע, רויטע און אַלערליי „פּאַפּירלעך", און אַלע האָבן געמיינט פריער, אָדער שפּעטער — דעפּאָרטאַציע...

ביז היטלערס קנעכט האָבן אים נישט דעפּאָרטירט, נאָר פאַר־שיקט אין אַ לאַגער.

די ערשטע צייטן האָבן אַ סך יידן געקאָנט זיך ראַטעווען — פשוט אַרויסשפּאַצירן פון לאַגער און נעלם ווערן. מיין ברודער איז אָבער געווען אַ שניידער אַ פאַכמאַן, און מען האָט אים אין לאַגער „גוט באַהאַנדלט" — האָט ער געטענהט: „צו וואָס דאַרף איך אַנטלויפן און ווערן פאַרפאָלגט אין פּאַריז פון זשאַנדאַרן, אַז דאָ בין איך זיכער"...

האָט ער געאַרבעט מיט די לעצטע כחות, ביז היטלערס גאַז־קאַמערן האָבן אים מיט דער פרוי און די צוויי קינדערלעך פאַר־ציקט...

אויך איידל, מיין יינגסטע שוועסטער איז נישט געקומען... די זשאַנדאַרן האָבן זי אַ קראַנקע, אויף אַ טראָג־בעטל אַריינגעוואָרפן אין „שוואַרצן וואָגן"...

זיי זיינען אונדז געשטאַנען פאַר די אויגן ביים עסן און לייגן זיך, אין דער היים און אויפן שפּאַציר — — מיר האָבן גערעדט

מיט זיי, הגם קיין ענטפער נישט געהערט... איידל און משה זיינען אַלע מאָל געווען מיט אונדז.

***

פאַריז איז נאָך אַלץ שיין און פאַרלאָקנד מיט אירע גלאַטע, ברייטע בולוואַרן בלענדנדיקע אויסלאַגעס. אמת, דער אויבנאויפיקער גלאַנץ פון פאַר דער מלחמה איז פאַרשוואונדן. אויף הייזער הענגען בראָנזענע שילדלעך מיט אַ קרענצל בלומען צום אָנדענק פון די געפאַלענע מאַקיס, פאַרטיזאַנען, וואָס האָבן פאַר אַ רגע נישט אָפּגעשטעלט דעם קאַמף קעגן די היטלעריסטן. נאָך אַ טאָג פאַרן אָנטגילטיקן זיג זיינען קעמפער געפאַלן אויף די שוועלן פון אָט־די הייזער פאַר דער באַפרייאונג פון פאַריז... אָבער אין די רייכע קאַפעהייזער און קאַבאַרעטן שימערירן נאָך אַלץ קריש־טאָלענע קאַנדעלאַברעס און ברילִיאַנטן אויף די „מאַמזעלס" פינגער. און די פראַכטפולע „אָפּערא נאַסיאָנאַל" ווערט נאָך אַלץ באַזוכט פון רייכן קלאַס פראַנצויזן, ענגלענדער און אַמעריקאַנער. דער פראַנצויזישער אַרבעטער קאָן צו דעם ניט צושמעקן.

עס איז געווען נאָר־וואָס נאָך דער מלחמה און אַ סך מענטשן האָבן געבענטשט די רויטע אַרמיי. האָט פאַריז אָנגערופן גאַסן מיט די נעמען פון די העלדישע רוסישע שטעט — סטאַלינגראַד, סעוואַסטאָפּאָל אד"גל.

און אַז מען האָט — צום קעגנזאַץ — געגומען דערציילן, אַז פיל אַמעריקאַנער סאָלדאַטן אין פאַריז האָבן נאָך דער באַפרייאונג דע־זערטירט, געוואָרן אַנפאַלער, שוואַרץ־מאַרק הענדלער, פאַרגוואַל־טיקער — האָט עס מיר וויי געטאָן...

אָבער קאָן מען עס פאַרגלייכן מיטן וויי און צער, וואָס האָט אונדז אַרומגענומען, ווען אייגענע און פרעמדע האָבן גענומען דער־ציילן וועגן דעם, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אונטער דער נאַצי־שער אָקופּאַציע?...

# אין וויקטאָר הוגאָ פּאַרק

ס׳פּאַרקל איז קליין און איינגעדאַרט. אָפּגעקראָ־
כענע בוימער, טרוקענע צווייגן, דאָ און דאָרט באַמבלען זיך אַ פּאָר
גרינע בלעטער. די לופט איז אַ שווערע. אויף אַ באַנק זיצט אַן
אַלטע פרוי — הויט און ביין. נעבן איר שפּילט זיך אַ טיפּיש
יידיש יינגעלע פון אַ יאָר פיר, און אַ מיידעלע, אַרום אַ צען יאָר
אַלט.ביידע טראָגן קליידעלעך פון געקעסטלט געוואַנט. קאַנטיק —
אַ שוועסטערל מיט אַ ברודערל. איך זעץ זיך צו: „באָנזשור״ —
„באָנזשור״. דאָס יינגעלע, שפּילנדיק זיך, מאַכט מיט אַ ריטל אַ
צלם אין זאַמד. דאָס שוועסטערל פאַרווישט דעם צייכן און צע־
שרייט זיך אויף אים: „איצט ביסטו נישט מער קיין קאַטאָליק!
ביזט אַ ייד״.

דאָס יינגעלע צעוויינט זיך.

די אַלטע פרוי קוקט אויף מיר אַ פאַרשעמטע און פּילט
אַפּנים, אַז זי דאַרף פאַר מיר קלאָר מאַכן די ערשט־פאַרגעקומענע
סצענע:

— דאָס זיינען מיינע אייניקלעך — דערציילט זי — קודם האָט
מען צוגענומען מיינע איידעמס, דערנאָך די טעכטער... האָבן גוטע
מענטשן אויסבאַהאַלטן די פּיצלעך קינדער אויף דער „ווישע״־
זייט — אין אַ קלויסטער...

— נישט געווען קיין שום אַנדערער אויסוועג? — פרעג איך.

— וואָס רעדט איר... — ווייזן זיך טרערן ביי דער אַלטער
אין די אויגן — און די „ברוינע״ יידעלעך, מיינט איר, זיינען גע־
ווען בעסער? פּונקט ווי די דייטשן. די דייטשן האָבן עס געמאַכט
זייער „העפלעך״. אַ דייטש איז אַ הענקער, וואָס טראָגט אַ צי־
לינדער, פראַק און ווייסע הענטשקעס... נאָכדעם, ווי ער פאַר־
ציט דעם שטריק איבערן קרבנס האַלדז, שטויבט ער זיך אָפּ די

פינגער... ווען אַ דייטש האָט באַמערקט אַן אַלטע יידישע פרוי אין „מעטראָ”, האָט ער זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ און איר גע־הייסן זיך זעצן. דערנאָך האָט ער „העפלעך” אַ זאָג געטאָן: „ביטע, דרייען זי זיך אויס” — און אַ צי געטאָן דאָס צינגל פון רעוואָל־ווער... די „ברוינע” יידעלעך האָבן עס געמאַכט בלויז אַביסל מער כיטרע: מיין אידעם איז געווען אַ וואָך אינדערהיים, נאָכ־דעם ווי מ'האָט אים באַפרייט פון מיליטער. האָבן זיי פריער ביי אים אויסגענאַרט אַלץ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט און שפּעטער אים אי־בערגעגעבן צו די הענקער...

— איז עס אמת — פרעגט זי פלוצים — אַז ביי אייך אין אַמעריקע פאַרפאָלגט מען די נעגערשע מענטשן? ווען מיר זיינען אַנטלאָפן אויף דער „ווישע”־זייט, האָבן מיר אין אַ סך פלעצער גע־טראָפן אויפשריפטן: „אַריינגאַנג פאַר שוואַרצע, יידן און אַזיאַטי־שע — פאַרבאָטן”. האָט מען דאָרט ביי אייך גאָרנישט געלערנט פון דעם?

וואָס האָב איך געקאָנט דער אַלטיטשקער ענטפערן?...

# יינגלעך דערציילן

יעכצן יינגלעך זיינען זיי געווען אין דער געטאָ — פון די רייכסטע און די אָרעמסטע עלטערן. יינגלעך, וואָס האָבן זיך דערצויגן אין טיפע בלאָטעס און גרויס דחקות, און יינגלעך, וואָס האָבן געהאַט פון כל־טוב — פרייד, זונשיין און צערטלעכ־קייט: יחזקאל דיזשעווסקי, יעקב קאַפּעלוש, לייזער בעדעק, נאַטאַן מענדל הערשקאָוויטש, לעאָן שמעלצמאַן, נאַטעק קלוגמאַן, איזראַעל קאָווסקי, מרדכי ווייזמאַן, יעזשיק זיסקינד, לעאָן פרידמאַן, יאָסל גרינבאום, ישראל אָוונער, אברהם טשאַפּניק, מאַרעק לאַדינסקי, יודל גאָלדבאַום און יאַן עגבער.

ווען מען האָט מיך מיט די יינגלעך צוזאַמענגעפירט אין פּאַ־ריז, ביי אַ באַגעגעניש מיט די באַאַמטערס פון דער דאָרטיקער „סאָסייעטי דעז אַמי דע לאָדזש", איז עס געווען איינער פון די וויניק גליקלעכע מאָמענטן, וואָס איך האָב דורכגעלעבט אויף מיין רייזע איבער אייראָפּע.

אין אָנפאַנג האָבן זיי נישט גערן גערעדט. אָבער קוים האָט איינער אָנגעהויבן דערציילן, זיינען אַנדערע אים אַריינגעפאַלן אין די רייד, ווי מורא האָבנדיק דורכצולאָזן איינעם פון די גרויזאַמע מאָמענטן:

— ווען מען האָט אונדז אין 1940 אַריינגעטריבן אין געטאָ, איז דער עלטסטער פון אונדז אַלט געווען דרייצן יאָר און דער יינגסטער ניין יאָר. פון הונדערט און צען טויזנט יידן זיינען אין אַ קורצער צייט געבליבן נישט מער ווי פערציק טויזנט.

— ווען די געטאָ איז שוין געווען כמעט „יודן־ריין", זיינען מיר מיט דעם גרעסטן און לעצטן ליקווידאַציע־טראַנספּאָרט אין 1944 אָנגעקומען אין אָשוויץ. פון די פינף טויזנט לאָדזשער יידן, וועל־כע האָבן זיך געפונען אין דעם טראַנספּאָרט, זיינען אין געציילטע וואָכן געבליבן לעבן עטלעכע הונדערט. אַלטע לייט זיינען באַלד

ביים אָנקומען דערשאָסן געוואָרן, אָדער דערשטיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.

— איר זייט פון אַמעריקע, — מישט זיך אַריין אַן אַנדע־רער — איר וועט דאָס נישט פאַרשטיין.

— פון אָשוויץ האָבן אונדז די נאַציס געשיקט קיין בירקענאַו. און ווען מיר זיינען אַהין אָנגעקומען, קוים צוויי שעה שפּעטער, האָבן מיר איינער דעם צווייטן ניט דערקענט...



צוויי פון די זעכצן יינגלעך

— די דייטשן האָבן ביי אונדז צוגענומען די קליידער, דאָס לעצטע העמד, וואָס מיר האָבן געהאַט אויפן לייב, און געשלאָגן מיט אייזערנע ריטער, מיר זאָלן זיי געבן געלט.

— געלט, נאָך פיר יאָר פּנים אל פּנים מיטן טויט...

— פיר אַזייגער פאַרטאָג האָבן די נאַצי־וועכטער געטריבן צו דער אַרבעט און ווידער געקאַטעוועט ביז בלוט. צוועלף מענטשן האָבן געקראָגן איין שיסל ברודיקע וואַסער פאַר „אָנבייסן".

— דאָס האָט באַדאַרפט זיין „זופּ". און צו „מיטאָג" האָט זיך דאָס זעלבע איבערגעחזרט.

אַפילו קיין לעפל האָבן זיי נישט געגעבן, כדי אונדז צו דער־נידעריקן.

— קוים האָט איינער געפעלט צום „אַפּעל", האָבן אַלע גע־מוזט שטיין אין די גרעסטע רעגנס און קעלט, ביז מען האָט יע־נעם געפונען אַ טויטן, אָדער אַ לעבעדיקן.

— וועט איר דאָס קאָנען פאַרשטיין און באַנעמען?

— אויף די יונגע לייבער זיינען נאָך געבליבן סימנים פון די מערדערלעכע דייטשישע קלעפּ...

— שפּעטער, ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער ב׳ 7619, האָבן די מערדער שוין מער נישט געזוכט קיין אויסרייד אויף צו הרגענען. פאַר אַ קרומער מינע, וואָס איז זיי ניט געפעלן, איז דאָס לעבן געווען אין סכנה.

— פון פאַרטאָג ביז ביין אין אָוונט האָבן מיר געאַרבעט אָן עסן.

— „ווער עס וועט בלייבן לעבן, קריגט אַ פּאַרציע ברויט", האָבן די דייטשישע מערדער איבער אונדז זיך איזדעקעוועט.

— דענקט אייך די פרייד, וואָס האָט אונדז באַהערשט, ווען מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די רוסישע אַוויאַציע.

— וועט איר גלויבן, אַז פאַר פרייד זיינען אַ סך געשטאָרבן?

— ווי פאַרסמטע מייז האָבן די היטלער־העלדן גענומען לויפן... אָבער זיי האָבן נישט אָפּגעלאָזט די קרבנות. זיי האָבן אונדז גע־טריבן קיין בוכענוואַלד, און פון דאָרט קיין טערעזיענשטאָט.

— די, וואָס זיינען געבליבן היגטערשטעליק אין מאַרש, זיינען אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן. דעם גאַנצן וועג האָבן מיר גע־טראָטן אויף טויטע קערפּערס...

— נאָך צוויי טעג, איידער די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַ־פרייט, זיינען מיר געווען אַכציק טויזנט לעבעדיקע מענטשן, און געבליבן זיינען קוים צוואַנציק טויזנט.

— ווען עס דויערט נאָך איין טאָג לענגער, וואָלט קיין איין לעבעדיקער נפש נישט געבליבן.

— און נאָך דער באַפרייאונג?

— נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר זיך געפונען אין אַמע־ריקאַנער הענט. מיר האָבן געוואָלט נקמה נעמען. אָבער די אַמע־ריקאַנער זיינען געווען צו ווייכהאַרציק און נישט דערלאָזט קילן אונדזער בלוט...

זיי זיינען אַנטשוויגן געוואָרן, און אויך איך האָב געשוויגן. איך האָב בלויז טיף אַריינגעקוקט אין זייערע אויגן, און איך גלויב, אַז מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען...

# צו כל־נדרי

אין 1942 האָבן די נאַציס אויפגעריסן אַלע שולן אין פּאַריז. אויף אַ סאַדיסטישן אופן האָבן זיי צעשטערט און צעריסן אַלע הייליגקייטן. דאָך גיי איך אויפן „פּלעצל" זוכן אַ שול. ס'איז פאַר כל־נדרי — אפשר...

יידן מיט מחזורים און טליתים אונטערן אָרעם קומען־אָן פון פאַרשידענע ריכטונגען. איך גיי נאָך זיי.

מיר קומען צו אַ האַלבער חורבה — אַ שולעכל מיט אַ גייעם פּראָנט צוגעבויעט. מ'דאַרף אַרונטערגיין אויף טרעפּלעך.

די שול איז שוין כמעט פול. אויף די הינטערשטע בענק זיצן פרויען, אין פּראָנט מענער. איןביידע אָפּטיילונגען טוליען זיך קינדערלעך צו די עלטערע.

די זון האָט נאָך ניט אויסגעצאַנקט די לעצטע שטראַלן, וואַרט מען אויף כל־נדרי און יידן גיסן דערווייל אויס ס'האַרץ איינער פאַרן צווייטן. וועגן וואָס שמועסט מען, אויב נישט פון די פאַר־גאַנגענע גרויזאַמע טעג?... מען ווייזט זיך פאָטאָגראַפיעס — „מיין ווייב" — „מיינע קינדער" — —

„צו וואָס האָט מיר גאָט געשאָנקען ס'לעבן — זיפצט אַ זקן, ווייס ווי אַ טויב, אפשר אַ ניינציקער — גוטע גוים האָבן מיך געראַטעוועט. צו וואָס? אַז איך בין איינער אַליין אויף דער וועלט... נו, מסתם דאַרף עס אַזוי זיין"...

דערציילט אַ מיידל: „מען האָט אונדז אָפּגעשוירן די האָר, אָנגעטאָן אין באַל־קליידער און אין פּראָסט, נישט דעם אָטעם צו כאַפּן, האָט מען אונדז געלאָזט מאַרשירן אין אַ קרייז. די מערדער האָבן גענומען פאָטאָגראַפיעס און געכיכיקעט פון אונדזער הולך...

„מיר האָבן אָבער געהאַט אַ שטילן אָפּמאַך, נישט צו לאָזן ברעכן אונדזער מוט, ביז מען וועט אונדז נישט ברענגען אויפן שייטערהויפן"...

אַ קליין מיידעלע, מיט בלאָנדע לאָקן און גרויסע ליכטיקע אויגן האַלט אין איין מאָנען ביי דער מוטער: „מאַמע, ווען וועט שוין פּאַפּאַ קומען? דו האָסט דאָך געזאָגט...״

די מוטער ענטפערט בלויז מיט אַ שטראָם טרערן פון אירע אויגן...

דער חזן האָט זיך געשטעלט זאָגן כל־נדרי, און אַ כליפּעריי האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן שולעכל.

אַ מיידל פון אַ יאָר פופצן שטייט צוגעשפּאַרט מיטן קאָפּ צו דער קאַלטער זייל פון באַלעמער און איר פאַרשטיקט קול וויינט־אויס אַ געבעט: „מאַמעשי, טאַטע, וואו זיינט איר? פאַרוואָס קומט איר נישט צוריק?״...

איר קליין שוועסטערל, מיט לאָקן און סאַמעט־ברוינע אויגעלעך בעט זיך ביי איר אין דער שטיל מיט אַזוי פיל קינדערשער צאַרטקייט: „ריזשעלע, גענוג, מ׳טאָר ניט וויינען, אַזוי האָט די מאַמע געזאָגט״...

אַן עלטערע פרוי הויבט די הענט צום הימל און אירע טרוקענע ליפּן האָבן טענות צום רבונו־של־עולם: „פאַרוואָס, פאַרוואָס?... אַזעלכע געראָטענע, טייערע קינדער... וואָס טויג מיר איצט מיין לעבן?... צו וועמען זאָל איך גיין און וואו זאָל איך זיך קערן?...

זי פאַרשטיקט איר געוויין מיטן פּנים אין מחזור...

אַ הויכער, בלאָסער ייד מיט אַ בלאָנד פראַנצויזיש בערדל האַלט צערטלעך אַרומגענומען אַ צען־יאָריק יינגל און טייטלט אים מיטן פינגער אין מחזור. פּלוצים הויבט־אויף דאָס קינד די אויגן צום פאָטער: „פּאַ, אַפילו צו כל־נדרי וועט די מאַמע ניט קומען?״...

אַזוי פיל ליכט, אַזוי פיל... פאַר יעדן קדוש אַ ליכט. אַזוי פיל קדושים...

אַ דושנע, טרויעריקע אומעטיקייט האָט געהערשט אין שול. ליפּן האָבן נאָכגעזאָגט דעם חזן און אין איין אָטעם געשעפּטשעט וועגן די פאַרשניטענע לעבנס פון שוועסטער, ברידער, עלטערן און קינדער...

געענדיקט כל־נדרי און מיר זיינען אַרויס פון שול. די גאַסן זיינען געווען פינצטער. וואו ניט וואו האָט אַ פּאָנאַר געצאַנקט מיט

אַ מאַטער שיין און צוגעגעבן אומהיימלעכקייט די אַלטערטימלעכע שמאָלע באַרג־אַראָפּ און באַרג־אַרויף געסלעך. אַ קיל ווינטל האָט אונדז אַרומגענומען — ס׳האָט זיך געפּילט דאָס אָנקומען פון האַרבסט. אַ בלעטל פון אַ בוים איז צוגעפאַלן צו מיין טראָט, — אַ געל, פאַרוויאַנעט בלעטל. איך הויב עס אויף, באַטראַכט עס און וואַרף עס אַוועק.

מיט וואָס איז דען דער מענטש חשובער געוועןֹ?...

# דאָס געוועזענע מאָרד־לאַגער דראַנסי

דראַנסי, פּיטיוועי, דאָס זיינען נעמען, וואָס יידן און ניט־יידן דערמאָנען מיט שוידער. דאָס זיינען געווען לאַגערן, וואוהין מען האָט פאַרשלעפּט צענדליקער טויזנטער מענטשן און צום טויט געשיקט.

די מערהייט קרבנות זיינען דורכגעגאַנגען דראַנסי, וואָס ליגט ניט ווייט פון פּאַריז. דעם מאָרד־לאַגער האָבן די דייטשן באַשאַפן אין 1941. צום ערשטן מאָל זיינען מאַסן יידן פאַרשלעפּט געוואָרן אין דעם לאַגער דעם 16טן יולי 1942. דעם זעלבן טאָג זיינען דורכגעפירט געוואָרן שחיטות איבער יידן און ניט־יידן אין אַ ריי שטעט. אין טועל, זיבן הונדערט מייל פון פּאַריז, האָבן די נאַציס אויפגעהאָנגען הונדערט פראַנצויזן, אין אַ שעכט־הויז — פּשוט אויפגעהאָנגען אויף די האַקעס, ווי אָקסן...

אַפילו נאָך איצט וואַרפן־אָן די געביידעס אַ מורא סיי פון דרויסן, סיי פון אינעווייניק. די פינף זעכצן־שטאָקיקע הייזער ניט ווייט פון פּאַריז, זיינען געבויעט געוואָרן פאַר אַרבעטער פון שטאָל און צעמענט. אָבער אונטער די ווישי־פאַררעטער און די נאַציס זיינען די הייזער געוואָרן דער טויטן־לאַגער פאַר יידן און פאַר ווידערשפּעניקע פראַנצויזן.

אַ סך דעמאָנסטראַציעס האָט די פראַנצויזישע באַפעלקערונג דורכגעפירט קעגן די הענקער פון דעם לאַגער. פיל האָבן מיט זייער לעבן דערפאַר באַצאָלט. אָבער לעבעדיק איז קיינער פון דאָרט ניט אַרויס. פון דראַנסי איז געגאַנגען דער וועג קיין אָשווויענטשים, אָדער טרעבלינקע. ספּעציעלע באַנען זיינען געפאָרן הין און צוריק. נאָך איצט ליגן דאָ די רעלסן פון זיי.

אין דריי געביידעס האָבן געוואוינט די זשאַנדאַרמעריע און די

נאַציִשע מערדער. דער לאַגער איז געווען פאַרצוימט מיט שטעכיק דראָט. מען זעט נאָך איצט די „בונקערס“ פון צעמענט און שטאָל, דורך וועלכע עס האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט די מיילער פון קאַנאָנען. די שויבן פון די פאַרגראַטעוועטע פענצטער זיינען געווען שוואַרץ געפאַרבט, אַז קיין שטראַל זון זאָל זיך ניט אַריינגנבענען.

עס נעמט שעהן־לאַנג דורכצוגיין די אַלע אינקוויזיציע און „שטראָף־קאַמערן“, וואו די קרבנות זיינען דערשטיקט, אָדער דערשלאָגן געוואָרן צום טויט. עס שטעלט זיך אָפּ דער מענטשלעכער שכל, ווען מ׳לייענט בלויז די אויפשריפטן אויף די ווענט, געשריבן פון קרבנות, וועלכע האָבן געוואוסט זייער גורל...

דאָ זיינען געזעסן און אומגעקומען געלערנטע און פּשוטע פאָלקסמענטשן, פרומע און ראַדיקאַלן, קאָמוניסטן און אומפּאַרטייאישע. מען דערקענט דאָס אין די לאַזונגען אויף די ווענט, געשריבן אויף יידיש, דייטש, העברייאיש און פראַנצויזיש. די דאַטומס דערציילן דעם אָנהויב און דעם סוף פון טויזנטער יידישע זין און טעכטער.

אָט הענגט נאָך אויף אַ וואַנט אַ בינטל דאַרע צווייגן מיט אַן אויפשריפט: „מוטיק געלעבט, מוטיק געשטאָרבן“.

און אויף אַנדערע ווענט:

„מיין מאַמען און קינדער וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן — פּרץ אַלבערט“.

„קריגער סיימאָן, פון בריסעל, איז דאָ געווען“.

„די, וואָס גייען אַוועק, זאָלן היטן די, וואָס בלייבן לעבן“.

„מיר רופן די לעבעדיקע צו זיין פאַראייניקט“.

„„זאָל לעבן די פרייהייט! נעמט נקמה!“

„ווער עס האָט געלערנט תנ״ך, ווייסט וואָס עס באַדייטן די פיר ווערטער ׳מנא, מנא תקל ופרסין׳“...

מ׳זאָגט, אַז אָט־די ווערטער האָט אויסגעקריצט דער קדוש יצחק קאַצענעלסאָן.

היסטאָריקער וואָלטן געדאַרפט זאַמלען פאַר דער אייביקייט די טראַגישע נעמען און אויפשריפטן. די קאַלטע ווענט זיינען באַשפריצט מיט זודיק יידיש בלוט...

ס׳נעמט־אָן ממש אַ גרויל, ווען מען דערמאָנט די איצטיקע

„לאַזונג״ אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע: „לאָמיר זיין מילד צו דייטשלאַנד״ . . .

***

— דאָ, אויפן הויף — ווייזט מיר אָן ביים אַרויסגיין סאַראַ, אונדזער באַגלייטערין — איז געווען איין וואַסער־קראַן פאַר טויזנט פרויען. יעדן טאָג פונקט איינס אַזייגער האָט געקלונגען אַ גלאָק, צום צייכן, אַז מ׳קאָן נעמען וואַסער. דעמאָלט האָבן אַלע טירן זיך אויפגעפּראַלט און מיט אַרויסגעהאַנגענע צונגען און אויסגעסטאַר־טשעטע אויגן האָט מען זיך אַ לאָז געטאָן אין געלויף נאָך וואַ־סער. אַ געריסעריי, אַ שטופּעניש — מ׳האָט געטראָטן איינע אויף דער צווייטער. דאָס האָבן דייטשן גערופן „קאַרניוואַל״. פּונקט פינף מינוט נאָך איינס האָבן די הויכרעדנער זיך צערעוועט: „דער קאַרניוואַל איז פאַריבער!״ די היטלעריסטן זיינען געשטאַנען אין אַ ראָד מיט מאַשין־ביקסן און געהיט די פּינקטלעכקייט. ווי דער, וועלכע איז אַ סעקונדע לענגער געשטאַנען ביים וואַסער. סיי ווי זיינען יעדן טאָג געבליבן ליגן צעטראַמפּלטע טויטע קערפּערס נאָך דער רייסעריי ביים „וואַסער טרינקען״.

***

ס׳איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען מיר זיינען, פאַר־מאַטערטע, צעבראָכענע, אַריין אין סאַראַס הויז. איר טעכטערל, חנהלע, איז געלעגן אין בעטל, איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ. דערהערנדיק עמעצן אין שטוב, האָט זי אין שרעק זיך אויפגעזעצט.

— פאַרוואָס שלאָפסטו ניט, מיין קינד? — גלעט זי סאַראַ אי־בערן קעפּל.

— כ׳האָב מורא . . .

— פאַר וועמען, מיין קינד? דאָס זיינען אייגענע, געסט פון אַמעריקע. ביטאָ וואָס זיך צו שרעקן.

דאָס קינד דערפרייט זיך מיט אונדז, אָבער באַלד באַפאַלט זי ווידער אַן אַנגסט און זי נעמט ווי זיך פאַרענטפערן פאַר אונדז:

— מ׳זאָגט, אַז עס געפינען זיך נאָך אפשר טויזנט פאַרשיסטן

אין פּאַריז. זיי ליגן באַהאַלטן און וואַרטן ביז די קליינע קינדער וועלן גרויס ווערן. אַיאָ, מאַמע, איך בין נאָך אַ קליינע? אַז כ׳וועל גרויס ווערן...

— שלאָף, מיין גאָלד, דאַרפסט מאָרגן גיין אין שולע.

— מאַמע...

— וואָס איז, קרוין?

— פאַרוואָס קומט נישט דער טאַטע? — ווייזט דאָס קינד אויף אַ בילד, וואָס הענגט אויף דער וואַנט — דו האָסט געזאָגט...

— יאָ, מיין קינד, אַזוי האָב איך געמיינט...

— מאַמע, כ׳האָב ניט ליב, אַז דו וויינסט...

און דאָס קינד אַליין צעוויינט זיך.

לויטן בילד, איז דער פאָטער געווען אין די דרייסיקער, מיט שטאַרקע קינבאַקן, אַביסל אַ מאַנגאָלישער אויסזען, די האָר געדיכט, פאַרקעמט אויף אַרויף, דאָס העמד ביים האַלדז אָפן — דער טיפּ פון אַן אינטעליגענט.

מיר האָבן זיך צוגעזעצט ביים טיש און סאַראַ האָט גענומען דערציילן:

— צוויי יאָר האָט חנהלע זיך געפונען צווישן פרעמדע מענטשן, נאָכדעם ווי ער, לעאָן, איז געפאַלן אין שלאַכט. ער איז געווען אָנגעשלאָסן אָן די „מאַקיס". אין דער צייט בין איך אויסגעווען אין פּאַריז אין אַלע פאַרבאָטענע פלעצער — געזאַמלט געווער, פאַר די קעמפער. מער ווי איין מאָל האָט נאָר געפעלט איין טראָט — און אָט בין איך אין זייערע לאַפּעס. אָבער מיין האַס צו די דייטשן איז געווען גרעסער ווי די שרעק פאַרן טויט. און איצט אַז לעאָן איז נישטאָ...

אַ שטיל געוויין האָט דערשטיקט אירע ווערטער אין האַלדז.

קוקנדיק אויפן בילד, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז לעאָנס ליפּן באַוועגן זיך, ווי ער וואָלט וועלן טרייסטן זיין יונגע אלמנה: „כ׳בין געפאַלן פאַרן כבוד פון מיין פאָלק און פאַר דער מענטשהייט — ווילשע אַנדערש?"...

# אויף אייביק זייער אָנדענק

ווער האָט געוועקט און געגעבן מוט די אַלע צענד־ליקער טויזנטער, וואָס האָבן אין געשלאָסענע רייען זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם בלוטיקן שונא?

דעם 24טן אויגוסט 1944, ווען פּאַריז האָט שוין געיובלט מיט זיג, זיינען נאָך אין די גאַסן פון פּאַריז געפאַלן אַרבעטער פון נאַציִשע קוילן. דאָס איז געווען די לעצטע, אַנטשיידענע שלאַכט קעגן די דייטשישע אָקופּאַנטן. די מאַרמאָרנע און בראָנזענע טאָוולען כמעט אויף יעדער גאַס אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן דערציילן די געשיכטע פון די געפאַלענע, וועלכע האָבן געגעבן זייער לעבן אַ שעה פאַר דער באַפרייאונג.

מער ווי פּראָפּאָרציאָנעל האָבן יידישע אַנטינאַצי־קעמפער זיך באַטייליקט אין די אַלע שלאַכטן. יידישע פּראָגרעסיווע פרויען דערציילן, ווי אַזוי זייערע מענער זיינען אומגעקומען, ווי זיי האָבן די קינדער אויסבאַהאַלטן אין די דערפער און אַליין קיין איין טאָג נישט פאַרלאָזט פּאַריז, כדי צו העלפן ברענגען די מפּלה פונעם דייטשישן אָקופּאַנט.

די יידישע פּרעסע האָט אָנגעפירט מיט דער פּראָפּאַגאַנדע. „אונזער וואָרט" איז אַרויס אין מאַסן אומלעגאַלע קאָפּיעס. אַ טייל מיטאַרבעטער זיינען דערביי אומגעקומען, אָבער דאָס אומלעגאַלע קאַמפּס־וואָרט איז מוטיק געטראָגן געוואָרן אין יעדן ווינקל פון יידישן לעבן.

אָט איז אַ ליד פון יענער צייט, וואָס האָט געוועקט דעם מוט פון די יידן אין די לאַגערן:

„אונדזער מוט איז נישט פאַרלאָרן,
ס'איז דאָס לעבן וואונדער־שיין —

ס׳קלינגט פון ווייטן דער נצחון
איבער אַלץ, וואָס איז געמיין.

„זעט, די וועלט זי בליט שוין ווידער,
ווי יעדעס יאָר אין יעדן מאַי —
אַלע מענטשן זיינען ברידער,
ס׳מוז די וועלט דאָך ווערן פריי!

„אין דער היים דאָרט וייב און קינד
ווילן אונדז נאָך איינמאָל זען —
אונדזער מוט וועט ווייזן וואונדער
און דער נס וועט דאָך געשען.

„העכער, העכער פון באַראַקן
זאָל זיך הויבן אונדזער ליד!
ס׳איז פאַר יעדן די ערד צעאַקערט
און דער קאָרן פאַר יעדן בליט״.

***

מיר זיינען געשטאַנען ביי זייער מאַסן־קבר אויף „פער לאַשעז״, וואָס איז דורכגעווייקט פון טאָג־טעגלעכע טרערן פון טאַטעס, מאַ־מעס, קינדער און חברים, וועלכע קומען באַוויינען זייער בראָך... מאַסן מענטשן זיינען אַהין עולה־רגל. וואָס פאַראַ קאָנטראַסט צו דער אומהיימלעכער שטילקייט, וואָס הערשט אַרום די קברים פון סאַראַ בערנאַרד און איזידאָראַ דאַנקאַן!...

מיט געבויגענע קעפּ זיינען מיר שטיינגעבליבן ביי דער קאָ־מונאַרן־וואַנט. פרישע בלומענקרענץ דעקן־איין זייער געביין.

צווישן די קברים פון לואיז מישעל, דאָמבראָווסקי, אויגוסט בלאַנק, ווראָבלעווסקי — דער קבר פונעם דרייצן־יאָריקן יינגל וויאַלאַ, וואָס איז געפאַלן אין שלאַכט מיט די ראָיאַליסטן פאַר דער פאַריזער קאָמונע — —

פונקט ווי צווישן די אין קרעמאַטאָריומס פאַרצוקטע ליגט

דאָס צוועלף און אַ האַלב־יאָריק יינגל, וואָס איז געפאַלן אין גע־
ראַנגל קעגן די דייטשישע מערדער — —

פאַריזער יידן געדענקען זיי, ווי זיי געדענקען די נעמען פון
דוד פליסקין, יאָסל צוקער, וו. וויעוויאָרקע, עוזר וואַרשאַווסקי,
מוניע נאַדלער — —

יענע, ווי די — קעמפער פאַר אַ פרייען פראַנקרייך, פאַר אַ
פרייער וועלט — —

אויף אייביק זייער אָנדענק.

# מיר פאָרן אין דער אַלטער היים

כאָטש איך בין געווען אין פּאַריז אַרומגערינגלט מיט וואַרעמקייט פון מיינע נאָענטסטע, וואָס זיינען לעבן געבליבן, האָט עס מיך דאָך געצויגן צום נייעם פּוילן. זיסל האָט געוויינט, איך זאָל נישט פאָרן — זי האָט מורא... אָבער טוער פון פּוילישע יידן אין פּאַריז, די פריינט אַלפרעד גראַנט, לואי פיינער, האָבן מיר געהאָלפן און דערמוטיקט יאָ צו פאָרן. שרה האָט זיך ניט גע־שראָקן. און ווען דער טייערער חבר מ. מירסקי האָט צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע פון פּוילן: „אַלץ אין בעסטער אָרדענונג. מיר דער־וואַרטן אייער קומען", האָבן מיר איינגעפּאַקט און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

קעלן איז געווען די ערשטע דייטשישע שטאָט, וואו די „אינ־טערנאַציאָנאַלע באַן" האָט זיך אָפּגעשטעלט. אָבער מיר זיינען גע־בליבן אין די ליידיקע וואַגאָנען מיט קוים געציילטע פּאַסאַזשירן. איך האָב נישט געוואָלט אַרויסגיין פון באַן, נישט געוואָלט טרעטן אויף דער פאַרשאָלטענער דייטשישער ערד. מיר האָבן געקוקט אויף די מערדער פון פיצלעך קינדער מיט האַס און פאַראַכ־טונג.

אויף פעלדער זיינען געלעגן צעוואָרפן „דזשיפּס", טאַנקען — ריזיקע דייטשישע מאַנסטערס אָן לעבן. דאָס „הערן־פאָלק", וואָס האָט פּראָקלאַמירט „טויזנט יאָר הערשאַפט", איז געלעגן צע־מזיקט.

ביז שטוטגאַרט זיינען געווען די הייזער און פאַבריקן צע־שמעטערט און ס'האַרץ האָט זיך געקילט פון די רואינעס. אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז די קליידער און שיך, וואָס די דייטשן טראָגן, זיינען די קליידער און שיך פון אונדזערע שוועסטער און ברי־דער...

גרויס העפלעכקייט האָבן די דייטשן אַרויסגעוויזן אין וויסבאַדן און אין שטראַסבורג. אָבער ווען זיי האָבן גערעדט צו מיר דייטש, האָב איך זייער שפּראַך נישט געוואָלט פאַרשטיין. בלויז מיינע אויגן האָבן זיי געענטפערט מיט צאָרן.

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן נירענבערג, וואו מען האָט געמשפּט די מלחמה־פאַרברעכער. די צעשטערטע חורבות פון דער שטאָט זיינען געווען מיין פרייד.

אין באַן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די ריזיקע פאַבריקן פון די דייטשישע קאַרטעלן זיינען בכיוון נישט צעשטערט געוואָרן פון דער אַמעריקאַנער אַוויאַציע. געווען אַ מיין דערביי — איין וואָראָנע, זאָגט אַ ווערטל, וועט דער צווייטער די אויגן נישט אויספּיקן...

אָט באַווייזט זיך ריזיקע שטרעקעס גרין לאַנד, שיין באַאַרבעט. יעדעס שטיקל גרינע לאָנקע, יעדעס שטיק קולטיווירט לאַנד, יעדער אַקער און פערד, וואָס האָט זיך געפונען אין פעלד, האָט מיך גע־ערגערט. עס האָט מיך פאַרדראָסן וואָס מען לאָזט שוין ווידער די מערדער זיך שטעלן אויף די פיס. דאָס רואינירטע דייטשלאַנד האָט באַדאַרפט בלייבן שטיין, ווי אַ סימבאָל פאַרן קומענדיקן דייטשישן דור.

דעם זעקסטן אויפן זיבעטן נאָוועמבער פאָרט די באַן אַריין אין פראָג, טשעכאָסלאָוואַקיע. ווי פראַכטפול עס זעט אויס דער גאַנצער אַרום — ס'ווערט ליכטיק אין די אויגן. די זון שפּיגלט מיט גאָלד אין די אויסגעפּאַלענע פליטערלעך שניי אויף די פּרעכ־טיקע גאַסן און הייזער. ווי גוט עס פילט זיך אויף פריינטלעכער ערד — אַ פרייד באַהערשט די נשמה. די מענטשן ווירקן אויפן געמיט מיט פריינטלעכע בליקן. דאָס נאָגעניש פון „שטילן טויט" אויף דייטשישער ערד לייזט זיך אויף. פון די געביידעס פלאַטערן קאָלירפולע פאָנען, אויך פאָנען פון דעם סאָוועטן־לאַנד, וואָס האָט געמאַכט אויפגיין אַ ליכטיקע זון איבער טשעכאָסלאָוואַקיע.

איך טרעף זיך מיט אַ מאָדנעם ייד, מאָריס זוסמאַן. אַ הויכער דראָנג, מיט פענסנע, און טראָגט זיך אַרום מיט אַ „פליכטלינג־טשעמאָדאַן" פול מיט דאָלאַרן. ער קומט פון יאָהאַניסבורג. אַ ציוי־ניסטישער עסקן. ער איז גלייכגילטיק צו די דייטשן — אים אַרן די יידן אין פוילן. פאָרט ער אַרום איבער די מערב־אייראָפּייאישע

לענדער מיט בלויז איין עובדה: וואָס מער יידן, זאָגט ער, אַרויס־צונעמען פֿון פּוילן...

***

איך בין זיך מודה: אין לאָדזש בין איך געקומען אַ צעשראָ־קענער — אַזוי פֿיל זיך אָנגעהערט אין ניו־יאָרק און אין פּאַריז וועגן דער „ביטערער לאַגע" אין פּוילן...

אָנגעקומען זיינען מיר אין אָוונט און מיר זיינען געבליבן שטיין אויף די טרעפּ פֿון פֿאַבריטשנעס וואָקזאַל. צוליב אַ טעות פֿון מיין זייט איז קיינער ניט געקומען אונדז באַגעגענען. דער אַדרעס פֿון דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט איז געווען פֿאַרפּאַקט טיף אין מיין טשעמאָדאַן — איז וואָס טוט מען?

עס קומט־צו אַ געפּעק־טרעגער און באַט־אָן אונדז העלפֿן טראָגן די טשעמאָדאַנעס. העלפֿן ווי העלפֿן, אָבער וואוהין טראָגט מען זיי? אַז מיר ווייסן נישט וואוהין צו גיין... דערציילן דעם טרעגער, אַז מיר זוכן דעם „זשידאָווסקי קאָמיטעט", איז אפשר אַ סכנה, טראַכט איך — אַז מען האָט אונדז אַזוי אָנגעסטראַשעט וועגן פּוילן...

דער טרעגער באַמערקט אַפּנים אונדזער פֿאַרלעגנהייט און פֿרעגט צי מיר האָבן עפּעס אַן אַדרעס. איך „שטעל איין" און פֿרעג אים אויפֿן „זשידאָווסקי קאָמיטעט".

— וואָסזשע זאָגט איר ניט? — שמייכלט ער — דער יידי־שער צענטראַל־קאָמיטעט געפֿינט זיך אינגאַנצן אַ פֿינף מינוט גאַנג פֿון דאַנעט. קומט דורכן פּאַרק.

אין קאָמיטעט האָט מען זיך מיט אונדז גאָר דערפֿרייט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מ. מירסקי מיט אַ צאָל פֿריינט האָבן אונדז איינגעקוואַרטירט אין „גרענד האָטעל".

איך, אַ וועבער־יינגל פֿון באַלוט, אין „גרענד האָטעל"... אַלס קינד בין איך ניט איין מאָל געלאָפֿן זען דאָס „בייז וואונדער", וואָס לאָדזש האָט דעמאָלט געבויט, ווייל נאָך פּאָזנאַנסקיס גלעזער־נעם פּאַלאַץ איז דאָס געווען דער רייכסטער האָטעל אין שטאָט. און איצט וועל איך דאָ שלאָפֿן אין אַזאַ פּרעכטיקן צימער מיט אַ באַל־קאָן צו דער פּיעטראָקאָווער גאַס...

אין זעלבן האָטעל שטייט־איין פעליקס וואַרבורג, וועלכער האָט דעמאָלט געוויילט אין פּוילן.

— אַ שיינע וועלט געוואָרן אין פּוילן — שמייכל איך צו מירסקין — איך און מר. וואַרבורג אין איין האָטעל...

אין דעם האָטעל איז פריער געווען די קוואַרטיר פון הויכע דייטשישע מיליטאַריסטן. אַפילו היטלערס סוויטע איז דאָ איינגעשטאַנען. ביי דער טיר זיינען נאָך פאַראַן די עלעקטרישע קנעפּלעך מיט דייטשישע אויפשריפטן: „אַריינקומען — וואַרטן — פאַרנומען" — —

אין וועסטיבול פון האָטעל אַזעלכענע ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ מיט מאַסיווע גלאַנציקע זיילן, קאַנדעלאַברעס — וואָס פאַראַ ראָזקאָש! און איך אין דער מיט...

ווען היטלער וואָלט וויסן, אַז איך, דער „יודע" רפאל, בין געקומען פון אַמעריקע און שטיי־איין אין „זיין" גרענד האָטעל, וואָלט עס אים פון קבר אַרויסגעוואָרפן.

# אין לאָדזש

גאַנץ פרי האָט מיך אויפגעוועקט אַ געזאַנג — סאָל־דאַטסקע לידער. איך בין אַראָפּ פון בעט, אויפגעפּראַלט די טירן פון באַלקאָן. אַ דינענקער, ווייס־זילבערנער שניי איז געפאַלן און לייכט איינגעדעקט די גאַסן און הייזער. איך האָב טיף איינגעאָטעמט די פראָסטיקע לופט. מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק האָב איך געזאָגט: „מאַמע, צום ווידערזען". איצט בין איך דאָ, און זי — — אין געטאָ אויסגעגאַנגען פון הונגער...

דאָס געזאַנג פון די זעלנער און זייער ריטמישער מאַרש האָט מיך אַביסל אויפגעהייטערט. מיר זיינען אַראָפּ אין גאַס און זיך געלאָזט גיין אין שטאָט. די גאַסן זיינען פול מיט מענטשן — מיידלעך רעגולירן דעם פאַרקער. יונגוואַרג, אָנגעהאַנגען די טעקעס, יאָגט זיך אין די שקאָלעס. מיידלעך, ווי ייִנגלעך טראָגן ספּעציעלע היטלעך מיט קאָקאַרדעס, ווי אַמאָל... די געוועלבן זיינען פול מיט עסנוואַרג, — גרויסאַרטיקע געבעקסן און טייערע מאַכלים. עס האָט אויסגעזען, ווי אין שטאָט האָט זיך גאָרנישט געביטן.

מיר האָבן געאײַלט איבער דער שטאָט, געשלונגען די לופט, ווי פיש דאָס וואַסער. ס'האָט אונדז ממש אויסגעפּעלט אָטעם. מיר האָבן געוואָלט אַלץ זען, אַלץ באַקוקן.

אייגנטלעך דאַרף מיך קיינער דאָ ניט פירן. איך קען לאָדזש ווי מיינע צען פינגער. איך ווייז־אָן מיינע באַגלייטער: אָט־דאָ איז געווען די ביבליאָטעק, דאָ די שול, דאָרט איז געשטאַנען דער בית־מדרש, דאָ איז געווען די ווילקער שול און דאָ די יידישע געשעפטן און קראָמען; אויף יענעם ליידיקן פּלאַץ זיינען אַמאָל געווען די „גרינע טישלעך" און דאָרט האָט געוואוינט מיין חבר; דאָ האָבן זיך גרופּירט די וועבער־געזעלן, דאָרט די טריקאָטאזש־אַרבעטער און זאָקן־מאַכער — —

די אַלע גאַסן, וואו עס האָבן געוואוינט צענדליקער טויזנטער יידן, די זוגערזשער און אַלעקסאַנדער, מילענאַרסקי און פראַנציש־קאַנער, די אַלטע שטאָט און מרדכי גאַבעס גאַס — אַלץ איז פאַר־ניכטעט...

אַט זיינען מיר אויף דער קאָנסטאַנטינער גאַס. ס'האַרץ האָט גענומען קלאַפּן, איך בין אומרואיקער געוואָרן. אַט זיינען מיר שוין ביים הויף, וואו ס'איז אַמאָל געווען דאָס יידישע טעאַטער, — נאָך עטלעכע שפּאַן, און מיר שטייען ביים נומער 44 — דער „מאַ־מעס הויז"...

לינקס, אויפן צווייטן שטאָק, האָבן מיר געוואוינט אין צוויי צימערן. איך באַטראַכט דעם הויף, די שטיינער, גיי אַרויף מיט די טרעפּ, ריר אָן די קליאַמקע — און גיי צוריק אַ צעבראָכענער... ס'האַרץ האָט מיך ניט געלאָזט עפענען...

**
*

איך האָב איצט געבלאָנקעט איבער דער שטאָט איינער אַליין. כאָטש אַ גרויסער טייל פון שטאָט איז נאָך געווען צעשטערט, חרוב, האָב איך דערקענט יעדע גאַס, יעדעס הויז, יעדן שטיין. ס'איז געווען אַ טראַגישער אָנבליק. פון דעם קאַרגן פערטל מיליאָן יידן, וואָס האָבן זיך געפונען אין לאָדזש אין 1939, זיינען געבליבן עטלעכע טויזנט, וואָס בויען אַ נייַ לעבן...

לאָדזש איז געווען אַ שטאָט אי מיט גלאַנץ אי מיט אָרעמקייט. ברייטע, רוישיקע גאַסן, און קרומע, בלאָטיקע געסלעך. פּרעכטיקע מויערן, און איינגעהויקערטע הייזלעך פול מיט ווילגאָטש. עס איז געווען אַ שטאָט מיט אַ סך לשונות: מען האָט גערעדט דייטש און יידיש, פּויליש און רוסיש, און אויך אַ היפּש ביסל העברייאיש.

לאָדזש איז געווען אַ פּראָגרעסיווע שטאָט. דאָס אָרעמע פאָלק, דער אַרבעטערקלאַס און די אינטעליגענץ האָבן דאָמינירט דאָס יידישע לעבן. אַדאַנק דעם איז אַפילו אין די פינצטערסטע צייטן, נאָך אונטערן צאַריזם, נישט פאָרגעקומען קיין פּאָגראָם אין לאָדזש, אַחוץ אין יאָר 1892.

אין 1905 איז לאָדזש געווען צווישן די ערשטע, וואָס האָט געבויט באַריקאַדן און אָנגעזאָגט דער וועלט, אַז עס קומט דער סוף פון די דריי הונדערט יאָר ראָמאַנאָווס. דאָס רעוואָלוציאָנערע

לאָדזש איז געווען באַרימט מיט דער אַרבעטער־בירזשע, וואָס האָט אַריינגענומען ניט נאָר לוין־אַרבעטער, נאָר אויך אָנגעשטעלטע און דינסט־מיידלעך. וויסכאָדנע גאַס האָט געשוויבלט מיט היציקע דיסקוסיעס און שטורמישע פאַרזאַמלונגען. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קינד און ערשט אָנגעהויבן פאַרשטיין מיין קינדער־וועלטל, — אָבער איך געדענק די באַריקאַדן־קאַמפן און די ריזיקע דעמאָנסטראַציעס. איך געדענק אויך דעם זעלבסטשוץ, ספּעציעל די ברויזנדיקע אַקטיוויטעט פון די וועבער־געזעלן. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם הויכן משה, וואָס האָט געטראָגן אַ רעוואָלווער מיט אַ קינזשאַל און געהיט דעם הויף פון קעלבאַק גאַס 15.

איך ווייס ניט פון נאָך אַ שטאָט, וואָס איז געווען אַזוי יידיש־וועלטלעך, ווי לאָדזש. דעריבער אפשר אזוי פיל גאַסן דאָרט מיט יידישע נעמען: פּעפּער־גאַס, גראָשן־גאַס, שמולע געסל, מרדכי גאַבעס־גאַס, שול־גאַס, יונה פּליצערס פּלאַץ, טויטע־גאַס, האָטעל־גאַס. די אַלטע און נייע שטאָט פאַרמאָגט אַ לאַנג־דורותדיקע געשיכטע פון יידיש לעבן אין פּוילן. אָן איר קאָן דער היסטאָריקער ניט שרייבן די געשיכטע פון פּוילן.

לאָדזש איז געווען אַ שטאָט פון וועבער־ און טריקאָטאַזש־אַרבעטער. די טעקסטיל־פאַבריקן, וואָס האָבן אַריינגענומען צענדליקער בראַנזשעס, האָבן זיך אויסגעשפּרייט ווייט אַריבער דער שטאָטישער גרענעץ. דאָ זיינען איינגעפירט געוואָרן די ערשטע דאַמף־פאַבריקן אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב און יידישע יונגעלייט זיינען געווען געצוואונגען צו אַרבעטן שבת. צוליב דעם אפשר איז לאָדזש געווען פּראָגרעסיווער, ווי אַנדערע שטעט.

פון איין זייט — רייכטום, וואָס איז געווען קאָנצענטרירט אויף פּעטריקאָווער גאַס (אָדער ווי ס׳האָט געהייסן: „ווילקע״), פון דער אַנדערער זייט — געוואַלטיק קבצניש. אַ ייד, וואָס איז „געגאַנגען איבער די הייזער״, האָט געקראָגן אַ שטיקל צוקער, אַ שטיקל ברויט. ווען ער האָט אָנגעזאַמלט אַ היפּשע פּאַלע, האָט ער עס פאַרקויפט צו אַ „רייכערן״ פון זיך פאַר אַ זעקסער. עס געדענקט זיך, ווען ביי די „גרינע טישלעך״ האָט מען געקאָנט קויפן אַן איבערגעניצעוועט היטל און איין שוך פאַרן רעכטן, אָדער לינקן פוס.

אויף פּעטריקאָווער גאַס זיינען געווען אויסגעשטעלט טייערע פוטערנע מאַנטלען און „פּריילינס״, וואָס האָבן שפּאַצירט מיט אָפּי־

צערן, האָבן געגלאַנצט מיט פּערל און דימענטן, — און אין שול־גאַס האָט אַ ייד אין ווינטער־צייט פאַרקויפט פּאַר אַ גראָשן הייסן באָב און דאָס קליינוואַרג האָט זיך געמוזט באַנוגענען מיט אײַנאָטע־מען די פּאַרע, ווען חיים דער רויטער האָט אָפּגעדעקט דעם גרויסן טאָפּ פאַר אַ קונה.

גרויס־אינדוסטריע מיט די באַרימטע פּאָזנאַנסקי־פאַבריקן — און אָרעמשאַפט מיט „הייזער־יידן"...

אָבער דאָס יידישע לאָדזש האָט געקאָנט מיט נאָך עפּעס שטאָל־צירן. עס האָט פאַרמאָגט דאָס וועלט־באַרימטע יידישע „באַלשאָי"־טעאַטער, וועלכעס די יידישע יוגנט האָט פאַרהייליקט. אַפילו פון די שכנישע שטעטלעך, ווי אַלעקסאַנדער, זגערזש, ברעזשין, קאָנס־טאַנטין, פּאַביאַניץ, איז מען אַהין געקומען און זיך ממש געשלאָגן צו קאָנען זען די גרעסטע יידישע וועלט־אַרטיסטן, וואָס האָבן דאָרט גאַסטראָלירט. לאָדזש האָט זיך געגרויסט מיט אירע שריי־בער, קינסטלער, רבנים, אַרבעטער־פירער.

לאָדזש האָט געמיינט באַלוט און ווילקי; שייבלערס מאַרק און ראַדאַגאָשטש גאַיערס מאַרק; יונה פילצערס פּלאַק און דער באַרימטער „סטאַוו"; פּעטריקאָווער גאַס און אַנטשאַטס גאָרטן. ס'איז געווען די שטאָט פון פּראָסטן באַלמעלאָכע און פיינער אינ־טעליגענץ, פון באָרוועסע חדר־ייִנגלעך און רייכע שקאָלע־קינדער, פון פרומע בית־מדרש־יידן און גרויסע משכילים, רייכע פּראָ־צענטניקעס און גרויסע בעל־צדקה־געבער. קיין לאָדזש איז מען געקומען לעבן און אייַנאָטעמען גרויסשטאָטישע פרייד. יעדע גאָס, יעדער הויף האָט זיך געפירט אַן אייגנאַרטיק לעבן, אָבער אַלץ צו־זאַמען האָבן באַשאַפן דעם גרויסן צויבער — לאָדזש!

פון נאָענט און פון ווייט האָט מען זיך געצויגן קיין לאָדזש, און יעדער איינער האָט צוגעטראָגן זיין חלק צו באַרייכערן און פאַרשענערן די שטאָט.

די יידן פון לאָדזש האָבן אַלע מאָל פאַרטיידיקט זייער שטאָלץ און כבוד, גרייט געווען צו גיין אויף קידוש־השם, און שטענדיק זיך אָפּגערופן אויף אַלע וועלט־געשעענישן. ווען די צאַרישע מאַכט האָט דורכגעפירט הריגות אויף יידן אין קישענעוו און אָדעס, האָט עס שטאַרק אָפּגעקלונגען אין לאָדזש. מען האָט דעמאָלט געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און גערופן אַרונטערצוואַרפן דעם צאַר.

אין דער זעלבער צייט האָט אויך דאָס חסידישע לעבן גע־
האַט גרויס אָנזען: מען איז געפאָרן צום גערער און אַלעקסאַנדער
רבין. דער באַרימטער לאָדזשער רב ר' אלי־חיים מייזל, פלעגט
מען זאָגן, האָט אַזש געקאָנט דערגרייכן ביז צום קייסער אַליין און
האָט אַפילו אַרויסגעגעבן באַפעלן צו דער פּאָליציי.



מצבה פון הרב אליהו־חיים מייזל

די גרויזאַמע מלחמה פון 1914־1918 האָט אַ היפּש ביסל רו־
אינירט דאָס יידישע לעבן. די שטאָט האָט זיך געביטן, דאָס לעבן
איז געוואָרן גרוי, די פרייליכקייט איז פאַרשוואונדן. די שטאָט איז
אַלט געוואָרן פאַר דער צייט. אין די מלחמה־יאָרן האָט מען שטאַרק
געהונגערט, די דייטשן האָבן אַלץ צעראַבירט און אויסגעפּלינדערט.
מיין מאַמע האָט געזיפצט, געוויינט: „גאָט אין הימל, דערבאַרעם
זיך איבער דיין פאָלק ישראל", — אָבער די דעמאָלטיקע דייטשן
האָבן פאָרט געשענקט דאָס לעבן...

און אַפילו שוין שפּעטער, ווען פוילן איז געוואָרן אַ „פרייע
רעפּובליק", און עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז די פּאָליאַקן האָבן

זיך צעהוליעט און גענומען שלאָגן יידן, — איז געקומען צולויפן הענעך פערקע, מאיר שפּאַנצער, מאַטעס קצב, שייע מאַגנאַט און נאָך אַ כאַפּטע וואוילע־יונגען, און מען האָט געמאַכט אָרדענונג...

צום אומגליק האָבן זיך אין לאָדזש אַלעמאָל געפונען צענד־ליקער טויזנטער דייטשן. אַ סך פון זיי האָבן זיך פאַרנומען מיט וועבעריי און געוואוינט אין זובאַץ. היטלער און זיין מערדער־באַנ־דע האָבן צווישן זיי געפונען געווּג הענקערס פאַר מאַידאַנעק און טרעבלינקע... איז פון לאָדזש געוואָרן „ליצמאַנשטאַט״, פון דער באַרימטער פּיעטראָקאָווער גאַס — „אַדאָלף היטלער־שטראַסע״, און פון דער בליענדיקער שטאָט יידן — אַ מיטלאַלטערלעכע געטאָ...

# אויף חורבות פון געטאָ

אַ גאַנצן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון באַלוט. עס איז געפאַלן אַ דריבנער רעגן, וואָס האָט אָפּגע־שווענקט דעם שניי פון גאַסן און דעכער. די שטאָט האָט אויסגע־קוקט גרוי, אויפן געמיט איז געלעגן אַ שווערע באַגעניש. איך האָב געזוכט זיך צו באַפרייען פון דעם שווערן געמיט און נישט געקאָנט. אָבער איך בין ווייטער געגאַנגען, נישט טראַכטנדיק גאָר־נישט.

אינסטינקטיוו שטעל איך זיך אָפּ ביי אַ חורבה. קיינער גייט דאָ ניט פאַרביי — אַפּנים צוליב דער מורא און שרעק, וואָס די וויסטעניש רופט אַרויס. אָבער איך דערקען דעם פּלאַץ — דאָ איז געשטאַנען די אַלטשטאָט־שול...

מיר אַלע, וואָס קומען פון לאָדזש, געדענקען זי. דאָ האָבן אונדזערע זיידעס און באָבעס, טאַטעס און מאַמעס געדאַוונט, גע־קומען גאָט בעטן, — פאַר זיך, פאַרן אייגענעם בני־בית און פאַר כל־ישראל...

איך געדענק נאָך, ווען אויפן הויף, אין הויז פון אסתר־חנה, איז אַ קינד שווער איינגעפאַלן. דער „געלער־דאָקטער" האָט שוין קיין רעצעפּטן ניט געוואָלט פאַרשרייבן, איז די מוטער געלאָפן אין שול, אויפגעפּראַלט דאָס אָרון־קודש און קברים געריסן...

איצט שטיי איך דאָ אויף אַ באַרג חורבות, און אין יעדן שטיין, אין יעדן ציגל פון דעם פאַרוויסטן בנין זע איך אַ לעבן פון אַ קינד, פון אַ מאַמען, פון אַ שוועסטער און ברידער, וואָס די דייטשישע תלינים האָבן דערמאָרדעט...

איך האָב זיך שוין געלאָזט אַוועקגיין, ווען אַ שווערער ציגל האָט זיך אַ קייקל געטאָן און געפאַלן לעבן מיינע פיס. אַפּנים זיך אָפּגעריסן פונעם באַרג חורבות. זיין אינערווייניקסטע רויטקייט

האָט נאָך געבלענדט, ווי מיט אַ בלוטיקער פראַגע צו דעם „גאַסט פון אַמעריקע״...

פון אַ שפּאַלט צווישן די שטיינער האָט אַרויסגעקוקט אַ בלעטל שמות. איך האָב עס פאַרזיכטיק אַרויסגעשלעפּט, אָפּגערייניקט און איבערגעלייענט: „אַ שלאַנג האָט אַ מענטשן געביסן״...

ווער ווייסט אין וואָס פאַראַ טויט־אַנגסט אַ מענטש האָט עס געשריבן...

***

מיר וואַנדערן איבער צעשטערטע הייזער פון דער געוועזענער יידישער געטאָ. מיר קוקן אויף דעם חורבן פון דעם ערשט־נישט־לאַנג געוועזענעם רייכן יידישן לעבן, וואָס האָט געשפּרודלט מיט זאַפט און כוח. איצט וואַלגערט זיך דאָ נאָך אַן איינגעקוואַרט שיכל פון אַ קינד, אַ מאַנסבילשער זאָק, אַ זיידענע מיידלשע פּאַסמע...

מיר גייען מיט דער „טויטע גאַס״, וואָס פירט צו דעם אַלטן בית־עולם, דאָרט וואו עס האָט זיך געפונען די „באַניפראַטן״, דאָס הויז פאַר גייסטיק קראַנקע, נעבן „גאַשטשינני דוואָר״. אַלץ, אַלץ, גאַס נאָך גאַס, ביזן „פלאַץ וואַלנאָשטשי״, נייע שטאָט, איז חרוב. איך זוך כאָטש אַ שילד פון אַ געוועלב מיט אַ יידיש אות — קיין שפּור נישט...

מיר זיינען אַוועק אויפן „נייעם גוטן אָרט״, ביי דער מאַר־שינע גאַס. איך און מיין באַגלייטערין, רעגינאַ ווייס, פון לוואָוו, אַ צוויי־און־צוואַנציק יאָריק בלאָנד מיידל, מיט בלויע אויגן, זעצן זיך צו נעבן אַ קבר. זי איז געווען אַ העלדיש מיידל: זי האָט זיך איינגעשטעלט, איז אַריבער אויף דער אַרישער זייט און האָט די גאַנצע צייט פון דער אָקופּאַציע געאַרבעט אַלס אַנגעשטעלטע אין אַ באַנק אין וואַרשע. זי באַמיט זיך אַלץ מיר צו דערקלערן, אָבער אירע באַמערקונגען זיינען עפּעס געמאַכט מער פאַר זיך, ווי פאַר מיר.

— אַ ספּעציעלע מאַשין — דערציילט זי ווייטער אַ פאַר־טראַכטע — האָט געגראָבן גריבער און אַריינגעוואָרפן די טויטע, אָדער אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך געזשיפּעט, און אַ צווייטע מאַשין איז נאָכגעפאָרן און אויסגעגלייכט די ערד...

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער באַלד זיך ווידער געווענדט



אַריינגאַנג צום נייעם בית-עולם



די מאַרשינער שול

צו מיר: — נו, וואָס זאָגן דערויף די אַמעריקאַנער יידן? גלויבן זיי כאָטש אַלץ, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען?

אין מיין שווייגן האָט זי אַפּנים דערקענט וואָס „די אַמעריקאַנער יידן" זאָגן און גלויבן... ווארום אָט נעמט זי דערציילן „פריי־לעכערע" זאַכן — וועגן טאָג פון דער באַפרייאונג:

„יענעם טאָג האָט געגאָסן אַ מוראדיקער רעגן, באַגלייט מיט שטורמישע דונערן און בליצן. אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעהאַלטן די מענטשן, וואָס זיינען געקומען פון וועלדער, בונקערס, קאַנאַלי־זאַציע־רערן און מאַלינעס. זיי האָבן געשפּאַנט איבער ברייטע און שמאָלע שליאַכן, איבער גלייכע און געשלענגלטע סטעזשקעס. די ייִנגערע האָבן געטראָגן ווינטאָווקעס אויף די אַקסלען, די עלטערע האָבן געשעפּטשעט תפילות פאַר די אומגעקומענע נשמות. און צווישן זיי — מיט דאַרע פיסלעך, גרויסע קעפּלעך און געשוואָלענע בייכלעך — קינדער יתומים. און אין אַלעמענס אויגן האָט גע־ברענט אַ פייער פון האַס און נקמה צו די פייניקער פון יידישן פאָלק...

„עס זיינען אויך געקומען מענטשן דירעקט פון לאַגערן, און אויך אַזעלכע, וואָס זיינען שוין געשטאַנען אויפן שוועל פון גאַז־אויוונס און קאַלך־גריבער. אַלע אויסגעצערט, אָפּגעשליסענע, איז זייער ערשטע פראַגע נישט געווען וועגן עסן, אָדער קליידער, נאָר — „פון וועלכן גיהנום קומסטו?" — „ווייסטו עפּעס וועגן מיין טאַטן?" — „וואו איז דיין קינד?" — „באַגעגנט אפשר משהס ווייב?" — „און שלמהס מאַמע?" — — און כמעט אַלע ענטפערס זיינען געווען קורץ, לאַקאָניש: „אַוועק דורכן קוימען" — „אומגע־קומען אין די גאַז־קאַמערן"...

„די פאַרמאַטערטע מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט אין צענטער פון שטאָט, נעבן אַ דענקמאָל, וואָס איז געווען האַלב צעשטערט, אָבער אויף וועלכן מען האָט נאָך אָנגעזען די אויפשריפט: „טויזנט יאָר וועט הערשן דאָס הערן־פאָלק". אין אַ הרף־עין איז די אויפ־שריפט פאַרשוואונדן, און אויף איר אָרט האָט געגומען זיך איינ־קריצן אות באות די יידישע לאָזונג: „עם ישראל חי!" דער עולם האָט זיך געקילט דאָס האַרץ...

„ווען דער רעגן האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז אַרויף אויף דער אימפּראָוויזירטער פּלאַטפאָרמע אַ יונגער בחור. דער עולם האָט

אים דערקענט און אים באַגריסט מיט שטורמישע אויסגעשרייען. ער איז געווען אַ פּאַרטיזאַן, דער העלד פון דער געגנט, וואָס האָט גענומען נקמה פון דייטש 'אַ צאָן פאַר אַ צאָן און אַן אויג פאַר אַן אויג'.

„דאָס יידישע פאָלק, האָט ער געזאָגט, פאַרמאָגט איצט זייער אַ קליינע משפּחה אין פּוילן. די טייערסטע אונדזערע ליגן אונטער חורבות און אַש. אָבער ווען זיי זאָלן קאָנען רעדן, וואָלטן זיי אונדז געזאָגט: פאַרגיסט ניט קיין טרערן, זאָגט ניט קיין איכה־ליד, קומט ניט אָפּ מיט תפילות, פאַסטן און בעטן פאַר אונדזערע נשמות. הילף פאַר יתומים און לעבן־געבליבענע יידן איז איצט אונדזער מאָנונג. געמיינזאַמע אַרבעט פון גאַנצן יידישן פאָלק וועט לייכטער מאַכן אונדזער ערד. און דער עיקר: איר זאָלט קיינמאָל נישט פאַרגעסן וואָס דער עמלק נאַצי האָט געטאָן צו אונדזער פאָלק!"

— אָט־וואָס מיר דאַרפן איצט — האָט רעגינאַ זיך געווענדט צו מיר מיט טרערן אין די אויגן.

ס'איז שווער געווען זיך צו שיידן מיט די קברים, נעבן וועלכע מיר זיינען געזעסן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פון יעדן קבר שרייט אַרויס די מאָנונג פון יענעם יונגנמאַן: קיינמאָל נישט פאַרגעסן!...

# צווישן אייגענע

אין אָונט האָבן מיר באַזוכט די רעדאַקציע פון „דאָס נייע לעבן". אַחוץ די מיטאַרבעטער, האָבן מיר דאָרט געטראָפן די פּרוי גורמאַנאָווו, וועלכע איז ביז אַפּריל 1941 געווען מיטן „אָרט" אין וואַרשע, און איינעם סעם טורעק, וועלכער האָט אַ גאַלאַנטעריע־געשעפט אין וורָאצלאַוועק. אויך פון זיי האָבן מיר זיך אָנגעהערט גענוג גרוילטאַטן פון דער היטלער־צייט. אָבער לאַנג בלייבן האָבן מיר ניט געקאָנט, ווייל מיר האָבן זיך געאיילט צו אַ פאַרזאַמ־לונג.

ווען מיר זיינען געגאַנגען איבער די גאַסן און געזען אויף די ווענט אַזוי פיל יידישע אַפּישן וועגן לעקציעס, טעאַטער, אַקאַ־דעמיעס פון אַלע פאַרטייען, האָבן מיר אויף אַ רגע זיך פאַרגעסן, אַז די נאַצישע חיה איז געווען דאָ אין שטאָט און געמאַכט אַ חורבן צווישן יידן . . .

אין אַ זאַל זיינען פאַרזאַמלט העכער טויזנט אַרבעטער, מענער און פרויען, אָפּצוגעבן אַ באַריכט וועגן די אינדוסטריעלע דער־גרייכונגען ביז איצט. אויף די ווענט און אויף דער פלאַטפאָרמע זיינען אויסגעהאַנגען לאָזונגען פאַרן פאַרבאַנד און פוילן. די מיינסטע פנימער דריקן־אויס דערמוטיקונג, אַנטשלאָסנקייט און אַ געוויסע איינגעהאַלטענע פרייד. ווער נאָך קאָן אַזוי פילן דעם טעם פון דער־הויבונג, ווי אָט־די מענטשן, וואָס זיינען שוין געלעגן אין דער טיף פון אָפּגרונט ? . . . אָבער פרעגט מען, ווי אַזוי זיי האָבן דורכ־געלעבט די אַלע נאַצישע גיהנומס, ענטפערן זיי אייך מיט אַ מאָדנעם שמייכל : „איר זעט דאָך" . . .

— איר פאַרשטייט — רעדט צו מיר אַ ייד, ווי ער וואָלט וועלן אַראָפּקייקלען דעם שווערסטן שטיין פון זיין האַרץ — מילא אַ

מאַמע האָט אין בונקער דערשטיקט איר אייגן עופעלע, וואָס האָט געוויינט פון הונגער, כדי די בעסטיעס זאָלן זיך ניט דערוויסן וועגן זייער פאַרבאָרגענעם פּלאַץ מיט צוויי הונדערט יידן... אָבער די יודן־ראַטלער האָבן דאָך פאַרקויפט אייגענע ברידער, פאַרראַטן אייגענע שוועסטער צוליב זשמעניעס געלט, וואָס דער דייטש האָט עס דערנאָך סיי ווי ביי זיי אַוועקגענומען. און ווער, מיינט איר, האָט זיי דערביי געהאָלפן? די יידישע פּאָליציי. איר הערט — די יידישע פּאָליציאַנטן!...

יידן ווייזן מיר בריוו פון קרובים אין אַמעריקע. „אַנטלויפט פון פּוילן", שרייבט מען. איך דערקלער זיי, אַז די רעזולטאַטן פון דעם אַנטלויפן האָב איך שוין געזען אין אַ פּאַריזער הקדש אויף רי דע ראָזיע, אין יידישן קוואַרטאַל.

— וואָ׳דען? איך האָב עס געוואוסט — איז זיך אַ צווייטער ייד כמעט מחייה, און ער ווייזט מיר אַ בריוו, וואָס מען שרייבט אים פון אַ דייטשישן לאַגער: „מיר ווערן דאָ דעמאָראַליזירט. צו וואָס האָב איך פאַרלאָזט לאָדזש אָן אַ פּלאַן וואוהין צו פאָרן"? דאס האָט אים זיין שוועסטער פון שיקאַגע אַזוי געעצהט...

— און איר מיינט, אַז איך האָב געטאָן אַזאַ געוואַלדיקע חכמה וואָס איך האָב פאַרלאָזט דעם פאַרבאַנד? — מישט זיך אַריין אַן אַנדערער.

— וואָסזשע? אייך איז דאָ שלעכט?

— חלילה! — פאַרכאַפּט אַן עלטערער ייד, ר׳ מרדכי רייצענ־שטיין, אַ געבוירענער אין זאַוויערטשע, איז ער געווען אַ פרומער ייד פאַר דער מלחמה און אַזאַ איז ער פאַרבליבן אויך היינט.

— און וואָס טוט אַזאַ מענטש, ווי איר אין דעם נייעם פּוילן? — פרעג איך אויף טשיקאַוועסט — אַז קיין כשרות איז נישטאָ...

באַטראַכט ער מיך פון אַ זייט, ווי איך וואָלט גערעדט פון היץ:

— וואָס פעלט אייך איין? דאָס לעבן הויבט זיך ערשט אָן איינ־שטעלן, אָבער אָט עס איך בלויז כשר. אַז מען וויל נאָר... אויף וויסכאָדנע גאַס איז דאָ אַ כשר־קצב, מענדל געלקאָפּ. ער איז אויך געווען אין לאָדזשער געטאָ די גאַנצע צייט. מיר האָבן צוזאַמען גע־

גראָבן די אַכט קברים־גריבער פאַר די קאַרגע אַכט הונדערט יידן, וועלכע זיינען נאָך געבליבן לעבן — אַ קבר פאַר יעדע לעצטע הונדערט יידן... מיר וואָלטן איצטער אויך דאָרט געווען, ווען נישט די רויטע אַרמיי. זיי האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל פון טויטן־הויז אַביסל צו שפעט, אָבער אונדז האָבן זיי נאָך באַוויזן צו ראַטעווען — אַ לעבן אויף זיי.



איינער פון די אַכט קברים־גריבער
(אָנגעפילט מיט שמות)

— הערט נישט וואָס שונאים רעדן — זאָגט אַן אַנדערער — אויף פיעטערקאָווער 8 איז אויך דאָ אַ יידישער כשר־קצב, הערצקע פעלדמאַן.

— און וואָס איז מיט דאַוונען? — פרעג איך.

— דערווייל האָבן מיר אַ שטיבל אויף יאַקאָבאַ 66. אַז מען וויל האַלטן יידישקייט, קאָן מען יאַקאָש.

אין זאַל איז פלוצים שטיל געוואָרן, אַז מען האָט געקאָנט הערן דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ. אויף דער פּלאַטפאָרמע איז שוין געשטאַנען דער פאָרזיצער, און די רעדנער האָבן געהאַלטן אין

אַרויפגיין. נאָך אַ קורצער איינלייטונג פון פאָרזיצער האָבן גערעדט פאָרשטייער פון וועבערינס, שטאָפּערינס, ניפּערינס, טאָקערס, שלאָסער, אינזשענערן, ראַדיאָ־אַרבעטער און פאַרטרעטער פון דער קינאָ־אינדוסטריע, זעצער, איינבינדער, שניידער, וועש־נייטאָרינס, פאַרבער, זאָקן־אַרבעטער, שטריקער, שוסטער, האָלץ־אַרבעטער, פאַרטרעטער פון פאַבריקן און קאָאָפּעראַטיוון. זיי האָבן דערציילט וועגן זייער פריידיקער אַרבעט, וועגן דער געענדערטער באַציאונג פון פוילישן אַרבעטער צום יידישן, און ווי די רעגירונג האָט זיי פּרעמירט פאַר זייערע גוטע לייסטונגען.



רפאל און שרה פאָזנער

(ביי אַ באַנקעט אין לאָדזשער שטאָט־קאָמיטעט)

חבר מירסקי האָט מיר צוגעטיילט דעם כבוד צו באַגריסן די פאַרזאַמלונג. בשעת איך האָב גערעדט, האָב איך אַלץ געמיינט, אַז אָט וועט עמעצער צווישן דעם עולם אַ געשריי טאָן: „פּעטער, ברודער — אָט דאָ בין איך — דער איינציקער לעבן־געבליבענער פון דער גרויסער פאָזנאַנסקיס און גראַנאַס משפחה!” אָבער ניין, — קיינער האָט נישט גערופן — קיינער האָט זיך נישט דער־קענט צו מיר...

צום סוף איז דורכגעפירט געוואָרן אַ פּראָגראַם פון יידישע און פּוילישע אַרטיסטן פון מלוכה־טעאַטער, וואָס האָט געמאַכט אַ טיפן רושם אויף די פּאַרזאַמלטע, ספּעציעל אויף מיר און שרהן.

און ווען דער עולם האָט באַגייסטערט אַ הילך געטאָן: „זאָג נישט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג" — האָבן מיר געפילט, אַז נייע וועגן שפּרייטן זיך פאַר זיי, וועגן פון באַלעבונג און אויפבוי.

# תחית-המתים

ס׳לעבן איז שטאַרקער פון טויט. אין אַ סך ווינקלען פון שטאָט — חורבן; אָבער אין אַנדערע ווינקלען זיינען זאַלן אָנגעפילט מיט ליכט און וואַרעמקייט. פּלענער ווערן אויסגעפּאַרטיקט, ווי אַזוי בעסער, שטאַרקער און מעכטיקער צו בויען דאָס לעבן. האַמערס קלאַפּן, ניי־מאַשינען הודזשען, פּיקעס בייסן־איין די ערד.

אויף יידן בויען און שאַפן אויפסניי. איך האָב באַזוכט פּופּצן קאָאָפּעראַטיוון — עס זיינען דאָ מער — צווישן זיי דעם איינציקן וועבער־קאָאָפּעראַטיוו אויף זאַכאַדניע 66. דאָ געפינען זיך זעקס וועב־שטולן מיט שפּול־רעדלעך, אַ שערער אאז״וו. חיים יוסף טיטולעוויץ פון ריבע גאַס 9 פירט־אָן מיט דער אַרבעט. ער איז געווען אַ לאָדזשער וועבער פאַר דער מלחמה און איז עס אויך איצט. דאָ אין הויף געפינט זיך אויך דאָס איינציקע שטיבל צו דאַווענען. די פיר באַרימטע שולן אין לאָדזש האָבן די נאַצי־באַנדיטן פאַרניכטעט. פון דער וואַלינער שול אויף ווילטשאנסקי איז קיין זכר נישט געבליבן. אויף דעם אָרט פון דער ווילקער שול, אויף זאַכאַדניע, וואַקסט גראָז און קוסטעס...

אויף יאַראַטשע גאַס נומער 2 געפינט זיך אַ טישלעריי־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס פאַרנעמט זיך מיט בוי־אַרבעט. אין שכנות געפינט זיך דאָס יידישע טעאַטער. איך האָב בייגעוואוינט אַ פּראָבע אונטער דער אָנפירונג פון משה ליפּמאַן, און געהערט, ווי דאָס געזאַנג פון די שוישפּילער מישט זיך צונויף מיט די קלאַנגען פון זעגן פון קאָאָפּעראַטיוו. קיין האַרמאָנישע סימפאָניע שאַפט עס זיכער נישט. דעריבער טאַקע האָט שוין דאָרט דער יידישער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט זיך באַמיט צו שאַפן אַ באַקוועם טעאַטער פאַרן אַנסאַמבל פון אַ פערציק יידישע שוישפּילער.

אויף פּיעטרקאָווער 88 האָב איך געזען אַ פּראַכטפולן טרי־

קאַטאַזש־קאָאָפּעראַטיוו, אָנגעפירט פון דעם ענערגישן צעשינסקי. אויף זאוואדסקי 2 געפינט זיך דער קיבוץ פון די לינקע פועלי־ציון. די וועגט זיינען באַצירט מיט לאָזונגען: „זאָל לעבן דער ראַטן־פאַרבאַנד". אין רעפּאַטריאַנטן־הויז אויף יאַקאָבאַ 16 האָב איך געדריקט די הענט פון אַלטיטשקע זיידעס און באָבעס, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. אַ צאָל פון זיי זיינען געשטאַנען אין טליתים און געדאַוונט. איך האָב געפרעגט די ברי־דער מאַרגאָליס, פון קאַזשעניץ, ווי עס לעבט זיך. רופט זיך אָפּ אַ ייד אין די אַכציקער: „דאָרט, אין ראַטן־פאַרבאַנד, בין איך געווען אַ צווייטער סטאַלין. אָבער אויך דאָ, אין פּוילן, איז גאַנץ נישקשה".

פאַר דער אַרבעטנדיקער און שטודירנדיקער יוגנט איז געשאַפן געוואָרן אַ פּרעכטיקע היים אויף פראַנציסקאַנער 15. דעמאָלט האָבן דאָרט געלערנט צוויי הונדערט און פיר־און־דרייסיק יינגלעך און מיידלעך. די יידישע קינדער־שולן, קינדער־גערטנער און קינדער־קלובן זיינען מוסטערהאַפטע אַנשטאַלטן. די קינדער הויבן שוין אָן זינגען יידישע לידער. אויף די ווענט פון די שולן הענגען בילדער פון י. ל. פרץ, שלום אַש, אברהם רייזין, מענדעלע מוכר ספרים און שלום עליכם.

נאָך אין אַמעריקע האָב איך געזען בריוו פון לאָדזש, אין וועלכע יידן האָבן זיך ממש געבעטן, מען זאָל זיי נישט שיקן קיין פּעקלעך עסן. זייערע אַמעריקאַנער קרובים זיינען געווען זיכער, אַז די פּעקלעך ווערן צוגענומען. „עפּעס איז דאָרט דער מער", האָבן זיי געטענהט. איצט קום איך אַריין אין יידישע היימען, וואו מען עסט שוין ברויט מיט פּוטער, און געקעכץ מיט פליייש. לאָדזש האָט איצט גענוג עסן און די יידן הונגערן נישט. מען זעט אויס געזונט און מונטער, מען קומט צו זיך פון די גרויזאַמע מלחמה־יאָרן.

ווי אין פּאַריז, האָב איך אויך דאָ געזען בערג מיט שמאַטעס, וואָס גוטמיינענדיקע אַמעריקאַנער יידן האָבן צוגעשיקט. אָבער די יידן אין לאָדזש האָבן עס שוין דעמאָלט נישט באַדאַרפט — זיי האָבן זיך נישט געניטיקט אין דעם. לאָדזש האָט באַדאַרפט הילף אויף אַ ברייטן פאַרנעם. דאָס האָבן אונטערגעשטראָכן אַלע טוער און פאָלקס־מענטשן פון לאָדזש. זיי האָבן זיך געשטעלט גרויסע אויפ־

גאַבן און מיט אונדזער הילף האָבן זיי געקאָנט פאַרווירקלעכן די גרויסע פּלענער.

אין פאַרגלייך מיט פּאַריז איז דעמאָלט לאָדזש געווען אַ גן־עדן. אין פּאַריז — קאַלט אין שטוב און קאַלט אויף דער נשמה. אין לאָדזש — וואַרעם, ליכטיק, האָפענדיקייט. און דאָס, וואָס עס טרייבט אַ טייל צו עמיגרירן, זיינען פאַראַן פאַר דעם טויזנט און איין אורזאַכן, אָבער זיכער נישט קיין עקאָנאָמישע אורזאַך.

עס איז שווער זיך צו שיידן מיט די איינגעפאַלענע מויערן, שווער זיך צו געזעגענען מיט דעם טייל לאָדזש, וואָס איז אַמאָל געווען דאָס טייערסטע אין מיין לעבן... אָבער איך פאָר אַוועק אַ געשטאַרקטער פון דעם, וואָס איך האָב געזען. מען ווערט ממש איבערראַשט פון דעם נייעם גייסט, וואָס באַהערשט דעם יידישן ישוב, און פון די גרויסע פּלענער פאַרן ווידעראויפבוי פון דעם נייעם דעמאָקראַטישן פּוילן.

פיר יאָר נאָך דער באַפרייאונג פון לאָדזש באַוועגן זיך ווידער האַמערס און זעגן, וועבשטולן און שפּינערייען. כאָטש קליין אין צאָל, זיינען דאָרט די יידן גרויס אין מוט און געשטאַרקט אין אייניקייט. דאָס יידישע וואָרט ווערט דערהויבן און געצערטלט ווערט דאָס יידישע קינד, וואָס וועט זיין דער שאַפער און טרעגער פון דעם יידישן גייסט פאַר די קומענדיקע נייע, געזונטע און פרייע דורות.

# פון לאָדזש קיין וואַרשע

קיין פוילן בין איך געקומען בלויז אויף צוויי וואָכן. אָבער שוין אין לאָדזש האָב איך דערפילט די וואַרעמקייט פון די לעבן־געבליבענע יידן און איך בין דאָרט אַליין פאַרבליבן גאַנצע צוויי וואָכן. די מענטשלעכע וואַרעמקייט האָט זיך גענומען פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער ענדערונג אין פוילן. און די ענדערונג האָט געבראַכט געוואונטשטע רעזולטאַטן פאַרן פוילישן פאָלק, ווי פאַר די יידן. די דאָרטיקע רעגירונג איז אַ פריינט פון יידן, אַ שונא פון רעאַקציע און אַנטי־סעמיטיזם. דאָס זעט מען אויף טריט און שריט.

„דער יידישער קינסטלער און ליטעראַט וועט אין קיין אַנדער לאַנד נישט געפינען אַזאַ וואַרעמע סביבה, ווי אין דעם איצטיקן פוילן", האָט דערקלערט דער דיכטער ישעיה שפּיגעל בעת מיין באַזוך ביי אים אין הויז. ער האָט דעמאָלט גערעדט מיט פאַרדרוס און ביטערקייט וועגן דער גרופּע יידישע פּאָעטן און שרייבער, וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד און האָבן זיך געקליבן צו פאַרלאָזן פוילן. דאָס האָט אים ווי געטאָן, הגם ער אַליין איז אַ ציוניסט. „קליין און שוואַך, ווי מיר זיינען איצט אין פוילן, — האָט ער ווייטער געזאָגט — וועלן מיר אָבער נאָך באַווייזן צו באַרייכן און באַפרוכפּערן די יידישע קולטור אויך אין אַנדערע לענדער".

דאָס יידישע לעבן בויט זיך אַדאַנק דער דעמאָקראַטישער פאָלקס־רעגירונג פון פוילן. איז דעריבער פאַר די דאָרטיקע יידן שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס די בירגערלעכע יידישע ציטונגען אין ניו־יאָרק באַשמוצן אַזוי אָט־די דעמאָקראַטישע רעגירונג און שטיצן פאַקטיש די פאָגראָמשטשיקעס פון גענעראַל אַנדערס אַרמיי. נישט געקוקט אויף די אַלע באַמיאונגען זייערע, האָבן זיי נישט קיין שום

ווירקונג אויף די יידן אין פוילן און די יידישע ישובים שטייען פאַראייניקט.

אָט די מוטיקע האַלטונג פון די יידן האָט מיך באַוואויגן צו בלייבן לענגער אין פוילן, ווי איך האָב פלאַנירט און איך האָב באַ־שלאָסן צו פאָרן קיין וואַרשע, כדי צו פאַרלענגערן מיין וויזע.

געפאָרן בין איך אין דער באַגלייטונג פון ב. מאַרק, מ. מירסקי און נאָך אַ מיטגליד פון דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן. מיר זיינען געפאָרן אין אַן אַלטן דייטשישן אויטאָמאָביל. אינמיטן וועג האָט געפּלאַצט אַ ראָד. עס איז געפאַלן אַ געדיכטער, נאַסער שניי און אַ קעלט האָט גענומען זיך איינעסן אין די ביינער. עס פאַלט־צו די נאַכט — דער זייגער איז שוין זיבן, און אונדזערע באַגלייטער האָבן נאָך זעקס אַזייגער געדאַרפט זיין אויף דער זי־צונג פון יידישן צענטראַל־קאָמיטעט.

שטייען מיר פאַרצווייפלטע אויפן שאָסעי צווישן פעלד און וואַלד, און איך טראַכט: אַ שונד־שרייבער פון אַ צייטונג אין ניו־יאָרק וואָלט דאָך פון אַזאַ פּאַסירונג געלאָזט אויספלעכטן אַ גאַנצע סעריע לאַנגע פלאַכטעס מיט אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי ביי יעדן פון אונדז האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן פאַר שרעק, ווייל אָט־אָט לויפן־אָן פון וואַלד גזלנים, אָדער אַ פּאָגראָמשטשיק...

עס פאַרט פאַרביי אַ גרויסער לאַסט־אויטאָ. אויף אונדזער צייכן שטעלט ער זיך אָפּ. הערנדיק וואָס ס'האָט פּאַסירט, פאַרבעט אונדז דער פוילישער שאָפער אויף אַ זייער פריינטלעכן אופן און נעמט אונדז מיט — אונדז, די פיר אומבאַקאַנטע יידן.

ניין אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען אין וואַרשע. די אַנדערע חברים זיינען אַוועק צו דער זיצונג און איך בין אַריין אין אַ צעשמעטערטן האָטעל איבערשלאָפן די נאַכט.

# אין חורבן וואַרשע

צומאָרגנס גייען מיר אין יידישן צענטראַל־קאָמי־טעט, און פון דאָרט פירט אונדז אַ באַגלייטערין צו דער וואַרשע־ווער געטאָ.

גייען מיר איבער די גאַסן קראָכמאַלנאַ, טלומאַצקאַ, פראַנציש־קאַנער, מילא, גענשע, נאַלעווקעס, סטאַטשע און צענדליקער אַנדע־רע — אַלע זיינען איין גרויס פעלד פון ציגל, שטיינער און זאַמד.

„דאָ האָט מען די יידן פאַרזאַמלט — דערקלערט אונדז די באַ־גלייטערין — דאָ איז צוגעפאָרן די באַן — — אָט דאָ האָבן זיך באַוויזן די לעצטע דריי יידן. פון דאַנען זיינען זיי אין די פלאַמען געשפרונגען. די דריי זיינען געווען פון פאַרשידענע פאַרטייען, אָבער קיינער פון זיי האָט נישט געוואָלט אַריינפאַלן לעבעדיק אין די נאַצישע נעגל״...

נישטאָ מער די יידישע הייזער מיט יידיש געזאַנג און געלעכ־טער, וואו דער יידישער אינטעליגענט איז געווען דער פאָנען־טרעגער.

נישטאָ די גאַסן מיט די געשעפטן און ווייך־קעלערס, וואו עס האָט געוועלטיקט דער יידישער סוחר און יידישער באַלמעלאָכע. דער נאַצי האָט אַלץ פאַרשווענקט מיט יידיש בלוט — געבליבן איז אַש, שטויב, קברים...

מיר שטייען אויפן פּלאַץ, וואו עס איז געווען דער פּאַוויאַק. דאָ זיינען געזעסן פּאָליטישע אַרעסטירטע, אַנטי־פאַשיסטן, — פּאָ־ליאַקן און דייטשן, צוזאַמען מיט יידן, „ברידער אין נויט״...

פון דאַנען פירט מען אונדז אין הויז פון „יודן־ראַט״. די ווענט פון הויף זיינען באַמאָלט מיט „פרילינג״־דעקאָראַציעס: בוימער און בלומען, און אין הינטערגרונט גייט־אונטער אַ רויטע, פלאַמיקע זון. דאָס האָבן יידישע קינסטלער באַמאָלן די ווענט, כדי צו שאַפן

„שטימונג" און האָפענונג פאַר די, וואָס האָבן געציילט זייערע לעצ־טע טעג — בעת אינעווייניק האָבן זיך שוין געוואַלגערט מענטש־לעכע ביינער, שיך, קליידער און קאַנען מיט אַ בלוילעכן קאָליר — כלאָר, צו דערשטיקן די קרבנות...

און אַט שטייען מיר אין סאַמע מיטן חורבן פון וואַרשעווער געטאָ... דאָס בלוט אין קאָפּ נעמט זידן — — מען זעט פאַר זיך די קאַמפן, די פייער־צונגען, די אויפרייסן, דעם גאַנצן פאַר־ביטערטן, פאַרעקשנטן רעוואָלט — —

— — ס'איז פסח, די ערשטע סדר־נאַכט, דער 19טער אַפּריל, 1943 — — אין געטאָ איז שטיל, ס'איז די שטילקייט פאַר אַ שטור־רעם — — הירש דער קאָמוניסט און יוסף פון השומר הצעיר וואַרטן אויף סיגנאַלן — — רבקהלע פון „דרור" און אייזיק פון „בונד" וואַכן איבער אַ קליינעם אַרסענאַל געווער — אין אַ בונקער אַרבעט דער שטאַב — — פּאַרטאָג — עס טראָגט זיך דער רוף צום אויפשטאַנד — און פון בונקערס און קאַנאַלן, פון קעלערס און בוידעמער פּויזעט דער אויפשטאַנד צום אָנגעצייכנטן פּלאַץ... פול ציטער און צאָרן, אַ וואונק — און פערציק טויזנט העלדן ענט־פערן: „מיר זיינען גרייט צום אַנטשיידענעם קאַמף! צום געווער, חברים! מוטיק, שוועסטער און ברידער! טויט די נאַציס!" אַ שאָס — און אַ צווייטער — און פון בוידעמער און קעלערן, פון פענצטער און לעכער, פון שפּאַרעס און ווינקלען רעגנט מיט קוילן — אַ העליש פייער!

אויף זאַמענהאָף, נאַלעווקיס, גענשע און דזשיקע פאַלן שוין נאַצישע מערדער פון יידישע הענט! ס'האַרץ פון געטאָ שטורעמט־אויף — זיס איז די נקמה!

עס ברויזט די שלאַכט אין נישט־גליכן קאַמף: דייטשישע האַרמאַטן, טאַנקען און עראָפּלאַנען — און יידישער מוט און עקשנות — „לא אמות כי אחיה"! — — עס ברענט! עס ברענט! די געטאָ ברענט — —

צוויי־און־פערציק טעג אַזוי — פערציק טויזנט זין און טעכ־טער פאַרן כבוד און פרייהייט פון יידישן פאָלק, פאַר דער באַ־פרייאונג פון וועלט און מענטש — —

„די אויפשטענדלער האָבן געזיגט" — אַזוי זאָגט די באַגליי־

טערין — „דער געטאָ־אויפשטאַנד האָט דעם נאַצי געקאָסט פינף טויזנט פון דייטשישן חייל״ — כן יאבדו.

איינס איז זיכער: מיטן אויפשטאַנד האָט וואַרשע פאַרשאַפט כבוד דעם יידישן פאָלק.

מיר זיינען אַרויף אויף אַ באַרג מיט ציגל פון צעשטויבטע יידישע הייזער. אַרבעטער מיט פיקעס שלעפּן אַרויס אַלטע ציגל צו בויען אַ נייע וועלט. יעדעס מאָל, ווען די פיקע שטעכט זיך אַריין אין דער ערד, טוט מיר אַ ציפּ ביים האַרץ — אָט־אָט, און וואַרעם בלוט וועט אַ שפּראָץ טאָן...



אַ באַרג מיט ציגל

אין אַלע געטאָס קאָן מען וויינען, נאָר דאָ, אויף די חורבות פון וואַרשעווער געטאָ, ווערן אַלע טרערן אויסגעטריקנט. דאָ וואַל־גערן זיך נישט מער קיין שטיקלעך הייליקייטן. איר זוכט מיט די אויגן צו געפינען עפּעס אַן אַנדייט, אַז דאָ האָבן געלעבט יידן דורות און דורות — — אַלץ איז אָפּגעמעקט...

קאָנט איר בלויז מיטנעמען אַ שטיקל ציגל, אַ ברעקל שטיין, אָדער אייזן, און אַ צווייגל פון אַ נאָדלבוים־קראַנץ, וואָס גוטע מענטשן לייגן דאָ אַוועק יעדן טאָג צום אָנדענק פון די קדושים פון געטאָ.

***

אויפן וועג צוריק גייען מיר ווידער איבער די גאַסן פון וואַר־שע. עס איז פרייטיק־צו־נאַכטס. וואו זיינען די ליכט, וואָס פלעגן לייכטן פון יידישע הייזער? וואו זיינען די יידישע פרויען, מאַמעס און באָבעס, וואָס האָבן געשיינט צוליב שבת־קודש?... קיין יידן פון שול גייען נישט; קיין ייִנגלעך מיט פּיאות און לאַנגע קאַ־פּאָטקעלעך זעט מען נישט; קיין זמירות זינגט מען נישט...

און דאָך — ביי דער טראַגיש־קליינער צאָל יידישע מענער, פרויען און קינדער טליעט אַ ניי יידיש לעבן. עס איז דאָ אַ הויז אויף שענע 60. דאָ זעט מען ווידער געזונטע בליאונג פון די בוימער און פלאַנצן, וועלכע דער נאַצי האָט נישט געקאָנט צעשטערן, ווייל די מערסטע פון זיי האָבן אין צייט זיך געראַטעוועט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד — זקנים, מיטליאָריקע, יוגנטלעכע און קינדער, וועלכע זענען־פאָר דעם יידישן קיום אין באַפרייטן פּוילן. עלטערע לייט זיינען אונטער דער אויפזיכט פון דער קהילה, דער יונגער דור ווערט באַזאָרגט מיט אַרבעט, און די קינדער — אָט־די יונגע בוי־מעלעך ווערן געפלעגט און געצערטלט מיט אַ ליבשאַפט, ווי נאָר די צוקונפט פון אַ פאָלק קאָן און דאַרף געפלעגט ווערן.

***

צוריקגעפאָרן קיין לאָדזש בין איך מיטן אָמניבוס. אינמיטן וועג בעט דער קאָנטראָליאָר וויזן די בילעטן. איך נעם זוכן מיין בילעט אין אַלע קעשענעס — נישטאָ! דער אָמניבוס איז אָנגעפילט מיט פּאָליאַקן, און מיין פּוילישע שפּראַך איז צעקאָליעטשעט. איך

טראַכט: אָט־אָט, און פון אַלע זייטן וועט מען אָנהויבן שרייען „זשיד זלאַדזשעי״ — אַ ייד אַ גנב, ווי אין די „אַמאָליקע גוטע צייטן״...

— וואָס האָסטו אָפּגעשטעלט דעם אָמניבוס? — רופט זיך אָפּ איינער פון די פּוילישע פּאַסאַזשירן — מיר האָבן אַלע געזען, אַז דער מאַן האָט געקויפט אַ בילעט.

מיר פאָרן ווייטער, און נאָך איידער מיר זיינען אָנגעקומען אין לאָדזש, האָב איך געפונען מיין בילעט און געוויזן דעם קאָנדוקטאָר. מיט אַ צופרידענעם שמייכל האָט ער געדאַנקט און גוטמוטיק זיך אַנטשולדיקט.

אָט־די פריינטלעכע באַציאונג נעמט זיך, אָן צווייפל, פון דער ריזיקער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס די פּוילישע פאָלקס־רעגירונג פירט אָן צווישן פּוילישן פאָלק. אַ גרויסער דאַנק קומט אויך דעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס העלפט אַרויס אין דער דאָזיקער אַרבעט. דאָס איז דער רעזולטאַט פון די דורכגעפירטע סאָציאַלע רעפאָרמען. דאָס מערקט זיך סיי אויף דער יידישער, סיי אויף דער אַלגעמיינער גאַס. וואָרום אַלע ערלעכע שיכטן און פּאַרטייען זיינען פאַראייניקט אין נייעם אויפבוי און זיינען דעצידירט צו שלאָגן די רעשטלעך פון רעאַקציע און פאַשיזם.

# טשענסטאָכאָוו

**ד**עקס אַזייגער פאַרטאָג גייט אָפּ אַ באַן קיין טשענס־טאָכאָוו, וואו ס׳איז געשטאַנען מיין שרהס וויגעלע. פון דאָרט האָב איך געשוואַרצט די גרענעץ קיין דייטשלאַנד מיט פינף־און־צוואַנציק יאָר צוריק. מיר זיינען דעריבער ביידע שטאַרק נייגעריק צו זען וואָס ס׳איז געוואָרן פון דער קאָזשע גאַס, קאַווע גאַס, גאַרבאַרסקי, יאַטקע גאַס, די ערשטע אַלייע — אַלע גאַסן, וואו עס האָבן גע־וואוינט קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן.

פון גראַנד האָטעל, וואו מיר שטיין־איין, איז אַ שפּאַציר צום וואָקזאַל. ס׳פאַלט אַ געדיכטער שניי. אַ גליק וואָס מיט אַ טאָג פריער האָב איך געקויפט אַ פּאָר קאַלאָשן, און טאַקע זייער ביליק, אין אַ געשעפט פונקט אַנטקעגן דעם האָטעל. אין אַמעריקע האָט מען עס דעמאָלט גאָרנישט געקאָנט קריגן.

דער וואָקזאַל איז זייער שוואַך באַלויכטן, נאָר אין דער באַן איז ממש חושך — פינצטער, ווי אין אַ זאַק. די פענצטער זיינען פאַרהאַקט מיט ברעטער. עס רוקן זיך אַריין פרויען מיט שווערע קאָשיקעס, טאַפּן מיט די פינגער וואו ס׳איז פאַראַן אַ שטיקל ליי־דיקע באַנק צום זיצן.

מיר פאָרן. די בענק זיינען האַרט, ווי שטיין, אָבער דאָס שטערט נישט די „פּשעקופּקעס״ צו זיין זייער באַרעדעוודיק און מיט דער גרעסטער געדולד זיך אויסדערציילן וואָס ביי יענעם אונטערן נאָגל. די מענער, פּאָליאַקן, רעדן וועגן פרנסה. פאַראַן צווישן זיי פּאַפּיראָסן־הענדלער, ברויט־ און ציבעלע־פאַרקויפער, — אַלע אַמאָליקע יידישע פּרנסות, טראַכט איך...

אינמיטן פאָרן, ווען די באַן איז געגאַנגען אין פולער שנעל־קייט, ווערט אויפגעפּראַלט די טיר, און עס טוט אַ יאָג אויף אַלע־מען מיט ווינט און שניי. די פּאַסאַזשירן טוען אַ בורטשע. עס

שלייכן זיך אַריין דריי סילועטן. אַהאַ, טראַכט איך, „לאַנדאַנס פּוי־לישער אונטערגרונט" גייט דאָ „מאַכן אַ דזשאַב". ערשט עס דער־הערט זיך מוזיק פון אַ פידל, אַ מויל־האַרמאָניקע און אַ פייפל — אויך אַ פּרנסה...

מיר זיינען אין טשענסטאָכאָוו און מיר גייען אַראָפּ פון באַן. אַ ייד שאַרט זיך צו נייגעריק: — פון וואַנען קומט עטץ?

— פון לאָדזש.

— איז דאָרט רואיק?

— רואיק, ווי ביי איך די וואַרטע.

— מ'זאָגט, אַז נעכטן איז דאָרט געווען אַ פּאָגראָם...

— מאַלע וואָס מ'זאָגט, — שמייכל איך — נעכטן האָט מען אין לאָדזש אונדז געוואָרנט, מיר זאָלן נישט פאָרן קיין טשענסטאָ־כאָוו, ווייל ס'איז אַ געפאַר פאַר אַ יידן אַרויסצוגיין אין גאַס.

— גייטס שוין, גייטס, — איז דער ייד מבטל — מאַלע וואָס מען זאָגט.

— אָט־דאָס מיינען מיר דאָך, — בייזע צינגער...

ל. ברענער, דער פאָרזיצער פון שטאָט־קאָמיטעט, האָט אונדז באַקענט מיט יעדן ווינקעלע פון יידישן לעבן. די געטאָס אין די קלענערע יידישע ישובים זיינען שנעל ליקווידירט געוואָרן און דאָס האָב און גוטס צעראַבירט. בעת אין די גרעסערע שטעט, ווי לובלין, לאָדזש און ביאַליסטאָק, וואו עס האָט זיך געפונען די טעקסטיל־אינדוסטריע מיט קוואַליפיצירטע יידישע אַרבעטער, האָבן די נאַציס אַזוי מאַנעווורירט, אַז די דאָרטיקע יידן זאָלן זיין די לעצ־טע געשיקט צו ווערן אין די קרעמאַטאָריומס. מחמת די הענקער פון געטאָ האָבן געוואוסט, אַז נאָך דער פולשטענדיקער ליקווידאַציע וועלן זיי אַליין מוזן גיין אויף די פראָנטן. אַזוי אַרום זיינען אין טשענסטאָכאָוו נאָך געווען יידן אין דער געטאָ, ביז די רויטע אַר־מיי האָט זיי באַפרייט.

ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די שטאָט פאַרמאָגט דרייסיק טויזנט יידן און אַ צאָל וויכטיקע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין פוילן און איבער דער יידישער וועלט: די פּרץ שול און קינדער־היים; צוויי יידישע גימנאַזיעס; די „טערעס"־ביבליאָטעק מיט פינף־און־צוואַנציק טויזנט ביכער און די אַרבע־טער־ביבליאָטעק מיט העכער פופצן טויזנט ביכער. אַחוץ אַ ריי

אַנדערע וויכטיקע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס דאָרטיקע פולסירנדיקע יידישע לעבן. אין אָנהויב פון דער טראַגישער מלחמה זיינען צוגעקומען וואַסערע צוואַנציק טויזנט יידן אין שטאָט. פון די קאַרגע פופציק טויזנט יידן אונטער די דייטשן זיינען נאָך אַ טאָג פאַר דער באַפרייאונג געוועז אַרום עלף טויזנט יידן אין שטאָט, וועלכע די הענקער האָבן זיך באַמיט נאָך אויף גיך צו ליקווידירן. אָבער אַדאַנק דער שנעלער אָפּענסיווע פון דער רויטער אַרמיי, איז נאָך זיי געלונגען דעם 16טן יאַנואַר 1945 צו באַפרייען העכער פינף טויזנט פאַרהונגערטע יידן.

נאָך פאַר דעם אויפשטאַנד אין וואַרשע האָבן יידן אין טשענסטאָכאָוו געגרייט אַן אויפשטאַנד. אָבער אַ ייד טאָקע האָט פאַרראַטן, און דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן. דאָס האָט אָבער נישט אָפּגעהאַלטן די יוגנט צו געבן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. גאַנצע גרופּעס זיינען אַוועק אין די וועלדער, און פון דאָרט זיינען זיי אַרויס אויף דער „אַרבעט" — און זייער פיל נאַציס האָבן באַצאָלט מיט זייער הינטיש לעבן. אַ סך פון די גרופּעס זיינען ביי דער „דיווערסיע־אַרבעט" אומגעקומען. אָבער דער האַס צום דייטש איז געווען אַזוי גרויס, אַז דאָס האָט נישט אָפּגעשראָקן די אַנדערע ווייטער אָנצוגיין מיט דער אַרבעט.

די טויזנט יידן, וואָס געפינען זיך אין שטאָט (בשעת איך בין דאָרט געווען) לעבן באַקוועם און צופרידן. דאָ, מער ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן, געפינען זיך אַלט־איינגעזעסענע יידן.

אין שטאָט־קאָמיטעט פונעם יידישן צענטראַל־קאָמיטעט אַרבעטן צוזאַמען פאָרשטייער פון אַלע יידישע פּאַרטייען: דער בונדיסט ל. ברענער, דער ציוניסט קאָניצפּאָלער, דער מיטגליד פון דער פּ. פּ. ר. אייזנבערג און פראָמינענטע געזעלשאַפטלעכע טוער פון אַנדערע ריכטונגען. דאָס איז נאָר דערפאַר, ווייל אַלע האָבן גרויסן צוטרוי צו דער רעגירונג. ווי אַ ביישפּיל, דערציילט מיר ל. ברענער, אַז ווען עס איז פאָרגעקומען דער פּאָגראָם אין קיעלץ, איז אויף אַ טאָג שפּעטער געווען באַשטימט אַ פאַרזאַמלונג פון די יידן אין שטאָט, כדי צו פאַרהאַנדלען אַ ריי נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען. די פראַגע איז געשטאַנען ביים קאָמיטעט, צי זאָל די פאַרזאַמלונג פאָרקומען, אָדער צוריקגערופן ווערן. האָט מען אָנגעפרעגט ביי די העכערע אינסטאַנצן פון דער רעגירונג. עס נעמט

נישט לאַנג און עס קלינגט דער טעלעפאָן: יאָ, מען ראַט אָנצו־ גיין מיט דער פאַרזאַמלונג, ווי פּלאַנירט.

„מיר זיינען געגאַנגען — דערציילט ווייטער ל. ברענער — אַביסל נישט זיכער. אויף אַלע ראָגן שטייט מיליץ אין ציווילע קליידער. עס וואַכן אויך די אַרבעטער... אין זאַל זיינען געווען פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט יידן. אויף יעדער באַנק זיצט אַ מיליציאָנער אין ציווילע קליידער. דער עולם האָט עס נישט גע־ וואוסט. מיר האָבן נישט געוואָלט אַרויסרופן אַ פּאַניק. און אַלץ איז דורך בשלום. אָט־אַזאַ רעגירונג פאַרמאָגט היינט פּוילן. דער קיעלצער פּאָגראָם האָט געקאָסט די פּוילישע פאַשיסטן פון אַנדרעס און באָר קאָמאַראָווסקיס חדר היפשע עטלעכע לעבנס, און מיט דעם האָט מען אָפּגעווישט דעם שאַנד־פלעק, וואָס די פּראָוואָקאַטאָרס האָבן אַרויפגעוואָרפן אויף פּוילן".

דער שטאָט־קאָמיטעט האָט אונדז צוגעטיילט אַ באַגלייטער, וועלכער האָט אונדז געפירט איבער דער שטאָט. ס'איז פּשוט אי־ בער די כוחות צו פאַרצייכענען אַלץ, וואָס מען האָט מיר איבער־ געגעבן, זייענדיק אין טשענסטאָכאָוו. די יידן אין פּוילן בכלל האַלטן, אַז מען טאָר נישט פאַרשווייגן פאַר דער וועלט אָט־דאָס אומגלויב־ לעכע, — דעם אוומקום פון זעקס מיליאָן יידן, צווישן זיי די אויס־ ראָטונג פון דרייסיק טויזנט טשענסטאָכאָווער יידן. אין יעדן הויז, וואו מיר זיינען אַריינגעקומען אין טשענסטאָכאָוו האָבן יידן פון פאַרשידענע ריכטונגען אונדז חבריש און האַרציק אויפגענומען. מיר האָבן פאַרבראַכט אין די היימען פון די אָנפירנדיקע יידישע געזעלשאַפטלעכע טוער פון שטאָט, און אומעטום געהערט וועגן די טראַגישע און העלדישע איבערלעבונגען פון אונדזערע שוועסטער און ברידער פון טשענסטאָכאָוו.

עס איז געווען — דערציילט מען אונדז — אין פעברואַר, 1943. די דייטשן האָבן פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז יידן, וועלכע האָבן קרובים אין ישראל, וועלן ווערן אויסגעטוישט אויף דייטשן, וואָס געפינען זיך אין ענגלאַנד. אין די הונדערטער האָבן אומגליקלעכע יידן זיך געמאָלדן אין „יודן־ראַט". דער טייוולישער פּלאַן איז געווען גוט אויסגערעכנט. פּורים, 1943, זיינען ביי ד"ר ווינדער אין הויז געווען פאַרזאַמלט אַ סך דאָקטוירים מיט זייערע פריינט און משפחות, צווישן זיי ד"ר בלומענפעלד, ד"ר קייאַק, ד"ר ליפּינסקי. דאָס איז

מען געקומען פייערן דעם זיבעטן געבורטסטאָג פון ד״ר ווינדערס מיידעלע, לילי. די קינדער טאַנצן, זינגען, זיינען פריילעך. פּלוצים קומט אַ באַפעל, אַז אַלע דאָקטוירים מיט זייערע פרויען און קינדער זאָלן זיך פאַרזאַמלען אויפן מאַרק־פּלאַץ, ווייל נאָך היינט מוזן זיי אָפּפאָרן קיין פּאַלעסטינע...

די זאַך איז פאַרדעכטיק, אָבער דאָך קלויבט מען צוזאַמען דאָס ביסל האָב און גוטס און מען גייט אויפן מאַרק־פּלאַץ. די לאַסט־אויטאָס שטייען שוין גרייט. מיט אַמאָל ווערן די אויטאָס אַרומגע־רינגלט מיט באַוואָפנטע זשאַנדאַרן. איצט איז דער טייוולשער פּלאַן שוין גאַנץ קלאָר און מען זוכט צו אַנטרונען ווערן. אַ מיט־גליד פון דער יידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, וו. קאַפּלינסקי, שפּרינגט דער ערשטער, נאָך אים פיל אַנדערע, אָבער בלויז געציילטע גיט זיך איין צו אַנטלויפן. די איבעריקע ווערן געבראַכט אויפן בית־עולם, אין טהרה־שטיבל. מען רייסט פון זיי אַרונטער די קליידער און מען שטעלט זיי אויס אין רייען. פריער קומען די עלטערן. אַ שאָס נאָך אַ שאָס, און זייערע לעבנס זיינען אויסגעלאָשן...

פאַר די קינדער זיינען קוילן צו טייער, — דאָס „הערן־פאָלק״ פירט דאָך עפּעס מלחמה. ווערן די קינדער אומגעבראַכט אויף אַן אַנדערן גרויזאַמען אופן, — זעלטן דורך אַ שאָס. די קליינע לילי איז צווישן די „גליקלעכע״ — איז דאָך היינט איר געבורטסטאָג. זי ווערט באַשאָנקען מיט אַ „גנאָדן־קויל״...

באַזונדער טראַגיש איז די געשיכטע פון דער לעצטער „סע־לעקציע״ (דעם 25טן סעפּטעמבער, 1943), ווען עס איז דורכגע־פירט געוואָרן די גרעסטע שחיטה איבער יידישע קינדערלעך. דאָס דאַרף ווערן אַ שטענדיקער געדענק־טאָג, כדי מיט האַס און נקמה צו דערמאָנען דער וועלט וועגן דעם שוידער און גרויל, וואָס דאָס „הערן־פאָלק״ האָט געטאָן צו אַ שטאָט יידן פון אַרבעטער, סוחרים און אינטעליגענץ, בפרט צום יידישן קינד.

געוועזן דאָרט דער בלוט־דאָרשטיקער נאַצי־מערדער גענעראַל דעגענהאַרט. ער האָט זיך אַרומגערינגלט מיט אוקראַינישע באַנ־דיטן, וועלכע האָבן אים אַרויסגעהאָלפן אין דער מערדערלעכער אַרבעט. אָבער טיילמאָל האָט ער מיט די אייגענע לאַפּעס געריסן אברים פון פּיצלעך יידישע קינדער. אָט־דער דעגענערירטער נפש האָט עטלעכע טעג נאָך דער שוידערלעכער שחיטה באַפוילן, אַז די

קינדער זאָלן קריגן פון דער בעסטער פלעגע: פלייש, מילך און האָניק. פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם האָט ער געמאַכט דעם גאַנצן יודן־ראַט. אַחוץ דעם פלעגט ער אַליין באַזאָרגן די קינדער מיט כלערליי גוטס. ביז איינמאָל, אינמיטן נאַכט, האָט זיין באַנדע משרתים די זעלבע קינדער אויסגעטאָן נאַקעט אין אַ שרעקלעכן פראָסט, זיי געוואָרפן ווי פוילע עפּל אויף לאַסט־וועגענער, און מער האָבן זיי קיינמאָל, קיינמאָל זיך ניט צוריקגעקערט...

***

מיר האָבן געבראָדזשעט איבער די חרובע גאַסן און הייזער און געזען דעם שטילן צער פון פרומע יידן. נישטאָ קיין שול צו דאַווע־נען, נישטאָ קיין איין גאַנצע ספר־תורה, — בלויז עטלעכע צע־פליקטע, נאַקעטע ספרים, וואָס זיינען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון אונטער די חורבות... אָבער זיי נעמען אַלץ אָן פאַר ליב. מאַכט מען דערווייל אַ מנין אין „שטיבל״, דאָרט וואו עס איז געווען די נייע מקוה אין טשענסטאָכאָוו. דאָרט הענגט אויך די גרויסע קאַנ־דעלאַברע פון דער דייטשער שול. אַ פּוילישער גלח האָט עס אָפּגע־ראַטעוועט און באַהאַלטן צוזאַמען מיט אַביסל יידישע הייליקטימער. מיט פרייד האָט ער שפּעטער זיך צעקושט מיט אַ ייד, — מיט דעם ערשטן פרייען ייד, וואָס האָט דערלעבט צו זען די ווייסע וועלט נאָך דער באַפרייאונג.

דאָ געפינט זיך אויך דער שוחט און די כשרע קאָלעקטיווע קיך, — זאָלן יידן עסן פון כשרער שחיטה, אויב זיי ווילן.

עס איז שוידערלעך צו הערן וואָס די מענטשן דערציילן — גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מיר האָבן שוין געלייענט אין באַריכטן. אָבער מען לעבט אויך מיט זיי מיט דאָס נקמה־געפיל, ווען זיי דערציילן: „מיר האָבן דערלעבט, אַז מיט אונדזערע איי־גענע הענט, מיט לאָפּעטעס, האָבן מיר אַרויסגעוואָרפן אויפן מיסט די נאַצישע געהירן פון די גרעסטע נאַצישע הינט״.

אונטער די חורבות פון דער געטאָ, אין דער קאַווע גאַס, ליגן באַגראָבן מאַסן יידישע מענער, פרויען און קינדער. דאָס פעלד האָט אַמאָל געהערט צו דעם רייכן פאַבריקאַנט מאַרקוס פעלד. די אויבערשטע ערד איז שוין צעאַקערט און פאַרזייט מיט גרינסן. דער





מ׳ברענגט צו קבר־ישראל קרבנות פון די היטלער־הענקער

יידישער קאָמיטעט האָט דעמאָלט זיך געגרייט אויסצוגראָבן די קדושים און זיי מקבר זיין אין אַ ברידער־קבר.

מיר זיינען אויך געווען אויפן בית עולם. די שטיינער זיינען מייסטנס צעשאָסן און צעטראָמפּלט. דער יידישער קאָמיטעט באַמיט זיך צו ברענגען אַלץ אין אָרדענונג, מיט געהעריקע אויפשריפטן. אַזוי קאָנען מיר לייענען אויף איין קבר: „דאָ רוען זעקס יונגע פּאַרטיזאַנען, געפאַלענע אין קאַמף פאַר פרייהייט דעם 19טן מערץ



חרובער בית־עולם אין טשענסטאָכאָוו

1943 — פּלאָמבאום מאַנעק, 21 יאָר אַלט; הערשענבערג אַלעק, 26; קראוזע יאַנעק, 23; ריכטער הענעק, 19; ראָזענבלאַט יעזשיק, 18; שיין שלמה, 23".

אויף יענער זייט וואַנט פֿון בית־עולם האָב איך געזען גרויסע שטרעקעס פֿעלד, וואו עס רוען אין אַ ברודער־קבר צען טויזנט קעמפֿער פֿון דעם מעכטיקן סאָוועטן־לאַנד, וואָס האָבן פּאַרטיליקט דעם פֿאַשיזם. עס ליגן צוזאַמען רויט־אַרמייער, וואָס זיינען געפֿאַלן אין שלאַכט, סיי די געפֿאַנגענע, וואָס זיינען אויסגעגאַנגען פֿון הונ־גער און דערמאָרדעט געוואָרן פֿון פֿאַשיסטישע קאַניבאַלן. דאָס פֿעלד ווערט איצט אָפּגעהיטן און געהאַלטן אין אָרדענונג פֿון דער פּוילישער רעגירונג.

זונטיק אינדערפֿרי גיבן מיר די חברים אַ "לעקעכל" — מען פֿירט מיך אין דעם "יאַסנאַ גוראַ קלויסטער", וואָס האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט די גנבות פֿון דעם גלח מאַצאָך. אַזעלכע רייכטימער האָב איך נישט געזען אַפֿילו אין פּאַריזער "נאָטרדאַם". איך טראַכט נאָר: וועלכער ייד וואָלט עס געוועזן געוואַגט צו באַזוכן דעם פּלאַץ בעת דער פֿאַשיסטישער רעגירונג אין פּוילן?...

פֿון דאָרט זיינען מיר אַוועק צו אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון עטלעכע הונדערט מענער און פֿרויען. מיר האָבן דאָרט געטראָפֿן דעם קצב

שײַנוואַלד, וועלכער אַרבעט אין די דאַרטיקע יאַטקעס, דעם שוסטער יאַנקל יאָסעלעוויטש, מענטשן פון דער משפחה אײַזענגיסער אין וואַל־קאַנס פאַבריק און אַנדערע געשעפטן, אויך דעם (איצט פאַרשטאָר־בענעם) זשורנאַליסט פראַנק, — אַלטע תושבים פון טשענסטאָכאָוו פון דור דורות, וועלכע האָבן באַוויזן אַרויסצוגיין לעבעדיק פון די היטלער־רציחות.

ווען מען האָט מיך געבעטן צו זאָגן עטלעכע ווערטער ביי דער פאַרזאַמלונג, האָבן זיי געהאַט בלויז איין באַדינג: „דער־ציילט אונדז נישט דאָס, וואָס יעקב פּאַט האָט אונדז דערציילט, — דערציילט אונדז ניט ווידער, אַז איר, אַמעריקאַנער, האָט געהאַט אַ העברי קאַיזער, און דער קאַיזער האָט יעדן טאָג געבויט אַ שיף פאַר אַמעריקאַנער סאָלדאַטן, און אַז די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן זיינען געוועזן אונדזערע משיחים... דערציילט אונדז אויך נישט, אַז דאָ, ביי אונדז, האָט זיך געגאָסן בלוט, — מאַכט עס נישט אַזוי טעאַטראַליש, ווי ער. וואָס דאָ איז געווען, ווייסן מיר בעסער".

די יידן פון טשענסטאָכאָוו קריגן די גרעסטע הילף פון דער פוילישער רעגירונג. זיי פאַרלייקענען אָבער אויך נישט די הילף, וואָס עס האָבן זיי געגעבן די אַמעריקאַנער יידן, בפרט די טשענס־טאָכאָווער לאַנדסלייט פון ניו־יאָרק. זיי האַלטן בלויז, אַז מ׳דאַרף עס זיי נישט אויפוואַרפן ביי יעדער געלעגנהייט. אַ באַזונדערס שלעכטן איינדרוק האָט אויף זיי געמאַכט פּאַטס העצערישע אַרטיק־לען, וואָס ער האָט געשריבן נאָך זיין צוריקקומען אין ניו־יאָרק.

אַזעלכע אַרטיקלען צעמישן בלויז די געמיטער פון אַ טייל יידן אין פוילן, וועלכע זיינען ערשט אַרויס פון די בייזע אומגליקן אונטער היטלערן. די מינדסטע אַנדייטונג שרעקט זיי און מען נעמט „לויפן". דערציילן מיר צוויי יונגעלייט, אַז אונטערן איינדרוק פון אָט־דער בהלה, זיינען זיי אַוועק קיין פּאַריז. אָבער זעענדיק דאָרט, ווי אין דער אַמעריקאַנער זאָנע קעכלט מען די גרעסטע שונאים פון יידישן פאָלק, האָבן זיי — אַנטוישטע — צוריק זיך אומגע־קערט קיין טשענסטאָכאָוו.

עס איז שוין געווען באַלד צוועלף ביינאַכט, ווען מיר זיינען מיט אַ גרופּע מענער און פרויען אַוועק פון דער פאַרזאַמלונג. מיר גייען איבער די שטילע, נישט איבעריק באַלויכטענע גאַסן פון טשענסטאָכאָוו, און איינער פון דער גרופּע ווענדט זיך פּלוצים צום



ביי א פאַרזאַמלונג אין טשענסטאָכאָוו

(אויף דער פּלאַטפאָרמע: ר. פאַזנער [שטייט], שרה פאַזנער און ל. ברענער)

פּאַרזיצער פון שטאַט־קאָמיטעט: „חבר ברענער, איר האָט גאָר־נישט קיין מורא צו גיין אַהיים אַזוי שפּעט ביינאַכט״?

חברה שיסט אויס אין אַ געלעכטער. דאָס איז געווען אַ קיבעץ אויף מיין חשבון, נאָכדעם ווי כ׳האָב זיי דערציילט, אַז מ׳האָט מיך געוואָרנט נישט צו גיין שפּעט ביינאַכט אין פּוילן.

דאָס לעבן אין פּוילן איז איצט זיכער און רואיק. און אויב עס פּאַסירט עפּעס אַ פּראָוואָקאַציע (וואָס איז נישט אויסגעשלאָסן, בפרט בשעת וואַלן), שטייט די מיליץ אויף דער וואַך און די באַנ־דיטן ווערן שטרענג באַשטראָפט. אַזוי, למשל, האָט פּאַסירט, אַז אין צייט פון דעם קעלצער פּאָגראָם האָבן די פאַשיסטן זיך פאַר־מאָסטן אויך אויף טשענסטאָכאָוו. אַ פרוי האָט אויסגעשמירט צוויי קינדער מיט בלאָטע און, פירנדיק זיי איבער די גאַסן, האָט זי גע־שריען, אַז יידן האָבן אויסבאַהאַלטן די קינדער אין אַ קעלער, כדי זיי צו טויטן. די מיליץ האָט זי תיכף אַרעסטירט, און שפּעטער איז זי מיט אירע אַרויסהעלפער נישט געווען וואָס מקנא צו זיין...

געווען דעמאָלט אַן אויסערגעוויינלעך געזעץ אין שטאָט טשענס־טאָכאָוו: די ציווילע פּאָליאַקן איז געווען שטרענג פאַרבאָטן צו טראָגן געווער, בעת די יידן האָבן געקאָנט באַקומען אַ דערלוי־בעניש פאַר דעם. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געטאָן געוואָרן צוליב זיכערקייטס וועגן.

די טוער האָבן אונדז געפירט אין קינדער־היים, וואו מיר האָבן פאַרבראַכט זייער אָנגענעמע מאָמענטן מיט די קאַרגע הונדערט קינדערלעך. מיר האָבן מיט אייגענע אויגן געזען וואָס די נאַציישע בעסטיעס האָבן אָפּגעטאָן מיט אָט־דעם קליינוואַרג. מיר האָבן אָבער אויך באַוואונדערט מיט וויפל זאָרג און צערטלעכקייט די קינדער ווערן דאָ באַהאַנדלט. מען האָט צוגערופן אַ שוואַרץ, ליכטיק יידיש יינגעלע, וואָס געפינט זיך דאָ ערשט זעקס וואָכן. די גאַנצע צייט האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי פּויערים. דאָס קינד איז געווען פאַרקריפּלט און אויסגעצערט. איצט זינגט ער שוין און לאַכט צו־זאַמען מיט די אַנדערע קינדער.

געננוג שלעכטס האָבן געוויסע פּאָליאַקן געטאָן די יידן אין צייט פון דער אָקופּאַציע. עס האָבן זיך אָבער געפונען אין פּוילן אפשר פונקט אַזוי פיל „חסידי אומות העולם״, וועלכע האָבן גע־האָלפן ראַטעווען יידן, און דער עיקר יידישע קינדערלעך. אַרום

הונדערט קינדער זיינען צוזאמענגעקליבן געוואָרן, מייסטנס פון פויערים־היימען, צווישן זיי אויך ל. ברענערס מיידעלע, וועלכע אַ פּוילישע פויערים־משפחה האָט געראַטעוועט און זי אויסבאַהאַלטן די גאַנצע צייט פון דער נאַצי־אָקופּאַציע.

אין דער קינדער־היים האָבן מיר אויך געזען יידישע קינדער, וואָס זיינען צוריק אַרויסגענומען געוואָרן פון קלויסטערס, — קינ־דער מיט אָפּגעפרוירענע פינגער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אי־בער פעלדער און וועלדער.

ביז איצט נעמט מען נאָך אָפּ קינדער פון קלויסטערס, וועלכע די נאָנעס האָבן אויסבאַהאַלטן, אָדער וואָס פויערים ברענגען אין יידישן קאָמיטעט. זייער אָפט פאָדערן זיי אַ הויכן פּרייז פאַר אָפּ־געבן די קינדער. אָבער דער יידישער קאָמיטעט טוט אַלץ, וואָס אין זיין מאַכט, כדי די געראַטעוועטע קינדער, די מיינסטע פון זיי יתומים, אומצוקערן ווידער צו אַ גליקלעך לעבן.

דערביי האָבן זיי צו באַקעמפן נאָך אַן „אייגענע" צרה: אומ־פאַראַנטוואָרטלעכע, אויסלענדישע יידישע אַגענטן פירן־אָן אַ העס־לעכע, חוצפּהדיקע קאַמפּאַניע צווישן יידישן ישוב און נישט זעלטן באַפאַלן זיי די יידישע קינדער־היים און גנבענען אַרויס קינדער פון דאָרט. אויף דעם באַקלאָגן זיך סיי בונדיסטן, סיי ציוניסטן. ווערזשע פאָרט איז שולדיק אין אַזאַ פאַרברעכן?...

נאָך עטלעכע טעג זיין אין טשענסטאָכאָוו, האָבן מיר זיך האַר־ציק אָפּגעזעגנט מיט די טייערע, אויפריכטיקע מענטשן דאָרט און באַזונדערס זיך אָנגעפרייט מיט דעם ביסל אייגענע פון מיין פרויס משפחה, וועלכע זיינען געבליבן לעבן אַדאַנק דעם, וואָס זיי האָבן זיך געראַטעוועט אין סאָוועטן־פאַרבאַנד און זיינען איצט צוריק־געקומען בויען אַ ניי לעבן.

# אין יידישע קינדער־היימען

אַלס יונגער ייִנגל פֿלעג איך ביי אונדז אין הויז הערן רעדן וועגן אָטוואָצק, — די שטאָט, וואו עס פֿאָרן זיך קורירן אַלע נגידים. געמיינט האָב איך דעמאָלט, אַז אָטוואָצק געפֿינט זיך ערגעץ הינטער הרי חושך, — מ'דאַרף פֿאָרן מיט שיפֿן און מיט באַנען. מיין פֿאַנטאַזיע האָט זיך אָוועקגעטראָגן ווייט, ווייט — — אין אָטוואָצק בליען אַ גאַנץ יאָר גערטנער מיט בעז און אַנדערע שמעקנדיקע בלומען — דאָרט זיינען פֿאַראַן סעדער מיט אויבסט, מיט אַזעלכע באַרן און עפּל, אַז ווען מ'בייסט־איין, צעגייט זיך די זאַפּט אין אַלע אברים. אַ קלייניקייט — אָטוואָצק! אַז יעדער קראַנקער ייד, אַפֿילו אָן אַ קוויטל צום רבין, קאָן דאָרט אויסגעהיילט ווערן!...
אַ סימן: ווען מיין שוועסטערל, זיסל, האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן און זי איז צוריקגעקומען פֿון פֿאָזנאַנסקיס שפּיטאָל מיט אַ רערל אין האַדלז, האָט די מאַמע גערעדט, אַז ווען מען קאָן פֿאָרן מיטן קינד קיין אָטוואָצק, וואָלט איר גאָט געהאָלפֿן...

אַזוי האָב איך און מיין מאַמע געחלומט...

איצט, אַז אָטוואָצק איז מיטן האַנט צו דערלאַנגען, דאַרף מען, טראַכט איך, צופֿאָרן און אָנזעטיקן מיין קינדערשע פֿאַנטאַזיע.

מיר פֿאַרפֿאָרן צו אַ פּראַכטפֿולער געביידע, אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן און מיט שמעקנדיקע נאָדל־בוימער. פֿאַרן הויז שטייט אַ יידישע וואַך. אויך הינט, גרויסע ווי די גזלנים, שמייען אַרום. דאָס באַוואַכט מען די קינדערלעך, וואָרום עס לויערט אַ געפֿאַר אויף זיי פֿון די פּוילישע באַנדיטן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פֿון דער לאַנדאָנער „סאָציאַליסטישער רעגירונג".

אינעווייניק איז וואַרעם און ליכטיק. מען דאַרף זען די יידישע קינדער־היים! אַזעלכע קינדער־היימען, וואָס געפֿינען זיך אין נאָך אַ ריי אַנדערע שטעט אין פּוילן, האָב איך נישט געזען אין קיין

שום אַנדער לאַנד אין אייראָפּע, אויך נישט אין אונדזער רייכער אַמעריקע. מען דאַרף זען מיט די אייגענע אויגן, ווי אַ רעגירונג זאָרגט פאַר יידישע קינדער. שוין דאָס אַליין ווייזט וואָס פאַראַ „איבערקערעניש" עס איז פאָרגעקומען אין פּוילן.

די קינדער — וואָרעם אָנגעטאָן, מיט ליכטיקע אויגן, רויטע בעקעלעך. די מערסטע נאָר וואָס צוריקגעקומענע פון ראַטן־לאַנד. פאַראַן אָבער צווישן זיי אַזעלכע, וואָס מען האָט „אויפגעקליבן" אין די וועלדער און פעלדער. אָט איז אַ קינד, וואָס איז פון דער אייגענער מאַמע אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אין אַ וואַליזע פון אַ לויפנדיקער באַן, וואָס האָט זיי געפירט צו די קרעמאַטאָריומס. און אָט איז אַן אַנדער קינד, וואָס איז אויסבאַהאַלטן געוואָרן ביי פּוילישע שכנים.

די קינדער האָבן ס'רוב גערעדט רוסיש. ווען איך האָב געקוקט אויף זיי, געטאַפּט זייערע פּוכיקע בעקעלעך, האָב איך געבענטש דאָס לאַנד, וואָס האָט די יונגע לעבנס געראַטעוועט.

פאַר באַגייסטערונג איז מיך מיין באַשיידענע „מוזע" באַפאַלן, און איך האָב אויף צומאָרגנס צוגעשיקט די קינדערלעך אַ מתנה מיט אַ לידל:

עס פאַלן שנייעלעך,
פּראַסטיק איז דער באַגינען —
וואונדערט זיך רייזעלע,
פון וואַנען ס'האָט זיך גענומען.

רופט זיך אָן בלומעלע:
דער שניי קומט פון הימל
פאַר שליטעלעך, קינדערלעך
צו מאַכן אַ טומל.

זאָגט מירל צו יאָסלען:
פאַרמאַך טיר און טויערן,
אויך פייגל פאַרשווינדן
נישט צו ווערן פאַרפרוירן.

שרייט יאָסעלע העכער:
זאָל דער פרילינג שוין בליען!
וועלן מיידעלעך, ייִנגעלעך
ווי פויגעלעך פליען.

***

מיר פאָרן אויך באַזוכן די קינדער־היים אין העלע נואוועק, וואָס געפינט זיך אויפן וועג קיין זגערזש. מיר פאָרן אין דער באַגלייטונג פון דיכטער י. שפּיגעל. אונדזער לאַסט־אויטאָמאָביל טראַסקעט טומלדיק איבער די שלעכט ברוקירטע, חרובע גאַסן, פאַרביי אָפּגעברענטע יידישע הייזער. וואָס ווייטער מיר פאָרן, אַלץ וויינִיקער מענטשן באַגעגענען מיר. איך דערקען די גאַסן, — האָב איך דאָך דאָ מיין יוגנט, מיין קינדהייט פאַרבראַכט... אָט זיינען הייזער, וואו מיינע יוגנט־חברים האָבן געוואוינט. אַלץ יידישע הייזער, געשעפטן, אַנשטאַלטן, וואו ס'איז געווען אַמאָל אַ שפּרודלדיק לעבן — — איצט הערשט דאָ אַ טויט־שטילקייט, אַז עס פאַרקלעמט ביים האַרץ...

אין דער קינדער־היים איז ליכטיק, וואַרעם, ציכטיק. קינדערלעך, כמעט אַלע גאַנצע, אָדער האַלבע יתומים, שפּילן זיך, זינגען, טאַנצן. אַ לעבן אויף זיי!

מיר דאַנקען דער פאַרוואַלטערין פאַר איר ליבשאַפט און זאָרגפעלטיקייט, מיט וועלכע זי רינגלט אַרום די קינדער, און איך שרייב אַריין אין דעם גאַסט־בוך: „איך מאַך שהחינו וואָס איך האָב דערלעבט צו זען, אַז אויך ליבענקע קינדערלעך פון אַרבעטער־קלאַס האָבן ברויט, שיך און קליידער, און אַ דאַך איבערן קאָפּ".

אויפן וועג צוריק ווערט אַביסל אונדזער פרייד געשטערט. מיר שטעלן זיך אָפּ אויף געני סאַווינסקע גאַס, און דאָ אַנטפּלעקט זיך אַ שוידערלעך בילד: פאַר דער מלחמה איז דאָ געווען אַ גרויסע שפּינעריי־פאַבריק. אונטער די נאַציס איז די שפּינעריי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טורמע פאַר ווידערשפּעניקע, אָדער פאַר אַזעלכע, וואָס זיינען נישט נאָכגעקומען די „האַנדל־רעגולאַציעס" פון די היטלעריסטן און פאַרקויפט אַ סקאָרינקע צו אימיצן.

די פאַבריק־טורמע איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכן צעמענטענעם פּאַרקן, די ווענט — אַרומגעצוימט מיט שטעכיק דראָט.

אין אַלע פֿיר עקן זיינען געווען אויסגעמויערט טורעמס פֿון שטיין און שטאָל, און אין יעדן טורעם האָבן זיך טאָג און נאַכט געפֿונען וועכטערס מיט אָנגעשטעלטע מאַשין־ביקסן. אַ שלעכטן טראָט געמאַכט אין הויף צווישן די פֿיר קאַלטע, גרויזאַמע ווענט — האָט אַ הילך געטאָן אַ שאָס און אַ מענטשנס לעבן איז אויסגעלאָשן געוואָרן...

צוויי טעג פֿאַר דער באַפֿרייאונג האָבן זיך דאָ געפֿונען דריי טויזנט מענטשן, — פֿאָליאַקן און יידן (צווישן זיי — אַ ברודער פֿון דעם שאָופֿער, וואָס פֿירט אונדזער לאַסט־אויטאָ).

ווען די רויטע אַרמיי האָט געשניטן און צעפֿאַסעוועט די לייבער פֿון „הערן־פֿאָלק” און געשטורעמט די טויערן פֿון לאָדזש, האָבן די נאַצישע קאַניבאַלן אויפֿגעריסן מיט דינאַמיט די פֿאַבריק־געביידעס. ווען די פֿאַבריק איז געווען אין פֿלאַמען, זיינען מענטשן געשפּרונגען דורך די פֿענצטער, כדי זיך צו ראַטעווען. דעמאָלט האָבן די בלוט־דורשטיקע נאַציס אין זייערע טורעמס קאַלטבלוטיק געלאָזט אין גאַנג דאָס שיס־געווער, — און טויזנטער זיינען געפֿאַלן איינער אויפֿן צווייטן, ביזן לעצטן מענטש...

דאָס פּלאַץ ווערט איצט געהייליקט פֿון דער לאָדזשער באַפֿעלקערונג און פֿון דער דאָרטיקער מאַכט.

# אין שטעט און שטעטלעך

אין משך פון מיין זיין אין פוילן האָב איך געזוכט אַ געלעגנהייט צו זען אויך די פוילישע פּראָווינץ — ווי לעבט זיך זיי אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך?

מיר זיינען אַריינגעפאָרן אין לאָוויטש, וואָס איז אויפן וועג קיין וואַרשע. נישטאָ דאָרט איצט קיין יידן, נישטאָ קיין שפּור פון יידישע הייזער. די שטאָט איז אַ היפּש ביסל צעשטערט. אויפן מאַרק האָבן מיר געטראָפן פּויערים און פּויערטעס מיט די קוישלעך און וועגענער, ווי מיט דרייסיק יאָר צוריק.

אויך אין סאָכאַטשאָוו איז דאָס יידישע לעבן אויסגעוואָרצלט. נישטאָ דאָ קיין יידן אויף אַ רפואה. די אַמאָליקע יידישע הייזער זיינען צעשטערט. די פּויערים אויפן מאַרק שטייען, דאַכט זיך, אַזעלכע אומעטיקע, אָפּהענדיקע — אַז מען איז אַ גאַנץ לעבן געוואוינט גע־ווען דער ייד זאָל קויפן, פאַרקויפן...

אין וואָליאַ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויפן מאַרק־פּלאַץ, — דאָרט, וואו דייטשישע מערדער האָבן אויפגעהאַנגען די ערשטע צען יידן. פּאַסירט האָט דאָס אין טאָג פון פּורים, אויגוסט, 1942.

שוין אין 1940 האָבן אַלע יידן זיך געפונען אין געטאָ. אין אָנ־הויב איז די געטאָ געווען אַ „אָפענע", — די יידן האָבן זיך געקאָנט פריי באַוועגן. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט, און די צען טויזנט מענער, פרויען און קינדער זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן, ווי אין אַ שטאָלענעם רינג. יידן האָבן נאָך דעמאָלט זיך געטרייסט: „עט, מיר האָבן דאָך שוין איינמאָל געהאַט דעם דייטש, — אין דער ערשטער וועלט־מלחמה"...

האָבן זיי אין דער פאַרשלאָסענער געטאָ זיך געשאַפן אַ „יודן־ראַט", מיט אַ יידישער פּאָליציי און אַ „עלטעסטער דער יודן". גע־ווען אַזעלכע, ווי מיין געשוועסטערקינד ירחמיאל גראַנאַס, וועלכע

האָבן געצווייפלט אין דעם „צוטרוי צום דייטש״, און ווען דער סאָ־ווטען־פאַרבאַנד האָט געעפנט די טויערן, זיינען זיי אַהין אַוועק אין די טויזנטער און אַזוי אַרום געראַטעוועט זייער לעבן. אַנדערע ווידער, צווישן זיי אויך אַ סך פון מיין משפחה, האָבן זיך צוגעהערט צו די פינצטערע איינרעדענישן, האָבן נישט געוואָלט „מיטלויפן״, און זיינען דערנאָך מאַרנע אומגעקומען...

אויף אַ מערדערלעכן אופן האָבן די נאַצי־בעסטיעס געפּייניקט די געטאָ־איינוואוינער. געשוואָלענע פון הונגער, האָבן זיי נאָך געמוזט שאַפן געלט און ווערטפולע חפצים, און עס „פּריווילעק״ צוטראָגן די באַנדיטן פון „דריטן רייך״.

דער געזונטער, יינגערער עלעמענט האָט געזוכט אַן אויסוועג צו ראַטעווען זיך. האָבן יידן, דורך אינטערווענץ און געלט, געעפנט וואַרשטאַטן, וואו מ׳האָט אויסגעאַרבעט פעלצן, זאָקן, טריקאָטאַזש אדג״ל פאַר דער לופט־וואַפע. אין די וואַרשטאַטן איז דאָס לעבן צייטווייליק געווען זיכער מיט אַביסל וואַסערדיקער זופּ. פאַר אַ סך געלט האָט מען אַפילו געקאָנט קויפן אַ זאַטן מאָלצייט און העלפן די, וואָס האָבן זיך געפונען אויסער די אַרבעט־וואַרשטאַטן.

עס איז געווען אַ צייט, ווען כמעט די גאַנצע געטאָ האָט גע־אַרבעט, און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אַזוי וועט עס שוין אָנהאַלטן אייביק, ווייל — „מיר אַרבעטן דאָך פאַרן דייטשישן מיליטער״, האָבן ווידער יידן זיך געטרייסט.

ביז ס׳איז געקומען פּורים, 1942, און אַ טרויער האָט איינגע־הילט די גאַנצע געטאָ. אָן אַ פאַרוואָס האָבן די נאַציס באַפוילן, אַז צען יידן זאָלן איבערגעגעבן ווערן דער געשטאַפּאָ. פאַרנאַכט האָבן די תלינים צוזאַמענגעטריבן אַלע יידן אין מאַרק־פּלאַץ, און זיי גע־צוואונגען צו־צוזען, ווי די צען יידן ווערן אויפגעהאַנגען...

נאָך דער אַקציע איז דאָס גאַנצע יידישע לעבן געוואָרן הפקר. די נאַציס פלעגן אינמיטן העלן טאָג זיך אַריינרייסן אין געטאָ, כאַפּן מענער, פרויען און קינדער, און קיין שפור איז דערנאָך נישט גע־בליבן פון זיי.

שפּעט אין אויגוסט, 1944, ווען עס האָבן זיך דורכגעריסן ידיעות וועגן זיג איבער די נאַצישע חילות, האָבן די מערדער זיך געוואָרפן אויף דער געטאָ, ווי פאַרוואונדעטע חיות און ערשט אָנ־געהויבן די אמתע ליקווידאַציע. שפּעט אין דער נאַכט האָבן די

הינט זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער — געשאָסן, געשטאָכן, גע־וואָרפן קינדער פון די בעטלעך. די איבערגעבליבענע זיינען גע־טריבן געוואָרן אין מאַרק אַריין, פון וואַנען מען האָט זיי מיט לאַסט־אויטאָס אַוועקגעפירט צום יידישן בית־עולם. דאָ האָבן די באַנדיטן דורכגעפירט די „סעלעקציע" פון „רעכטס און לינקס". צו דעם מערדערישן ספּעקטאַקל זיינען ספּעציעל געקומען „הויכע" נאַצישע באַנדיטן פון „ליצמאַנשטאַט" (לאָדזש) — די געשטאַפּאָווצעס פוקס, ריכטער, זייפער און בובאָוו, וועלכע האָבן שוין געהאַט אויסגעקוי־לעט די יידן פון דער לאָדזשער געטאָ.

בלויז אַ קליינע צאָל איז געשיקט געוואָרן אויף „רעכטס", — וואָס האָט געמיינט: צייטווייליק לעבן. די איבעריקע — שוואַכע, קראַנקע און קינדער — האָט מען אַוועקגעשיקט אין די גאַז־קאַמערן פון מאַידאַנעק...

***

אין וואָליאַ איז איצט דאָ זייער אַ קליינע צאָל יידן. אין וואַ־רעמע טעג זיצן זיי אין מאַרק און שמועסן געמיטלעך מיט זייערע קריסטלעכע שכנים. די באַציאונג דאָ איז אַ פריינטלעכע, נישט קיין אָנגעשטרענגטע. אָבער אַ גרויסער טייל פון דער שטאָט איז צע־שטערט, ספּעציעל דאָרט, וואו עס האָט זיך געפונען די געטאָ. איז די יידן אומעטיק דאָ צו וואוינען, ווי אין אַ סך אַנדערע קליינע שטעטלעך, און זיי קלייבן זיך אַריבער אין גרעסערע שטעט, וואו עס געפינט זיך אַ גרעסערע צאָל יידן. בפרט אַז זיי זיינען נאָך אַלץ אָנגעשראָקן פון דער מעשה קעלץ. דער ייד אין פּוילן איז בכלל זייער סענסיטיוו, און מיט רעכט. ווען אַ קריסט שטעלט־אָן אויף אים אַ קרומע מינע, פילט ער זיך שאָקירט און באַליידיקט. אָבער מערקווירדיק — ווען איר פרעגט אַזאַ יידן: „וואָס הערט זיך ביי אייך אין שטאָט"? פאַרזיכערט ער אייך באַלד: „ביי אונדז איז רואיק". — „וואו דען איז נישט רואיק"? — „כ'ווייס, מען זאָגט, אַז 'דאָרט' האָט עפּעס פּאַסירט"...

ווען איך דערצייל די יידן, אַז אין טשענסטאָכאָוו זיינען מיר אַרומגעגאַנגען אין דער ערשטער, צווייטער און דריטער אַלייע צוועלף אַזייגער ביינאַכט, אויף אַ קול גערעדט יידיש, און קיינער

האָט אונדז חלילה נישט געטשעפּעט, קוקן זיי אויף מיר מיט אָפּע־נע מיילער: „אָבי מיר האָבן געמיינט"...

אפשר קיין זאַך האָט מיך אַזוי נישט גערירט, ווי די מסתם אַכציק־יאָריקע זקנה, וועלכע מיר האָבן געטראָפן אין אַ זייטיק, האַלב איינגעפאַלן שטיבל.

אויפן טיש האָבן געברענט דריי ליכט אין דריי הויכע, זילבער־נע לייכטער. ביי יעדן לייכטער איז געשטאַנען אַנגעשפּאַרט אַ פאָ־טאָגראַפיע, — פאַרגעלט פון וואַלגערן זיך אין ווילגאָטנע פעלדער. אין ווינקל איז געשטאַנען אַ מין טאַפּטשאַן — מסתם דאָס געלע־גער פאַר איר. ווייטער איז אין שטוב גאָרנישט געווען. די אַל־טעטשקע איז געזעסן פאַר די ליכט מיט אַ סידור אין האַנט און שטיל געשעפּטשעט אַ תפילה.

אונדזער „גוט שבת" האָט זי איבערגעשראָקן. זי האָט אַראָפּגע־נומען די אַלטמאָדישע ברילן, זיך געריבן די אויגן און נישט גע־וואוסט וואָס מיר טוען פּלוצים דאָ.

עס האָט לאַנג גענומען, ביז זי האָט אָנגעהויבן רעדן און גע־ענטפערט אויף אונדזערע פראַגן:

„איינע אַליין... — האָט זי קוים געמורמלט, ווי פאַר זיך — געבליבן איינע אַליין... זי הערן: מיין מאַן האָט געדינט ביי פּאַניען. מיין מאַנס טאַטע האָט אַפילו געדינט פינף־און־צוואַנציק יאָר. ס'איז נאָך געווען אין דער צייט פון די 'כאַפּערס'. מילא דעמאָלט האָבן יידן געהאַט געגעבן אויסצושטיין. אָבער וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן, ווען ס'זיינען געקומען די נאַצישע מערדער, דאָס קאָן מען נישט איבערדערציילן...

„מיר זיינען געווען יוּוועליר־הענדלער, — מיין מאַן, מיינע צוויי זין און דער איידעם. פון גאַנצן קאַנט איז מען צו אונדז געקומען קויפן.

„ווען די נאַציס זיינען אַריין, האָבן מיר דאָס גאַנצע צירונג און געלט באַהאַלטן אין שייער אונטער דער פּאָדלאָגע. איז כל־זמן מיר האָבן נאָך געהאַט געלט האָבן מיר זיך געקאָנט ווי עס איז אויסקויפן. האָט אונדז אָבער גאָט באַשערט אַ געוויסן הער מאַגער... זי הערן, — אַ ייד איז דאָס געווען, אַז די ערד זאָל אים דאָרט אַרויס־וואַרפן. ווי פון דער העלער הויט איז ער געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער ביי די נאַציס און געשמיסן יידן אויפן נאַקעטן לייב... ער איז

אַרומגעגאַנגען איבער יידישע הייזער און געקלאַפּט מיט אַ העמערל אין די ווענט און פּאָדלאָגעס, אויסצוגעפינען צי מען האָט נישט ערגעץ באַהאַלטן אוצרות. בקיצור, ווען אָט־דער מאַגער האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער, איז זי באַלד דעם צווייטן טאָג אַרומ־געגאַנגען באַהאָנגען מיט גאָלד און בריליאַנטן, אָנגעראַבעוועט פון יידיש האָב און גוטס.

„זי הערן, מען וואָלט קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז יידן קאָנען באַראַבעווען אייגענע שוועסטער און ברידער, און נאָכדעם זיי אי־בערגעבן צו די דייטשן, מען זאָל זיי שיקן אין די קאָלך־אויוונס...

„נאָר וואָס איז דאָ צו דערציילן. זי קומען דאָך, זאָגן זי, פון לאָדזש, ווייסט איר דאָך, אַז אויך דאָרט איז געווען אַ ייד חיים רימקאָווסקי און איינער אַ ערדבערג, אויך אַ ייד, מ׳שטיינס גע־זאָגט. די צוויי האָבן געהאָלפן צענדליקער טויזנטער יידן שיקן צום פאַרברענען... מיינען זי, אַז דער הער מאַגער האָט אָפּגע־ראַטעוועט זיין אייגענע שקורע? ווייס איך וואָס... ווען די נאָ־ציס האָבן אים מער נישט באַדאַרפט, האָבן זיי אים אַרעסטירט און געפונען ביי אים אין הויז אוצרות מיט גאָלד און זילבער און עסנוואַרג — נו, נו, האָבן זיי אים אויך באַלד געטאָן זיין רעכט...

„בקיצור — מיר זיינען געבליבן אָרעם־נאַקעט, און דאָס האָט געמיינט נישט בלויז הונגער, נאָר ממש אַ זיכערער טויט. ס׳איז געווען ביטער... זיינען מיר אינמיטן דער נאַכט — איך און מיין מאַן עליו־השלום, אונדזערע צוויי זין מיט די פרויען און קינדער, און מיין טאָכטער מיטן מאַן און קינדער, אַוועק און זיך געלאָזט לויפן אויף גאָטס באַראָט. זי הערן, קיין איבעריק העמד האָבן מיר נישט מיטגענומען. נאָר מיט דעם־אָ, מיט די לייכטער און מיין קרבן־מנחה האָב איך זיך נישט געקאָנט שיידן. דאָס איז געווען דאָס איינציקע פּעקל, מיט וועלכן איך בין געלאָפן אין דער פינצטערער נאַכט...

„פּלוצים, ווי פון אונטער דער ערד, האָב איך דערהערט אַ שאָס און אַ געשריי ׳האַלט׳! איך בין נישט שטייען געבליבן. איך בין ווייטער געלאָפן — געפאַלן און געלאָפן — — און פון דעמאָלט אָן ווייס איך נישט וואו מיין גאַנצע משפּחה איז פאַרפאַלן גע־וואָרן״...

דער אַלטערס מויל האָט גענומען ציטערן און טרערן האָבן זיך

געגאַסן איבער אירע אויסגעמאָגערטע באַקן. מיר האָבן שוין אַפילו נישט געוואָגט זי צו פרעגן, ווי אַזוי זי אַליין האָט זיך געראַטע־וועט. אָבער ווען זי האָט זיך אַביסל באַרואיקט, האָט זי ווייטער דערציילט:

„ווען ס'האָט אָנגעהויבן שאַרייען אויף טאָג, האָב איך אַליין נישט געוואוסט וואָס צו טאָן — וואוהין גייט מען ?... איך האָב זיך אַרומגעקוקט וואו איך בין און דערזען, אַז מיר זיינען גאָר אַזוי ווייט נישט אַנטלאָפן. אפשר אַ שעה גאַנג פון דאָרט האָט גע־וואוינט אַ פויער — מיין מאַנס אַ פריינט נאָך פון מיליטער. זאָל איך איינשטעלן — טראַכט איך — און גיין צו אים ? וואָס קאָן מען שוין דאָ, מ'שטיינס געזאָגט, אָנווערן ?... איך האָב מיט די הוילע הענט פאַרגראָבן מיין פעקל אין פעלד און בין אַוועק אַהין.

„ווען דער פויער האָט מיך דערזען, איז ער געוואָרן אַ פאַר־ציטערטער. ער האָט גוט געוואוסט, אַז אויב די דייטשן געפינען מיך ביי אים, מיינט עס מיין טויט און זיינער. און דאָך האָט מיר אָט־דער גוטער מענטש באַלד געגעבן אָפּצועסן, מיך דערנאָך צו־געפירט צו אַ גרוב, וואו ער באַגראָבט געווינלעך קאַרטאָפליעס און מיר געהייסן דאָרט זיך באַהאַלטן, ביז ׳גאָט וועט העלפן׳...

„זי הערן, ער איז דאָך אַ גוי, אָבער אויב ער איז שוין מער נישטאָ, זאָל ער דאָרט זיין אין ליכטיקן גן־עדן.

„איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין דאָרט אָפּגעלעגן — ווער האָט געקאָנט ציילן די טעג און נעכט... אָבער יעדן טאָג פלעגן די גוטע מענטשן, דער פויער, זיין ווייב, אָדער זייער זון, מיר אַראָפּ־לאָזן עסן און טרינקען אין גרוב.

„איינמאָל פאַרטאָג הער איך, — מען לויפט, און מיטאַמאָל רייסט מען אַראָפּ דעם צודעק פון מיין באַהעלטעניש. איך בין גע־ווען זיכער, אַז דאָס זיינען די דייטשן. ערשט דעם פויערס זון שרייט אַריין אין גרוב, אַז די דייטשן זיינען אַנטלאָפן, און איך מעג שוין אַרויס. עס האָט זיך דערהערט אַ געזאַנג. דאָס זיינען אָנגעקומען סאָלדאַטן פון דער רויטער אַרמיי.

„ווען איך בין אַרויס פון באַהעלטעניש, האָבן מיינע אויגן נישט געקאָנט פאַרטראָגן דאָס טאָג־ליכט און איך האָב נישט געקאָנט שטיין אויף די פיס... האָבן די רוסן מיך געכאַפּט אויף די הענט

און מיך גענומען קאָרמענען, ווי אַ קליין קינד. אַ געזונט אויף זיי.

„שפּעטער האָב איך אויסגעגראָבן מיין פּעקל און זיך פאַר־קליבן אין אָט־דער חורבה, וואָס האָט פריער געהערט צו מיין אײדעם.

„און אָט ווי זי זעען: געבליבן מיר די דריי לייכטער און די בילדער. צינד איך ליכט — אַ ליכטל פאַר יעדן פאַרצערטן צווייג פון מיין משפּחה”...

די זקנה איז אַנטשוויגן געוואָרן. און פאַר מיר זיינען אין יענעם מאָמענט אויך הייליק געוואָרן די לייכטער פון אָט־דער יידישער באָבע, וואָס האָט מיט טויט־געפאַר אָפּגעראַטעוועט איר הייליקייט, עס זאָל נישט אַריינפאַלן אין די אומריינע הענט פון די יידן־מערדער.

אַזאַ פאָלק וועט איבערלעבן אַלע היטלערס.

# נידערשלעזיע

די באַן שלענגלט זיך באַרג־אַרויף און ווידער אין טאָלן אַריין. אַלץ זעט דאָ אויס אַ סך געמיטלעכער. די באַן אַליין איז שוין עפּעס מער „אַריסטאָקראַטיש". דאַכט זיך, אַז אין דער קורצער צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין פּוילן, איז דאָס לאַנד געקומען מער צו זיך. ערשט אין שלעזיע דערפיל איך אַ שטיקל נקמה־גע־פיל איבער דעם „הערן־פאָלק". ביז איצט האָב איך פריער פאַר אַלץ געזען פאַרניכטונג, — שפּורן פון קאָנצענטראַציע־ און אויסראָ־טונג־לאַגערן, חורבות פון יידיש האָב־און־גוטס, שטיינער און אַש פון דער יידישער געטאָ אין לאָדזש, וואַרשע, טשענסטאָכאָוו און אַנ־דערע שטעט. ערשט דאָ האָב איך דערזען, ווי דער דייטש איז געשלאָגן און לויפט דורך דער גאַס מיט אַן אַרונטערגעלאָזענעם קאָפּ. די רעגירונג האָט איבערגענומען די פריצישע וואוינונגען מיט דעם טייערסטן מעבל און עס איבערגעגעבן דעם פאָלק — יידן, ווי פּאָליאַקן.

ביי אונדז אין לאָדזש האָט מען אַמאָל גערעדט וועגן דער שטאָט ברעסלאָו מיט דרך ארץ און אָפּשיי. און גערעדט וועגן דער שטאָט האָבן פאַבריקאַנטן, וואָיאַזשאָרן, נגידים — האָט דער קבצן נישט געוואוסט, צי רעדט מען דאָס וועגן אַ שטאָט, וואָס געפינט זיך אויף דער יבשה, אָדער ערגעץ העט ווייט, נאָענט צום סמבטיון...
איצט הייסט די שטאָט וורא‍‍אָצלאַוו און געפינט זיך אין נידערשלעזיע. הגם טיילווייז צעשמעטערט, ווי דאָס גאַנצע „דייטשישע רייך", זעט מען נאָך איצט, אַז אַמאָל איז דאָס געווען אַ פּראַכטפולע שטאָט און עס איז געווען מיט וואָס צו באַרימען זיך.

געכאַפּט אַ קוק אויף וורא‍אָצלאַוו, זיינען מיר געפאָרן קיין וואַל־בזשיך. צוביידע זייטן וועג זעען זיך הויכע קוימענס, פון וועלכע עס קייקלט זיך אַ געדיכטער רויך. פאַבריקן אַרבעטן.

אין וואלבזשיך געפינען זיך צענדליקער יידישע קראָמען אין די שענסטע גאַסן פון שטאָט. יידן שטייען אין מאַרק מיט גרויסע קאַסטנס פיש, עפל, היגער אדג״ל. — מען רעדט, מען לאַכט — ס'איז לעבעדיק!

עס איז אַ פרייד צו זען הונדערטער יידישע קוילן־גרעבער, — סיי אַזעלכע, וואָס אַרבעטן אין די טיפע שאַכטעס, סיי די, וואָס אַר־בעטן אויפן אויבערפלאַך.

יידן פילן, אַז דאָס איז זייער היים, און זיי דאַרפן זי העלפן בויען.

איך האָב דאָ אָנגעטראָפן דראַמאַטישע קרייזן און טעאַטער־טרופעס, צוזאַמענפאָרן און אָלימפּיאַדע־פאַרמעסטן. אַ טייל טראָגן נאָך דעם שטעמפּל פון די אָנפאַנגער מיט דרייסיק־פערציק יאָר צוריק; אָבער אומעטום זעט איר אויפשריפטן: „זאָל לעבן דער ווידערגעבורט פון דער יידישער קולטור אין פוילן״!

דער פאָרזיצער פון דער קהילה, פישער, אַ גוטמוטיקער־מענטש, האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ גרויסער געביידע, ספּעציעל פאַר דער יידישער יוגנט. דאָ אַרבעטן זיי, לערנען זיך פאַרשידענע פאַכן. די מיינסטע זיינען קינדער פון קוילן־גרעבער.

די געביידע געפינט זיך אַביסל אין אַ זייט פון שטאָט, אַרומ־גענומען פון אַ שיטער וועלדל. מען קאָן נאָך זען די צעמענטענע בונקערס, אויסגעמויערט אין וועלדל. אונטער היטלערן זיינען זיי געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיק דראָט און געדינט ווי אַ שקלאַפן־לאַגער, וואו יונגע מענטשן זיינען אויסגעאַנגען פון הונגער, קעלט און שווערער אַרבעט.

מיר זיינען אָנגעקומען גראָד, ווען חברה האָט געגעסן. אָבער איידער וואָס־ווען, — פליען שוין אַרום די יינגלעך פריילעכע, לוס־טיקע, פאַרטאָן אין פאַרשידענע שפּילן, אָן זאָרג פאַרן היינט און מיט דעם אויסקוק פאַר נאָך אַ בעסערן מאָרגן.

**
*

מיין פרוי האָט משפּחה אין ביאַלי קאַמיען, אַ קליין שטעטעלע נעבן וואַלבזשיך. אַמאָל האָבן די גיטער געהערט צו דייטשישע יונקערס, און דאָס שטעטל האָט זיך גערופן „באַד זאַלצברונען״. דאָ געפינען זיך קוואַלן פון פאַרשידענע מינעראַל־וואַסערן. די

דייטשן פלעגן עס רעקלאַמירן, ווי די „שיינע מיטל־שלעזיע. רייך, נאַטירלעך הייל־וואַסער, וואָס איז גוט קעגן קאַטאַר, אַסטמאַ, לונגען־ און נירן־קראַנקהייט אדג״ל״. אַהער פלעגן קומען זיך קורירן „דאָס אויבערשטע״ פון דער דייטשישער אַריסטאָקראַטיע.

דאָס שטעטל ביאַלי קאַמיען — ווייסער שטיין — דריקט אויס בוכשטעבלעך דעם נאָמען, — עס איז ווייס און ריין. דאָ געפינען זיך רחבותדיקע האָטעלן, אין וועלכע עס פלעגן איינשטיין היטלער, גערינג, געבעלס און אַנדערע פון זייער היגטישער סוויטע. דאָ פלעגן זיי פּראַווען זייערע הוליאַנקעס און גיין אויף יאַגד.

איצט וואוינען דאָ, אין באַקוועמע, ביליק־באַצאָלטע דירות, פוילישע און עטלעכע יידישע קוילן־גרעבער מיט זייערע משפחות, צווישן זיי מיין פרויס געשוועסטערקינד, משה קראַוזע מיט זיין פרוי און טעכטערל. זיין שוואָגער איז אויך אַ קוילן־גרעבער, און די שוועגערין אַרבעט אין די אויבערשטע שיכטן אַלס קעלנערין. ביידע זיינען פרעמירט געוואָרן פאַר גוטער אַרבעט. מיך האָט נאָר געוואונדערט וואָס זיי וויסן אַזוי ווייניק וועגן די אָרטיקע הייל־וואַסערן.

אַ באַד־צימער קאָסט פיר זלאָטעס. דאָס באַד־הויז איז ממש אַ פּאַלאַץ פון גלאָז און ווייסן מאַרמאָר. אין יעדן ווינקעלע שימערירט. עס איז דאָס שענסטע באַד־הויז, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען.

אין באַד־צימער האָט מיך אַריינגעפירט אַן עלטערע, ציכטיק אָנגעטוענע פרוי. זי ווייזט מיר, ווי אַזוי צו אָפּערירן די פאַרשיידענע וואַסער־צאַפּנס, פון וועלכע עס פליסט היילונג פאַר אַלע קראַנקהייטן, און זאָגט מיר אָן: „בירגער, אַז איר וועט עפּעס דאַרפן, קלינגט־אָן, שעמט זיך נישט, איך בין ווי אַ דאָקטאָר. מיר זיינען דאָ צו באַדינען די געסט און די בירגער פון לאַנד״.

דאָס באַד איז באמת געווען אַ מחיה.

— איר ווייסט, בירגערין, — זאָג איך צו דער פרוי ביים אַוועקגיין, — ביי אונדז, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָלט אַזאַ פאַרגעניגן געקאָסט צען דאָלער.

— יעזוס מאַריאַ! — ווערט זי דערשטוינט — איז דאָך עס בלויז פאַר די רייכע. וואָס טוען די אָרעמע אַרבעטער?

— זיי שלאָפן אין דער פינצטער — שמייכל איך און בין שוין

גרייט איר צו געבן אַ היפשן „טרינק־געלט״. איך כאַפּ זיך אָבער באַלד, אַז אין גאַנץ פּוילן איז שוין אָפּגעשאַפט די מאָדע פון טרינק־געלט, ווייל דאָס ווערט באַטראַכט ווי אַ דערנידערונג פאַרן אַר־בעטער. קום איך אָפּ בלויז מיט אַ האַרציקן דאַנק.

אויפן וועג צוריק קיין וואַלבזשיך באַקען איך זיך אויפן טראַמ־ווײַ מיט אַ יונגן פּאָליאַק — ערשט דריי טעג, ווי ער איז צוריק־געקומען פון פראַנקרייך. דאָרט האָט ער געאַרבעט אין אַ קוילן־מינע.

— ווי קומט עס — פרעג איך אים — וואָס דו, אַ פּאָליאַק, ביזט אַוועק קיין אויסלאַנד? אַז יידן זיינען אַנטלאָפן, ווייסט מען די סיבה, אָבער — —

— בירגער, — זאָגט ער צו מיר, — ווען איין טייל פון דער באַפעלקערונג פון אַ לאַנד איז פאַרשקלאַפט, קאָן דער אַנדערער טייל נישט זיין פריי. איך בין אַנטלאָפן, ווייל מיין לאַנד איז דע־מאָלט געווען פאַשיסטיש.

***

אין אָוונט האָבן מיר באַזוכט דאָס טעאַטער. דער גרויסער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט הונדערטער מענטשן, וועלכע האָבן אויפגענומען די פאָרשטעלונג מיט גרויס פרייד און מיט לאַנגע אָוואַציעס באַלוינט די בינע־קינסטלער.

אַהיימגעגאַנגען פון טעאַטער זיינען מיר מיט דער ברייטער, שיינער הויפּט־גאַס. די נאַכט איז אַ מילדע מיט אַ פולן אויס־געשטערנטן הימל. פון וויטן זעט זיך אָן אַ סודותדיקער וואַלד מיט הויכע טאָפּאָליעס. דאָרט היילן זיך, זאָגט מען מיר, האַרץ־און לונגען־קראַנקע.

פון וויטן הערט זיך מוזיק. וואָס נעענטער מיר קומען, אַלץ בוילעטער ווערן די טענער פון אַ קאַפּעליע.

און אָט שטייען מיר פאַרן הויז, פאַררייסן די קעפּ און זעען דורך די ליכטיקע פענצטער, אַז אויבן איז פריילעך, — פאַרלעך טאַנצן. מיר גייען אַרויף — ס'איז אַ חתונה אין וואַלבזשיך! הע־לענע שאַנסע פון מאַקעווע מאַכט חתונה די טאָכטער בריינדל מיטן חתן עמיל טיראַז.

דער כלהס ברודער האָט דערזען די געסט, ווערט ער מלא

שמחה, — „אויפגעשפּילט זאָל ווערן, קלעזמאָרים, פאַר די געסט!
אַזש פון אַמעריקע איז מען געקומען צו מיין שוועסטערס חתונה״!

מען טאַנצט אַ פריילעכס — אַלע אינאיינעם — די מחותנים
אַרום, חתן־כלה אין דער מיט, מען פּליעסקעט מיט די הענט, טו־
פּעט מיט די פיס און מען דרייט זיך, ווי אַ וויכער. איז נאָך אַ
שנעפּסל פאַר דעם נייעם פוילן און אַ עקסטראַ ביסל בראָנפן פאַרן
סאָוועטן פאַרבאַנד, — ווייל „ווען נישט די רויטע אַרמיי, וואָלטן
מיר קיין יידישע חתונה נישט געהאַט״, — עם ישראל חי!

# זיי געזונט, פוילן

אין דער צייט פון מיין זיין אין פוילן האָב איך באַזוכט לאָדזש, וואַרשע, טשענסטאָכאָוו, נידער־שלעזיע און אַ סך קליינע שטעטלעך. אין איין שטאָט איז דאָס יידישע לעבן אַנדערש, ווי אין דער צווייטער — אַנדערש עקאָנאָמיש, קולטורעל און געזעלשאַפטלעך. אָבער אומעטום דערפילט מען דאָס נייע לעבן.

איך האָב זיך באַגעגנט מיט טויזנטער יידן, וואָס זיינען אונטער היטלערן געפייניקט געוואָרן. איך האָב געזען מענער און פרויען, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין אויפשטאַנד פון די וואַרשעווער און ביאַליסטאָקער געטאָס. ווען די מלחמה האַלט־אָן אַ שעה לענגער — ווער ווייסט, צי וואָלט איך זיי אַמאָל געזען! האָט דאָך אַ מינוט געשפּילט אַ ראָלע...

איז קיין וואונדער וואָס די מענטשן זיינען נאָך נישט פולקאָמען באַלאַנסירט. אָבער נאָך די עטלעכע וואָכן, וואָס איך בין דאָרט געווען, קאָן איך מיט זיכערקייט פעסטשטעלן, אַז די דאָרטיקע יידן זיצן נישט מיט פאַרלייגטע הענט. אמת, אין אַ סך שטעט און שטעטלעך פעלט דער לעבעדיקער קאָך, וואָס יידן פלעגן אַריינטראָגן אין דאָרטיקן לעבן. אָבער צוזאַמען מיט אַלע העלפן זיי — לויט זייער צאָל און כוחות — בויען דאָס נייע דעמאָקראַטישע פוילן, און מיט דעם בויען זיי אויך אַ ניי לעבן פאַר זיך.

בכלל איז היינט דער ייד אין פוילן עקאָנאָמיש פאַרזאָרגט. עס לעבט זיך אים בעסער, ווי די יידן אין פאַריז. טיר און טויער זיינען איצט אָפן פאַר אים. און דאָך באַקלאָגן זיך יידן, אַז אין זייערע פריערדיקע וואוינונגען געפינען זיך פאָליאַקן, און זיי האָבן מורא דאָס צו פאָדערן פון זיי צוריק. דאָס נעמט זיך אָבער בלויז פון דער אַמאָליקער מורא. אַ סימן — אַנדערע האָבן יאָ געוואָגט צו פאָדערן, און זיי האָבן טאַקע צוריקגעקראָגן זייערע הייזער. ענלעכע פאַלן זיינען אויך פאָרגעקומען אין פאַריז.

יידן ווייסן דאָס אָפּצושאַצן. אין יעדן יידישן קלוב פון אַלע פּאַרטייען זעט איר לאָזונגען פּאַר שטיצן די רעגירונג און איר איינהייט־פראָנט. פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם זיינען אויסגעשלאָסן די געציילטע שאַרלאַטאַנעס, וועלכע האָבן צום באַדויערן גאָרנישט געלערנט פון די געשעענישן אין די לעצטע עטלעכע טרויעריקע יאָר.

דער אַנטיסעמיטיזם אין פּוילן ווערט געשלאָגן פון וואָך צו וואָך. פּאַראייַנצלטע פאַלן פון אַנטי־יידישע אַרויסטרעטונגען ווערן שטרענג באַשטראָפט. און אויך זיי וועלן אינגאַנצן פאַרשווינדן אינגיכן צוליב דער שנעלער און ענערגישער האַנדלונג פון דער פּוילישער פאָלקס־רעגירונג.

אַמעריקאַנער געסט זיינען ביי די יידן אין פּוילן שטאַרק אָנ־געלייגט. זיי פרייען זיך מיט אַ וואַרעמען גרוס, אַ וואַרעם וואָרט פון זייערע ברידער מעבר לים. נישט מער — זיי ווילן מען זאָל זיי פאַרשטיין און ריכטיק אָפּשאַצן זייער לאַגע.

באַזונדערס אויפגעבראַכט זיינען די פּוילישע יידן, ווען מ׳קומט פון אויסלאַנד זיי נאַרן. פאַרנדיק פון וואַרשע קיין ווראָצלאַוו, האָב איך אויף דער באַן ווידער באַגעגנט צוויי יונגעלייט מיט אַ מיידל פון פּאַלעסטינע, וועלכע האָבן זיך באַרימט, אַז זיי האָבן שוין טויזנטער יידן אַרויסגעשיקט „אויף יענער זייט״. ענלעכע גרופּעס קומען אויך פון פּאַריז און אַמעריקע, מיטן איינציקן „צוועק״ — אַריבערצופּעקלען יידן „אויף יענער זייט״. אָט־די אומפאַראַנטוואָרט־לעכע אַוואַנטורניקעס זאָגן־צו די יידן, אַז זיי וועלן זיין צוויי וואָכן אין אַ „קיבוץ״, און פון דאָרט וועלן זיי פאָרן „ווייטער״. נאַאיווע יידן האָבן מיך אַפילו געפרעגט, צי ס׳איז אמת, אַז די, וואָס קומען־אָן אין דער אַמעריקאַנער זאָנע, ווערן באַלד בירגער, ווייל „די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי וועט דאַרפן האָבן שטימען אין די וואַלן פון 1948״.

פאַרשטייט זיך, אַז די מער באַוואוסטזיניקע עלעמענטן גלויבן נישט אין די אַלע אַבסורדן. זיי האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אויף דער ערד, וואו עס האָבן הונדערטער יאָרן געלעבט זייערע עלטערן און אור־עלטערן, און זיינען שטאַרק אויפגעצאַרנט אויף די, וואָס טרייבן פון דאַנען יידן מיט געוואַלד. אין לאָדזש, צום ביישפּיל, איז געקומען צו אַ געשלעג, ווען אַ גרופּע יונגעלייט, וואָס איז צו־

ריקגעקומען פון „יענער זייט" און אָנגעטראָפן דעם פאַרשווין, וועל־כער האָט זיי פאַרנאַרט.

כמעט אין אַלע שטעט, וואו איך האָב זיך באַגעגנט מיט די יידישע קאָמיטעטן, האָבן זיי געטענהט: „מיר האָבן גאָרנישט קעגן, אויב יידן ווילן אַרויספאָרן. אָבער צו־וואָס טרייבן זיי דורך שווינד־לערישע צוזאָגן, און ברענגען דערצו, אַז זיי זאָלן זיך וואַלגערן אין שמוציקע לאַגערן און דערנאָך בעטן רחמים ביי אונדז, מיר זאָלן זיי צוריקברענגען"?

און ווען איך האָב ביי זיי געפרעגט, צי דאָס לעבן פון די יידן אין פוילן איז שוין טאַקע אַזוי געזיכערט, — האָבן זיי געענטפערט, אַז די רעגירונג טוט אַלץ אין דער וועלט צו פאַרזיכערן דאָס לעבן. און אויב דאָ־און־דאָרט קומען־פאָר רויב־אָנפאַלן, אָדער אַפילו מאָרדן, פאַסירט עס מיט יידן נישט מער, ווי מיט קריסטן. זיי זיינען אָבער איבערצייגט, אַז ווען די אַנדרעס־באַנדיטן זאָלן נישט גע־שטיצט ווערן מיט אַמעריקאַנער דאָלאַרן, וואָלטן אויך אַזעלכע פאַלן נישט פאָרגעקומען.

***

איך פאָר אַרויס פון פוילן מיט אַ געמישטן געפיל. אויף אַ טייל פלעצער, וואו עס זיינען געוועזן די יידישע געטאָס, וואַלגערט זיך נאָך אַ שיכל פון אַ פיצל קינד, אַ בענטש־לייכטער פון אַ פרו־מער יידישער פרוי, אַ טאַבאַק־פושקעלע פון אַ זקן, אַ פענדל פון אַ באַלעבאָסטע, אַ בלעטל־שמה פון אַ שול — — אַלץ צייכנס, אַז דאָ האָט אַמאָל פולסירט אַן אינטענסיוו יידיש לעבן...

בויגט איר זיך איין און איר הויבט־אויף מיט אַ טרער אַ „סואווענירט", מיטצונעמען קיין אַמעריקע... מען גיט אייך אויך מיט אַ שטיקל זייף — „ריין יודן־פעטס"... אַ בלעכל מיט אַ מגן־דוד פון „האסאג" אין טשענסטאָכאָוו, אַ היטל פון אַ יידישן פאָליציי־מאַן פון נאָווידוואָר — — אַ „מתנה", כדי „איר זאָלט געדענקען און נישט פאַרגעסן, אַז עס זיינען אומגעקומען דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן יידן אין פוילן"...

איר נעמט אָבער אויך מיט דאָס שטאָלצע באַוואוסטזיין, אַז מחנות יידישע פאַרטיזאַנען האָבן מוטיק געקעמפט קעגן די נאַצי־מערדער. אַ סך פון זיי זיינען טראַגיש אומגעקומען, און די פוי־

לישע רעגירונג האָט שוין פֿאַראייביקט זייער אָנדענק דורך אויפֿ־געשטעלטע מאָנומענטן.

און דו, אַמעריקאַנער ייד — וואָס טוסטו ?

מען נעמט־מיט די גרויסע טרייסט, אַז אין פּוילן בויט זיך אַ נײַ לעבן פֿאַר אַלע בירגער, און צווישן זיי אויך פֿאַר דעם איבער־געבליבענעם הייפעלע יידן.

זײַ געזונט, פּוילן !

# ווידער אין פּאַריז

בעת מיין ערשטן באַזוך אין פּאַריז האָב איך זיך גע־איילט וואָס גיכער צו פאָרן ווייטער אין איראָפּע. איך האָב געוואָלט באַזוכן אַ ריי לענדער, און דער עיקר טאַקע פּוילן, וואו מיינע שוועסטער און ברידער, פעטערס, מומעס און געשוועסטערקינדער זיינען געווען צעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. האָב איך זיי דאָרט געזוכט, אָבער כמעט קיין שפּור פון קיינעם נישט געפונען...

אין פּאַריז ווידער האָבן יאָרן לאַנג געלעבט אַ גרעסערער טייל פון מיינע באַקאַנטע, און אַ העלפט פון זיי האָבן זיך געראַטע־וועט. מיר האָבן זיך שוין כמעט דרייסיק יאָר נישט געזען. לאָזט מען מיך איצט נישט אַזוי שנעל אָוועקפאָרן פון דאַנעט. נוץ איך אויס די געלעגנהייט זיך נעענטער צו באַקענען מיטן דאָרטיקן יידישן לעבן. מיר רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן, פרייען זיך צו־זאַמען און טרויערן צוזאַמען...

קומט אַריין אַ שכן, ווייזט איך אַן אויסגעבערענטן נומער אויף דער האַנט — אַ זכר פון אוישוויץ־אַשוויענטשים... אַזוי פרויען און מיידלעך, וואָס קוקן נאָך איצט אויס, ווי קינדער... אַזעלכע יידישע מענטשן מיט נומערן קאָנט איר באַגעגענען אויף דער באַן, אין דער „מעטראָ" (אונטערגרונט־באַן), אין די אָפיסעס און אויף פאַרזאַמלונגען. פון איין זייט דערמאָנט דאָס אייך אין יידישן מאַר־טירערטום, פון דער צווייטער זייט איז עס אַ דערמאָנונג צו דער וועלט, נישט צו זיין אַזוי מילד צו די הענקער פון אונדזער פאָלק.

מיין שוואָגער יאָסל וואוינט אין אַ „אַטעליע" אויפן פערטן שטאָק. אַ העלפט פון דער הייזקע איז שוין איינגעפאַלן — נישט פון באָמבעס חלילה, נאָר פון אַלטקייט. אַז מ'גייט אַרויף מיט די שמאָלע, געדרייטע טרעפּ, קרעכצן זיי נעבעך אונטער די פיס, אַז ס'איז אַ סכנה. יאָסל און מיין זיסל זיינען שוין אַלטע תושבים



ר. פאָזנערס שוועסטער, זאָפי, איר מאַן, יאָזעף, און אַ פריינט, און דער פראַנצויזישער פויער און פויערטע (ביי וועלכע זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן)

אין פאַריז. זיי האָבן זיך געראַטעוועט אויף דער „ווישע״־זייט און האָבן איצט פון זייער קליין שטיבל געמאַכט אַ שלאָפצימער, אַן עסצימער און אַ שוסטער־וואַרשטאַט. זיצן מיר אַזוי און רעדן וועגן די פאַרשניטענע לעבנס פון אייגענע און נאָענטע באַקאַנטע, ערשט מיר הערן, ווי די טרעפּ קרעכצן. עס עפנט זיך די טיר און עס באַווייזן זיך צוויי מענטשן, אַ מאַן און אַ פרוי. דערזעענדיק אונדז, בלייבן זיי ביידע שטיין אויף דער שוועל אין אַ פאַרלעגנהייט, אַביסל צעשראָקן. דאָס שטיבל איז ענג, קיין איבעריקער פּלאַץ איז נישטאָ, שטעלן מיר זיך אויף, כדי די צוויי זאָלן קאָנען אַריין און זיך זעצן.

— מאַדאַם ביין האָט אונדז צוגעשיקט — זאָגט דאָס ווייבל נישט דרייסט.

— יאָ, דאָס איז מיין מאַן — פאַרשטייט שוין מיין שוועסטער וועגן וואָס עס האַנדלט זיך — ש׳קושע, איר מעגט רעדן, אייגענע מענטשן, דאָס זיינען געסט פון אַמעריקע.

די אָרנגעקומענע זעצן זיך אַוועק, שלעפּן אַראָפּ די שיך און דערלאַנגען עס מיין שוואָגער. ער רייסט־אויף די פּאָדעש־וועס — און עס נעמען זיך שיטן גאָלדענע רענדלעך.

— זיך געשלעפּט איבער די סטעפּעס פון רוסלאַנד, געשלאָפן אין וועלדער און פעלדער — דערקלערט מיר דער מאַן, ווי וועלנדיק זיך פאַרענטפערן פאַר מיר —.ס׳לעבן איז געווען אין סכנה, האָט מען דאָך געמוזט מיט עפּעס זיך פאַרזאָרגן...

— איצט איז מיר שוין קלאָר — זאָג איך צו דעם מאַן — פאַרוואָס אָט־דער סאָרט מענטשן, ווי איר, שעלטן און באַשמוצן דעם סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס האָט אייך געראַטעוועט...

איך ווייס נישט, צי דאָס פּאָרל האָט פאַרשטאַנען מיין ביטערע, סאַרקאַסטישע באַמערקונג. זיי האָבן נאָר געקוקט אויף מיר מיט חשד, באַצאָלט מיין שוואָגער און זיינען באַלד אַוועק.

מיין שוואָגער, זעענדיק ווי אַזוי די עקלהאַפטע סצענע האָט אויף מיר געווירקט, האָט בלויז געשמייכלט:

— דו וואונדערסט זיך? ביי מיר איז עס נישט דער ערשטער פאַל. דאַרפסט ערשט זען וואָס עס טוט זיך אָפּ אויף דער „יידי־שער בירזשע"...

***

דאָס „פּלעצל" איז געווען פול מיט ניי־געקומענע, פון סאָוועטן פאַרבאַנד, פּוילן, דייטשלאַנד. עס האָט מיך דערמאָנט אין דעם אַמאָליקן שפּרודלדיקן אימיגראַנטישן לעבן פון אָנהויב צוואַנציקער יאָרן. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ קרוב אין פּאַריז, און זיינע אייגענע האָבן געקאָנט אים אַריבערברענגען (דורך אַ „מאַכער" פאַר פּופציק דאָלער אַ מענטש), דער איז געקומען. די מער געוואַגטע זיינען געקומען אַליין, אויף אייגענער איניציאַטיוו. די מיינסטע זיינען געווען אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, אָפּגעצערט און צעשראָקן. אייניקע אָבער האָבן געטראָגן רוסישע שטיוול, „גאַליפעי"־הויזן, לעדערנע קורטקעס, און דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן אָפּגענאַרט די באָלשעוויקעס, נישט געאַרבעט, נאָר „געפירט מסחר", ווייל —

„זאָלן בעלגישע פערד אַרבעטן". זיי האָבן מיט בייזקייט דערציילט, ווי אַזוי דער אָדער יענער איז פאַרשיקט געוואָרן אין סיביר פאַר באַטרייבן האַנדל, וואָס איז נישט דערלויבט געוועזן פון דער רע־גירונג. פאַר איינוועגס האָבן זיי שוין אויסגעגאָסן זייער ביטער האַרץ מיט פאַרשידנערליי רכילותן, און דערביי ציניש זיך באַרימט, אַז זיי קאָנען איצט „אופנייען אַ מאַנטל פון דאָלאַרן"...

בכלל האָבן די מענטשן נישט געזוכט זיך איינצואָרדנען אין פאַריז. זיי האָבן אַלץ געהאָפט און געוואַרט צו פאָרן אין „ארץ", אָדער קיין אַמעריקע. פון זיי האָב איך זיך אויסגעלערנט אַ „בייע שפּראַך" — טערמינען פון געלט, ווי „האַרטע", און „ווייכע". „האַר־טע" האָט געמיינט — אַמעריקאַנער גאָלד־שטיקלעך, און „ווייכע" — פּאַפּירענע דאָלאַרן. זעלטענער האָב איך געהערט דאָס וואָרט „חזירימלעך", וואָס האָט געמיינט — צאַרישע גאָלד־שטיקלעך.

עס איז זונטיק, די זון שיינט, די געמיטער זיינען אַביסל פריי־לעכער. שטייען יידן אין גאַס און דערציילן זיך איבערלעבונגען. איינער פּאַלט דעם צווייטן אויפן האַלדז: „איבערגעלעבט היטלערן"! פּלוצים ווערט אַ טומל: אַ יונגערמאַן, וואָס איז ערשט צוריקגעקו־מען פון אַ דייטשישן לאַגער, האָט דערקענט אַ „ברוין יידעלע". אָט־די „ברוינע יידעלעך" פון פראַנקרייך, ווי די יידישע פּאָליציי פון פּוילן, זיינען אַ טרויעריק קאַפּיטל פאַר זיך.

אַ גאַנץ אַנדער בילד שטעלט מיט זיך פאָר דער „אַזיל" אויף רי דע ראָזיע, וואו יידישע אימיגראַנטן קריגן אַ לעפל עסן: יידע־נעס מיט שייטלען און קופּקעס, יידן מיט בערד און פאות, מיט פּליושענע קאַפּעליושן, מיט כאַלאַטלעך און „געשפּאָלטענע" קאַפּאָ־טעס. אייניקע מאָלן פאַר דיר מנחם־מענדלס פּלענער, אַנדערע שווייגן. קליינע, פּיצלעך קינדער אין נאַסער וועש, אויף שמוציקע שעניקעס.

אַ יונגערמאַן זעט, ווי איך מאַך נאָטיצן, בעט ער זיך ביי מיר: „איר שרייבט אפשר פאַר אַן אַמעריקאַנער צייטונג? פאַר־שרייבט מיך אויך. מיין נאָמען איז נחמן בערקאָוויטש; מיין פרויס נאָמען איז זילבער. זי האָט אַ ברודער אין האַוואַנאַ. איך בין אַ געבוירענער פון ווילנע. מיר האָבן אויך אַ פעטער אין דאַלאַס, טעקסעס. מיר זיינען ערשט געקומען פון סאָוועטן פאַרבאַנד, אפשר וואָלטן זיי..."

דערציילט אַ ייד אין די פופציקער, אַ באַשיידענער, רעדט שטיל, קוים צו הערן: „מיין נאָמען איז סלאָוויצקי, געבוירן אין ראָוונע. ווען איך האָב זיך געראַטעוועט קיין סאָוועטן פאַרבאַנד, איז מיין פרוי מיט פינף קינדער געבליבן אין פוילן. די נאַצי־רוצחים האָבן זיי אומגעבראַכט. איצט בין איך דאָ איינער אַליין...

„אינדערהיים בין איך געווען אַ סוחר. אין קאַזאַקסטאַן האָב איך געאַרבעט אין אַ שיך־פאַבריק. שבת און יום־טובים אָפּגעהיט, נישט געאַרבעט. מיין איידעם האָט אַפילו געלערנט מיט קינדער אין אַ ישיבה. כאָטש די אומשטענדן זיינען געווען שווערע, האָט מען דאָך געלעבט, ווי אַ שטיקל מענטש. צוליב דעם האָב איך באַדאַרפט פאַרלאָזן סאָוועטן פאַרבאַנד, כדי דאָ צו ליגן אין אַ הקדש״?...

— וואָס רעדט ער דאָרט? — צעשרייט זיך אַ צווייטער — זאָל ער צוריקפאָרן!

פאַראַן אָבער אויך ליכטיקע מאָמענטן אויף דער יידישער גאַס אין פאַריז. עס עקזיסטירט דאָ אויף 14 רי דע פאַראַדי די „אוניאָן״ — דער פאַרבאַנד פון ווידערשטאַנד און קעגנזייטיקער הילף; אויך די פעדעראַציע פון יידישע פאַראיינען מיט אָפּטיילונגען אין ליל, ליאָן, ראַאָן, קלערמאָן, טיליז, מאַרסעיל, נאַנסי, מעלי, ניס, סאַן קענטאָן, פעריגע, גרענאבל און אין אַ צאָל אַנדערע שטעט.

אָט־די באַוועגונג זיצט נישט מיט פאַרלייגטע הענט און וואַרט נישט, ביז דער רייכער פעטער פון אַמעריקע וועט זיך דערמאָנען אין „אונדזערע ברידער אויף יענער זייט ים״. זיי בויען אייגענע אינסטיטוציעס און גיבן אַ סך מאַטעריעלע און יורידישע הילף צו די טויזנטער יידישע אימיגראַנטן. יענעם ווינטער האָבן זיי דורכגעפירט אַ ריזיקע זאַמלונג פון קליידער און וועש פאַר די אָרעמע אימיגראַנטן אין פאַריז און אויך פאַר די צוויי הונדערט און פופציק טויזנט פון אונדזערע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די דייטשישע לאַגערן.

אַרום די אָרגאַניזאַציעס גרופּירט זיך כמעט די גאַנצע יידישע פּראָגרעסיווע באַפעלקערונג אין פראַנקרייך.

כמעט די גאַנצע יידישע יוגנט, מענער און פרויען, האָט אַנטייל גענומען אין דער „רעזיסטאַנץ״־באַוועגונג, אַרויסגעגעבן און פאַר־

שפּרייט דאָס יידישע וואָרט, וואָס האָט געהאָלפן דערנענטערן דעם סוף פון בלוטיקן היטלעריזם.

דער עיקר אַדאַנק זיי איז אַ טאָג נאָך דער באַפרייאונג פון פּאַריז ווידער דערשינען די יידישע „נייע פּרעסע" אין פּאַריז. דאָ געפינט זיך אויך דער „יידישער פאָלקס כאָר". טאַקע נאָר אַ היי־פּעלע געבליבן לעבן פון די פאַר־מלחמהדיקע זינגער און כאָריסטן. אָבער זיי גייען־אָן מיט דער אַרבעט. און „אַ פאָלק, וואָס זינגט, וועט נישט אונטערגיין"!

# אונדזער קינדער־היים

ווען איך בין אַוועקגעפאָרן פון לאָדזש איז דער דיק־טער ישעיה שפּיגעל קראַנק געווען אויף דער גריפּ. איצט, זייענדיק אין פּאַריז, האָב איך באַקומען פון אים אַ בריוו: „איך געפין זיך אין אַ קוראָרט שוין דריי וואָכן און עס איז מיר פיל בעסער. איך פיל מיך שוין באַלד אינגאַנצן געזונט". נישט ווילנדיק האָב איך געמוזט מאַכן אַ פאַרגלייך צווישן די פּרעכטיקע קורערטער אין פּוילן און דעם „אַזיל" אין פּאַריז...

אָבער עס איז מיר באַשערט געווען אויך אין פראַנקרייך צו זען אַן אַנשטאַלט, אויף וועלכער מיר, אַמעריקאַנער יידן, קאָנען שטאָלץ זיין — דאָס איז: אונדזער יידישע קינדער־היים פון אָרדן, וואו די קינדערלעך ווערן אויך באַזאָרגט מיט די נויטיקע מלבושים דורך די עמאַ לאַזאַרוס פּרויען־קלובן.

קיין אַדרעס פון דער קינדער־היים האָב איך נישט מיטגענומען. איך האָב אַפילו נישט געוואוסט וואו זי געפינט זיך. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב דאָס ערשטע זיך געווענדט נאָך אינפאָרמאַציע צו דער „אוניאָן", און איך מוז דאָ נאָכאַמאָל באַטאָנען זייער וואַ־רעמע גאַסטפריינטלעכקייט: זיי האָבן באַשטימט פאַר אונדז אַלס וועג־ווייזער די פרוי לאה פּאַקינאַ, וועלכע האָט זיך די גאַנצע צייט פון דער נאַצישער אָקופּאַציע געפונען אין פּאַריז און זיך באַטייליקט אין קאַמף קעגן דעם מערדערישן דייטשישן אָקופּאַנט, צוזאַמען מיט איר מאַן, וועלכער איז געפאַלן קעמפנדיק אין די פאָדערשטע רייען.

פרוי פּאַקינאַ איז מיט אונדז געפאָרן קיין אַנדרעזי, הינטער פּאַריז, וואו עס געפינט זיך דאָס אָרדן־הויז פאַר די קינדער. ערשט דאָ אויפן אָרט קאָן מען אָפּשאַצן דעם גרויסן אויפטו פון דעם אָרדן און די עמאַ לאַזאַרוס פּרויען־קלובן אַרום דער דערציִאונג פון די יתומים, וועמענס עלטערן און שוועסטער און ברידער זיי־

נען אומגעקומען אין די שלאַכטן קעגן די פאַשיסטישע מערדער, אָדער זיינען דערשטיקט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.

דאָס הויז („שאַטאָ") שטייט אויף אַ באַרג. אין עס־צימער גע־פינט זיך אַן אָרגל, אַ סימן פון אַמאָליקן רייכטום. דער באַלקאָן און די וועראַנדע נעמען־אַרום דאָס הויז, ווי אַ פאַדקאָווע. פאַרביי דער וועראַנדע פליסט אַ וואַסערל. דער הויף פאַרנעמט אַ היפּשן מהלך און איז שטרעקנווייז פאַרזעצט מיט בלומען און גרינסן.

שוין פון ווייטנס דערטראָגט זיך דאָס פריידיקע, הילכיקע גע־לעכטער פון די קינדערלעך. דאָס ייִנגעלע פון דער פרוי פּאַקינא דערזעעט די מוטער — און אַ שטויגענדיקע פרייד צעגיסט זיך אי־בער זיין פּנימל! געוויינלעך קומט זי צו אים אַרויס נאָר זונ־טיקס.

מיר טרעפן דאָ קינדער, וואָס זיינען געפונען געוואָרן אין גאַס, אויף אַ פעלד, קינדער, וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט פאַרוואונדעט נעבן רעלסן, וועמען די מוטערס האָבן אַרויסגעוואָרפן פון לויפנדיקע באַנען, כדי זיי אויף דעם אופן צו ראַטעווען... מיר דערוויסן זיך די טראַגישע געשיכטע פון יעדן קינד, וואָס איז אַ גאַנצער, אָדער האַלבער יתום.

אין אַ באַזונדערן צימער געפינען זיך צוויי שוועסטערלעך און אַ ברודערל. אַזוי איז זייער פאַרלאַנג. זיי זיינען דריי, פינף און זיבן יאָר אַלט. דער פאָטער זייערער איז אומגעקומען אין אַ טויטן־לאַגער. די מוטער איז געשטאָרבן מיט אַ חודש צוריק. פאַרן טויט האָט זי אָנגעזאָגט, אַז די קינדער זאָלן איבערגעגעבן ווערן צו דער „אוניאָן". די „אוניאָן" האָט זיי געבראַכט אין דער היים פון אָרדן.

די קינדערלעך ווערן באַלד היימיש מיט די געסט, ווי מיט זייערע ליאַלקעס, וואָס זיי נעמען מיט זיך מיט אין זייערע בעטלעך. אַ קליין ייִנגעלע מיט פּוכקע בעקעלעך, נעט אָנגעטאָן, לויפט אונדז אַקעגן מיט אַ „האַו דו יו דו"! איך גיב אים אַביסל צוקערלעך, לאָזט ער אַרונטער ס׳קעפּל און זאָגט פאַרשעמט: „טהענקיו וועריי מאַטש". איך וואונדער זיך, ווי עס קומט צו אים ענגליש. „לעצטע וואָך זיינען דאָ געווען אַמעריקאַנער געסט, — דערקלערט מיר די אויפזעערין מיט אַ שמייכל — האָט ער זיך אויסגעלערנט ׳ענגליש רעדן׳".

עס ווערט שטאַרק אָפּגעהיט די ריינקייט און דאָס געזונט פון



אין אַ קינדער־היים

די קינדער. אַ קינדער־מאָלצייט איז באַשטאַנען פון פלייש, טאָמיי־טאָס, שאַלאָטן, קאַרטאָפל, טשאָקאָלאַד־פּודינג און ברויט.

די קינדער ווערן דאָ אָפּגעהיט, ווי טייערע אוצרות. מען דאַרף ניט פאַרגעסן אונטער וועלכע שרעקלעכע אומשטענדן די קינדער זיינען געבוירן געוואָרן. באַמיט מען זיך זיי „אויפבויען" פיזיש און גייסטיק. זיי ווערן דערצויגן אין אַ פּראָגרעסיוון גייסט. דאָך האָב איך געזען אַ שוואַרץ־חנעוודיק זעקס־יאָריק יינגעלע זיצן ביים עסן אין אַ היטל. זיינע עלטערן זיינען אומגעקומען אין אוישוויץ. אָבער זיין זיידע, אַ פרומער ייד, וואָס האָט זיך געראַטעוועט, פאַר־לאַנגט, מען זאָל דאָס קינד דערציען רעליגיעז, דערפילט מען זיין פאַרלאַנג.

די דאָקטאָרין טאַמאַראַ גאָלדבערג ווייזט אונדז דאָס שפּיטאָל. זי איז גליקלעך, און מיר צוזאַמען מיט איר, וואָס דאָס שפּיטאָל איז ליידיק — אַלע קינדערלעך זיינען געזונט!

מיר באַזוכן אויך דעם קינדער־קלאַס. אויף די ווענט הענגען פּאָרטרעטן פון מענדעלע, שלום עליכם און י. ל. פּרץ.

די לערערין, נאַדיע סיימאָן, בעט שטאַרק, מיר זאָלן צושיקן קינדער־לידער, געשיכטע־און גראַמאַטיק־ביכלעך אדג"ל. (וואָס איז שוין היינט, פאַרשטייט זיך, גאַנץ איבעריק, מחמת די שול־פאַר־וואַלטונג פאַרזאָרגט זיי שוין מיט אַלץ).

די קינדער רעדן זייער ווינציק. די מערסטע פון זיי קענען נאָך נישט קיין יידיש, ווייל ביז איצט האָבן זיי געלעבט אין אַ פראַנצויזישער סביבה. אָבער זיי גיבן שוין אַרויס אַ וואַנט־צייטונג מיט פיינע צייכענונגען, — „ווי אַזוי אויסצובעסערן אונדזער היים". אויף די ווענט הענגען אַ פּאָר יידישע בלעטלעך מיט לידלעך וועגן — „נעכטן, היינט און מאָרגן".

**
*

מיר האָבן פאַרבראַכט גאַנצע זעקס חדשים אין אייראָפּע. מיר האָבן געזען, ווי אין פּוילן בויט זיך אַ נייע דעמאָקראַטישע אָרדנונג. אויך אין פּאַריז גייט־אָן אַן אינטענסיווו יידיש לעבן. און אומעטום האָבן מיר געזען דעם ביישטייער, וואָס דער אָרדן האָט געגעבן אונ־דזערע שוועסטער און ברידער אויף יענער זייט ים. מיט ליבע און דרך־ארץ ווערן מיר דערמאָנט צוליב דעם.

איך בין צוריקגעקומען פון אייראָפּע מיט דעם טיפן גלויבן אין דער גרויסער צוקונפט פון די דאָרטיקע יידן און פון אַלע פּראָג־רעסיווע פעלקער.

דאַרפן מיר, פּראָגרעסיווע מענטשן, העלפן שטאַרקן זייערע כוחות. און דער עיקר דאַרפן מיר זען, אַז די פּיצלעך קינדער, פון אונדזער בלוט און פלייש, זאָלן נישט דאַרפן — ווען זיי וועלן גרויס ווערן — דורכמאַכן דאָס, וואָס זייערע עלטערן האָבן דורכגעמאַכט.

זאָלן די קינדערלעך נאָך מער דערפילן אונדזער ליבע און וואַרעמקייט, ווען אַפילו פון דערווייטנס. דורך דעם וועלן אויך מיר זיך אָנזעטיקן מיט דער וואַרעמקייט פון דעם יונגן יידישן דור, וואָס וועט ווייטער פאַרזעצן דעם קיום פון דעם, וואָס די היטלער־בעסטיע האָט געוואָלט פאַרצוקן.

# לילים געשיכטע

אַנגעזעטיקט מיט אַזוי פיל איבערלעבונגען, מיט פרייד און האָפענונג אויף אַ גליקלעכער צוקונפט, אָבער אויך מיט אומפאַרגעסלעכן צער, האָב איך ערשט דאָ, אין אַמעריקע, זיך גענויטיקט אין אַ גוטן אָפּרו. פלעג איך יעדן גאַנצפרי איינער אַליין נעמען אַ לאַנגען שפּאַציר אין פּאַרק.

אויפשטיין פלעג איך פאַרטאָג, ווען די שטאָט איז נאָך געווען איינגעהילט אין שלאָף, און די שטערן זיינען נאָך געשטאַנען אויפן הימל. אָבער די יונגע פייגעלעך, נאָר־וואָס אַרויס פון דער מאָמעס שויס, האָבן שוין באַגעגנט דעם טאָג מיט לויב. און קוים האָט פון הינטער די מילך־ווייסע וואָלקנדלעך גענומען דורכשטראַלן די פּורפּור־וויאָלעטע זון, האָבן פון די אַרומיקע אַרבעטער־היימען זיך צעקלונגען די וועקזייגערס, אַלאַרמירנדיק מידע, פאַרשלאָפענע האָרעפּאַשניקעס זיי זאָלן אויפשטיין צו דער עבודה.

און דאָ פלעג איך יעדן פרימאָרגן טרעפן זיצן אויף אַ באַנק אַן אויסגעבלייכט מיידל. (זי האָט מיר שפּעטער געזאָגט איר נאָמען — לילי). זיצן פלעגט זי איינע אַליין, פאַרטיפט אין זיך. פון צייט צו צייט פלעגן אירע אַקסלען נעמען אומרואיק צוקן, ווי אין אַ חלום. באַגעגנענדיק זיך אָפט, פלעגן מיר שוין אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אויף „גוט מאָרגן", און אַמאָל פלעג איך זיך אַפילו צוזעצן נעבן איר און רעדן גלאַט — וועגן וועטער.

איינמאָל האָבן אין פּאַרק זיך באַוויזן צוויי נעגער־קינדער, אַ יינגעלע און אַ מיידעלע. ביידע אין קויטיקע מלבושים, דאַר, מיט בלישטשענדיקע, הונגעריקע אויגן, וואָס זוכן אַ ביסן ברויט. דאָס יינגעלע האָט גענומען טאַנצן מיט פלינקע, באָרוועסע פיסעלעך. ער האָט געפּאַטשט מיט די הענטלעך און ס'קערפּערל האָט זיך געבויגן אין דרייען. אויך זיין שוועסטערל, אַ באָרוועסע, מיט צוויי

חן־גריבלעך און שטייפע צעפלעך, האָט ריטמיש זיך באַוועגט און דזשעז־אַרטיק צוגעוויגט מיט אירע שמאָלע היפטן.

ווען עס האָט זיך אַרומגעשטעלט אַ רעדל מענטשן, האָבן די צוויי קינדער גענומען בעטן: „סיר, עי פעני״, — כאָטש איין סענט...

אין לילים אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן: „אַזוי האָבן יידישע קינדער געטאַנצט פאַר אַ שטיקל בעטל־ברויט, בשעת די נאַצישע רוצחים האָבן געפרעסן און געזויפט... איז דאָס אַמעריקע״?... האָט זי געשעפטשעט, ווי צו זיך.

איך האָב פאַרשטאַנען איר געמיט.

„וואונדערט זיך נישט איבער מיין פאַרגלייך — האָט זי שוין גענומען רעדן דירעקט צו מיר — אָפט שטייט מיר פאַר די אויגן, ווי עס פאַלן־איין הויכע פאַבריק־קוימענס און רויטע ציגל פאַלן מיט אַ בראַזג... איך זע פאַר זיך געטאָ, ווי איך ווער געפירט פון טאַטע־מאַמע, און זיי בעטן מיך: 'גיי, מיין קינד, ראַטעווע זיך. אַ יונג לעבן איז טייער. מיר גייען צוריק אין באַהעלטעניש — נישט פאַר אונדזערע כוחות צו לויפן'...

„איך בין אַוועק אויף דער צווייטער זייט וועלדל, וואו ס'האָט זיך געפונען אַ וואַסער־מיל. דאָס ראָד, געדענק איך, האָט זיך נישט געדרייט. בלויז שווערע טראָפנס וואַסער זיינען געפאַלן פונעם ראָד, ווי טרערן... נישט ווייט איז געשטאַנען אַ שיף הייזל מיט אַ שטרויענעם דאַך. איך האָב אָנגעקלאַפּט. עס איז אַרויסגע־קומען אַן אַלטע פויערטע אין אַ שווערן קאָפּ־טיכל. דערזען מיך, האָט זי זיך איבערגעצלמט מיט שרעק, אָבער זי האָט באַלד פאַר־שטאַנען וועגן וואָס איך בין געקומען און זי האָט מיך אַריינגע־נומען צו זיך.

„שפּעטער האָט מיך דער פויער אַראָפּגעלאָזט אין אַ אויסגע־טרוקנטן ברונעם, וואו איך בין אָפּגעלעגן ווער ווייסט ווי לאַנג... דעם פויערס טאָכטער פלעגט מיר יעדן טאָג אַראָפּלאָזן מיט אַ שטריק אַ זעקל שפּייז, ווי מן פון הימל. נישט איין מאָל האָב איך אין אַנגסטן געהערט די „קאַפּאָס״ אינדרויסן שרייען: 'וואו איז זי? איר, הינט, האָט זי דאָ ערגעץ באַהאַלטן!' אָבער די גוטע מענטשן האָבן געשוויגן, ווי איך וואָלט געווען זייער אייגן קינד...

„אַזוי זיינען אַוועק טעג און נעכט, וואָכן און חדשים — ווי אין אַ קאָשמאַר...

„איך געדענק בלויז, ווי אַ רויט־אַרמייער האָט מיך אויף זיינע פּלייצעס געטראָגן און מיך איבערגעגעבן אין שפּיטאָל צו אַ קראַנקן־שוועסטער, וועלכע האָט מיך מיט אַזויפיל צערטלעכקייט און מו־טערלעכע ליבע באַהאַנדלט"...

לילי האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן, ווי זי וואָלט וועלן זיך אי־בערצייגן, צי קאָן איך גאָר גלויבן דאָס אַלץ.

„און ווי אַזוי...", האָב איך קוים אָנגעהויבן רעדן.

„ווי אַזוי איך בין געקומען אַהער? מיינער אַ ברודער אין דער 'סאָוט' האָט מיך אַריבערגעבראַכט קיין אַמעריקע. ער און מיין שוועגערין האָבן מיך אויפגענומען זייער פריינטלעך, און אין אָנ־פאַנג מיך אַפילו זייער גוט באַהאַנדלט. כאָטש דאָס לעבן דאָרט איז געווען זייער לאַנגווייליק. לוקסוריעז, און פּוסטע געשפּרעכן, — מלחמה־נגידים... אָבער איך בין זיי געווען דאַנקבאַר — פאַרט אַ מענטשלעך לעבן.

„שפּעטער אָבער האָב איך באַמערקט, אַז מיין שוועגערין גייט אַרום עפּעס אָנגעבלאָזן, נישט צופרידן. אפשר האָט זי געמיינט, אַז מיט דעם אַריבערברענגען מיך קויפט זי זיך איין אַן אומזיסטע דינסט — איך ווייס ניט. עס האָט מיר אַפילו אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז אויך מיין ברודער טוט שוין באַנג וואָס ער האָט מיך אַהער אַריבערגעבראַכט פונעם „די. פּי.־קעמפּ". וואָרום פּלוצים האָט ער אָנגעהויבן מיר איינרעדן איך זאָל לאָזן אַראָפּנעמען דעם אויסגע־ברענטן לאַגער־נומער פון מיין אָרעם. אויך מיין שוועגערין איז צוגעשטאַנען: עס פּאַסט ניט פאַר לייטן — האָט זי געטענהט — שוין צייט צו פאַרגעסן 'דהי אָלד קאַנטרי'. איך האָב עס נישט גע־קאָנט באַגרייפן. איז דאָך דאָס דער סימבאָל פון זעקס מיליאָן אומ־געקומענע יידן, — — ווי לאָזט זיך דאָס פאַרגעסן?... אָבער זיי האָבן אויסגעפירט... איר זעט"...

לילי האָט לייכט פאַרקאַטשעט איר אַרבל און מיר געוויזן אַ ווייס פּלאַסטערל אויף איר אָרעם, וואָס איז נאָך נישט געווען אינ־גאַנצן פאַרהיילט נאָך דער אָפּעראַציע.

„איך האָב דאָס שוין לאַנג געוואָלט אַראָפּנעמען, — האָט זי

ווייטער גערעדט מיט ווייטיק — נאָר עפּעס שרעקט מיך. איך האָב מורא צו זען, ווי מען האָט ביי מיר צוגענומען אַ הייליקייט...

„לענגער אין הויז ביי זיי האָב איך נישט געקאָנט פאַרבלייבן. איך האָב בלויז געבעטן מיין ברודער אויף הוצאה קיין ניו־יאָרק און עטלעכע דאָלער, איך זאָל קאָנען זיך דורכלעבן די ערשטע טעג אין אַ פרעמדער שטאָט. גלויבט מיר, אַז עס איז מיר זייער שווער געוועזן דאָס ביי אים צו בעטן — אָבער דאָס איז דאָך אַלץ ביליקער פאַר זיי, ווי איך זאָל זיי 'אָפּעסן דעם קאָפּ', און זיי נאָך 'פאַר־שאַפן בושות'...

„און אָט בין איך דאָ. איך האָב אויפגענומען אַ קורס אין ענגליש. איך וועל אויסלערנען אַביסל די שפּראַך, וועל איך מסתם זיך דערשלאָגן צו עפּעס אַ באַשעפטיקונג. אָבער— איר פאַר־שטייט — דאָס פאַרדריסלעכסטע דערביי איז: זיי האָבן גאָרנישט געלערנט פון אונדזער אומגליק"...

# אין קאַלײדאָסקאָפּ

דער טאָג איז געװען אַ װאַרעמער, די לופֿט ריין, װי קרישטאָל. אין פּאַרק האָט געשמעקט מיט בלומען און גראָז. בחורים און מײדלעך האָבן, אין לאָדקעס מיט אַראָפּגעלאָזטע קאָלירטע דעכלעך, געפּליוסקעט מיט די װיעסלעס איבערן שפּיגלאַרטיקן טײך און געװאָרפן „פּאָפּ־קאָרן" פֿאַר די יונגע, נאָר־װאָס געבױרענע קאַטשקעלעך און זײערע טאַטע־מאַמע באַגלײטער.

אַ קראַנקן־שװעסטער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק אין שאָטן, זיך אײנגעהילט אין דער ברײטער, בלויער פּעלערינע, װאָס איז געהאָנגען אויף אירע מידע אַקסלען, און טיף אײנגעאָטעמט דערפֿרישנדיקע לופֿט.

אויפֿן װײכן גראָז האָבן האַלב־נאַקעטע לײַבער זיך געבאָדן אין זון. ייִנגלעך און מײדלעך האָבן דורכגעקרײצט דעם פּאַרק, זיך געהאַלטן פֿאַר די הענט, קינדעריש געװיגט מיט זײ און געזוכט אַן אָפּגעלעגן װינקל, אָדער אַ באַנק פֿאַר זיך.

אַ יונג פּאָרל האָט װי פֿאַרבײגעשװעבט, אַרויף אויף אַ בערגל, אויסגעשפּרײט אַ רויטע קאָלדרע אויפֿן גרינעם גראָז נעבן אַן אַלטן בוים, זיך אַװעקגעלײגט און מיט פֿאַרליבטער צערטלעכקײט זיך געקוקט אין די אויגן.

נעבן פֿאָנטאַן האָט אַ מענטש אין אַ פֿלאַנעל־געשטרײפֿטן העמדל געשאָטן קערנדלעך פֿאַר טויבן, װעלכע האָבן מיט װאָרקעריי־געפּילדער זיך געװאָרפֿן אויף דער שפּײַז און גאַרנישט מעשה טויבן זיך געריסן דעם ביסן פֿון מויל. די מער געװאַגטע האָבן געפּלאָטערט איבער דעם מאַנס קאָפּ, זיך באַזעצט אויף זײַן האַנט און געפּיקט די קערנדלעך פֿון זײַן זשמעניע, פֿון װעלכן דער מאַן האָט שטאַרק הנאה געהאַט.

צװיי מיטל־יאָריקע מענער האָבן זיך געשפּילט אויף אַ שמאָל־

לאַנגן „קענו" און געשטיפּט מיט פאַרבייפאַרער. פּלוצים האָט דאָס שיפל זיך אַ בויג געטאָן אין אַ זייט, און איינער פון די מענער איז אַריין אין וואַסער. דער צווייטער האָט גענומען רופן הילף און געפּרואווט אים ראַטעווען. אַ מענטשן־געלויף — אַ סירענע האָט דורכגעשניטן די לופט — אַן אַמבולאַנס, אַ דאָקטאָר — אָבער אומ־זיסט — — אַ לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן...

דער ברעג פון טייך איז באַוואַקסן מיט עטלעכע פּאַלם־בוימער און קוסטעס, וואו פליענדיקע באַשעפענישן האָבן זייערע נעסטן און בריען דאָרט אויס זייערע אייער פאַר גאָטס באַשאַף.

אַ שווערע טשערעפּאַכע קריכט אַרויס פון וואַסער, שאַרט זיך מיט געלאַסענע טריט אויפן ברעג אַרויף, שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון שווערן פּאַנצער און קוקט זיך אַרום אין אַלע זייטן, — שפּירט־אויס, צי איר לעבן איז זיכער. אַ פּיצעלע טשערעפּאַכעלע, גרויס ווי אַ וועלטשענע נוס, טוט נאָך דער מאַמען, דראַפּעט זיך אויך אַרויס פון וואַסער, רוקט אויך אַרויס איר קליין קעפּעלע, אָבער ציט עס באַלד צוריק אַריין אין איר האַרטער שאָלעכץ, ווי זי וואָלט זיך איבערלייגט: — לוינט זיך איינצושטעלן ס'יונגע לעבן, כדי צו כאַפּן אַ קוק אויף דער שיינער וועלט?...

ביים ברעג שטייט אַ פרוי און וואַרפט אין וואַסער אַריין שטיק־לעך ברויט פאַר די וואַסער־באַשעפענישן. קליינע פישעלעך יאָגן־אָן און כאַפּן די ברויזנס.

אַ ווייסער, גרויסער פויגל מיט אַ פלאַם־פייערדיקן רויטן קאָפּ האָט זיך מיט אימפּעט אַ לאָז געטאָן פון אַ פּאַלמע־בוים, ווי אַ פייל אַריין אין וואַסער — און אָט יאָגט ער זיך שוין צוריק אין דער הויך מיט אַ פישל אין שנאָבל. נאָך אים יאָגט זיך אַ מחנה פייגל, גרייט צו פאַרפירן אַ מלחמה פאַרן ביסן פיש. אָבער זיי קאָנען גאָרנישט אויספירן. קערן זיי זיך אום מיט אַ געליאַרעם, אַ גע־פּילדער און קרייזן אַרום דער פרוי, איבערן טייך — זיי טשאַטעווען אויף אייגענעם רויב.

— מאַמע — צעוויינט זיך דער פרויס מיידעלע — וואַרף נישט קיין עסן אין טייך. אַ רחמנות אויף די קליינע פישעלעך...

אויף דער הילצערנער פּלאַטפאָרמע, וואו ס'קומען־פאָר שטאָ־טישע קאָנצערטן, איז געזעסן אַן עלטערער מאַן מיט אַ מאַנדאָלינע

און געשפּילט פּאָלקס־מעלאָדיעס. אַרום אים איז געשטאַנען אַ גרו־פּע אַרבעטלאָזע און מיט פאַרגעניגן זיך צוגעהערט.

אַ גוט־געקליידעטער מאַן, מיט פולע, אָנגעפּרעסענע באַקן, האָט זיך אַריינגעריסן אין דער גרופּע, האָט אַ ווײַלע זיך איינגעקוקט אין דעם מאַנדאָלינע־שפּילער און דערנאָך זיך געווענדט צו די אַרומיקע:

„אין מיין לעבן האָב איך שוין עטלעכע מאָל דורכגעקרייצט ס'לאַנד; נישטאָ אַ ווינקל, וואו מיינע פיס זיינען נישט געווען. אַ וואונדערבאַר לאַנד אונדזערס. נאָר וואו מען קומט איצט, טרעפט מען 'קאַיקס', וואָס פאַרפּעסטן די לופט״.

דער עולם האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס ער מיינט — וואָס עפּעס פּלוצים?...

„אַמאָליקע יאָרן — האָט דער מאַן ווייטער גערעדט — האָבן זיי זיך געהאַלטן אין ניו־יאָרק, אין די בראָנקס, בראָנזוויל, קאָני איי־לאַנד... אַרבעטן גייען זיי נישט, אין מלחמה אויך נישט — ביזנעס־לייט! און שטופּן זיך אין די שענסטע שטעט״...

— וואָס מיינסטו? — פרעגט איינער פון די אַרבעטסלאָזע.

— איך מיין, וואָס איך מיין. ביי רוזוועלטן האָבן זיי זיך גוט איינגעוואָרעמט. איצט דאַרף מען זיי דערלאַנגען מיטן שטיוול, ווי ביי היטלערן.

— ביזט שיכור? — רופט זיך אָן אַ צווייטער.

— איך בין שוין גאָרנישט שיכור, איך ווייס וואָס איך רעד. זיי האָבן צוויי לענדער, פּאַלעסטאַין ענד ראָשאַ — זאָלן זיי גייען פון וואַנען זיי זיינען געקומען.

דער מאַנדאָלין־שפּילער איז אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע און מיט דער אויפגעהויבענער מאַנדאָלינע זיך געלאָזט גיין גלייך אויפן צעיוזשעטן בויאַן. יענער האָט זיך צוריקגעצויגן. אָבער בליצשנעל האָט דער מאַנדאָלין־שפּילער אים אַ פּאַק געטאָן ביי דער ברוסט, זיך אַ ווײַלע איינגעקוקט אין אים, און ענדלעך אים אַ שפּיי געטאָן אין פּנים.

דער עולם אַרום האָט אויסגעשאָסן מיט אַ הורא־געלעכטער.

— דאָס איז פאַר מיינע קינדער, וואָס זיינען געפאַלן אין דער לעצטער מלחמה, און פאַר מיינע זעקס מיליאָן אומגעקומענע ברי־

דער — האָט דער מאַן מיט דער מאַנדאָלינע אַ שעפּטשע געטאָן און זיך אָפּגעקערט פון אים.

***

מיט אַ צייט שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו זען אין אַ קליין טעאַטערל די פאָרשטעלונג פון לעאָ פויכטוואַנגערס „דער טייוול אין באָסטאָן". צוקוקנדיק זיך צו דעם פאַנאַטיזם, אינטריגעס, מוסרים און די „משפטים", וואָס זיינען פאָרגעקומען אין סוף פון זיבעטן יאָרהונדערט אין סעילעם, האָב איך געהאַט פאַר זיך אַ קלאָר בילד פונעם היינטצייטיקן „מכשפה־געיעג".

עס איז מיר קלאָר געוואָרן, ווי אַזוי אין אונדזער רייכן, באמת וואונדערלעכן אַמעריקע איז מעגלעך אין דער זעלבער צייט אי טיפע מענטשלעכקייט, אי אכזריות פון היפּאָקריטן, סיי דער הויכער טעכנישער מצב, סיי די טיפע מאָראַלישע געפאַלנקייט פון אַ טייל פון אונדזער יוגנט.

דאָס האָט מיך נאָך מער געשטאַרקט אין גלויבן, אַז מיטן פאָלקס ווילן וועט אָפּגערייניקט ווערן דאָס פסולת אין אונדזער לאַנד, וואָס קאָן ווערן אַ מוסטער פון סאָלידאַרן צוזאַמענלעבן פון די פאַרשידנסטע ראַסן און פעלקער, צווישן זיי אויך דאָס יידישע פאָלק.

זאָל דאָס געפלאָגטע איראָפּע זיין אַ וואָרענונג פאַר אַלע מלחמה־צינדער און אַ דערמאָנונג און דערמוטיקונג פאַר די אַלע, וואָס זיינען גרייט צו קעמפן פאַר אַ פרייער וועלט.

## מיין אויפריכטיקן, האַרציקן דאַנק

## צו אַלע ביישטייערער

### וועלכע האָבן דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון דאָזיקן בוך:

חיים אָרעשקעס עמאַ לאַזאַרוס קלוב
טשענסטאָכאָווער און אומגעגנט פאַריין
פעדעראַציע פון פּוילישע יידן
שיקאַגער קולטור קלוב
אברהם רייזען לייען־קרייז
לאַטינער אַמעריקאַנער סאָשל קלוב
י. ל. פּרץ לייען־קרייז
דוד בערגעלסאָן לייען־קרייז
מאָריס און סערא צענטנער
יוסף און סאָניע קאַראַבעלאָ
פייגל און סיימאָן ראַטשער
אייב און רוט קאָרן
אידיט און שלמה בעלסקי
מעקס און בלימע גראָסבערג
מלך און מאַשע ניזשינסקי
משה און לאה בלום
לובא און נייטן הורוויץ
אסתר און שמואל מילער
מעקס סילווערמאַן
ראָז און מאיר גאָלדין
רעגינאַ גאָלדראַט
אברהם און יאַנע פאַלאַנסקי
ב. מ. בענדאַט
יוסף קאָרן
סערע און זשאַק גוטפריינט
נ. קרופּין
דזשייקאָב ראָסנער
י. בערגמאַן
יעקב אשפּיז
נייטן רובין
רחלע און אַדאָלף ליבערמאַן
דעיוויד און בעסי לערמאַן
סעם און לאה קלאָפּערמאַן
רעימאָנד אוןביילע ראָז
מ. ראַטענאָוו
ז. בונין
דזשעק זשאַרגאָווסקי
א. ארקין
טשאַרלס גראַנאַך
וויליאַם פּעוזנער
אהרן און אידיט גאָרעליק
ב. ווילינגער
הערי גאָלדשטיין
הערי און עלקע ווילענסקי
מערי און דזשעק פּאַלמער
מענדל און בעקי קאַנטאָר
סעם פעדערמאַן
מעקס און טעסי פּעפּער
נייטן שאַפּיראָ
מאָריס און פּאָליע געלער
הערי און מעי גראַומאַן
אייב און שרה וויקטאָר
דזשאָרזש גולט
ראָוז און שמואל ראָזענפעלד
שמואל און איווא פראַנצבלו
ביטריס דעגלין
גינא מעדעם
ז. וויינפּער
יעקב מעסטל
י. א. ראָנטש
דר. י. טאַלמי
יוסף און פראַניע ווייס
לאָטע מלאך
שפרה און לואיס ווייס
משה און חוה וויינשטיין
דאָרא בייראָק
מיני און סעם קוירן
טשאַרלס פרידמאַן און פרוי
ס. איזביט
ביל און פרידאַ פאָזנער
סילוויאַ און ראלף פאָזנער
סעגאַל

אידא און ל. באנק
אידיט נאָוויק
ש. ה. דינאָוויץ
ח. גרילער
הערמאַן רייזמאַן
א. לעוויט
י. ראָזמאַן
מאָלדאווער
דזשייקאָב בערגמאַן
ש. סאפיער
שמעון און לאָלאַ ניזשינסקי
היימי באַלזער
איזידאָר און פעני פיינצימער
עטל טשערנאָוו
מעקס און בעקי בערגמאַן

**רפאל פאָזנער**